בערטא פערדערבער־זאלץ

# און די זון האט געשיינט



פאַרלאַג „ה מ נ ו ר ה" תל־אביב
תשכ"ה — 1965

BERTA FERDERBER-SALZ

# UN DI ZUN HOT GESZAJNT

ב ע ר ט אַ  פ ע ר ד ע ר ב ע ר ־ ז אַ ל ץ

# און די זון האָט געשיינט



„HAMENORA“ Publishing House
24, Zangwill Str. Tel-Aviv, Israel.

פאַרלאַג „המנורה״, רח׳ זנגביל 24, תל־אביב, ישראל.



נדפס בישראל תשכ״ה
Printed in Israel 1965

קואופרטיב עובדי הדפוס הכללי בתל־אביב בע״מ השוק 26, טל. 821801

# אַרײַנפֿיר

אין מײַן כראָניק, וואָס איך האָב אָנגעהױבן צו פֿאַרצײכענען שױן נאָך דער באַפֿרײַאונג, האָב איך זיך אומגעקערט אין זכרון צו יענער צײַט פֿון פּײַן, אומקום, אויסדויער. נישט מיטאַמאָל זענען די געשעענישן געקומען צוריק. אָפֿט האָבן טײל זיך אַרױסגערוקט אין פֿאָדערגרונט, הגם זײ זענען געשען שפּעטער. דעריבער װעלן אין דעם בוך געװיסע עפּיזאָדן און געשעענישן נישט איבערגעגעבן װערן אין לױפֿנדיקן כראָנאָלאָגישן סדר. אין אַלגעמײן איז אָבער די כראָניק טאַקע געשילדערט אין דער אָרדענונג פֿון זײער פֿאַרלױף.

איך דערמאָן אין די פֿאַרשידענע קאַפּיטלען זײער פֿיל נעמען. אַ גאַר גרױסע צאָל רוף איך אָן מיט זײערע ריכטיקע נעמען, דאָס זענען פֿערזאָנען, װאָס פֿיל פֿון די לײענער װעלן זײ קענען. בײַ אַ טײל האָב איך מיך אָבער געמוזט באַנוצן מיט צוגעטראַכטע נעמען. איך האָב עס געטאָן צוליב אַ רײ, פּשוט מענטשלעכע טעמים. פֿאַראַן סיטואַציעס, װאָס די געגעבענע פּערזאָן װאָלט איצט אפֿשר געהאַט אומאָנגענעמלעכקײטן, עגמת־נפֿשן און משפּחה־שװעריקײטן.

עס איז אױך מעגלעך, אַז איך האָב אין געװיסע ערטער בכלל דורכגעלאָזן און נישט דערמאָנט פּערזאָנען, װעלכע װאָלטן יאָ גע־דאַרפֿט אַרײַנגעפּלאַכטן װערן אין די געשעענישן. אױב דאָס איז געשען איז עס נישט געטאָן געװאָרן בכוונה — די דאָזיקע זענען פּשוט אַרױס פֿון זכרון. װעלן מיר די דורכגעלאָזטע זיכער פֿאַרגעבן.

מײַן פּײַן־ און אױסדױער־כראָניק דערשײַנט צום 20טן יאָרטאָג זינט עס איז באַפֿרײַט געװאָרן, דורך דער ענגלישער אַרמײ, דער

אומקום-לאַגער בערגען-בעלזען און איך בתוכם. בין איך צופרידן, וואָס איך קאָן איצט די דאָזיקע זאַכן „דערציילן אין פריידן", אָבער עס דריקט נאָך אַלץ אויף מיין געמיט די דאָזיקע צייט, נאָכמער וואָס היינט, 20 יאָר נאָך יענער באַפרייאונג, איז נאָך אַלץ די וועלט נישט באַפרייט פון דער דייטשיש-נאַצישער ירושה. היינט לעבן נאָך דאָ און דאָרטן גרופּן און יחידים, וועלכע וואַרטן אויף אַ צווייטער געלעגנהייט אָנצוהייבן נאָכאַמאָל די „נאַכט פון לאַנגן מעסער". — 20 יאָר נאָך דער היטלערישער מפּלה — זיצן די נאַצישע וויסנ-שאַפטלער אין מצרים, הינטער דעם רוקן פון ישראל, און שלייפן טאָקע די כלי-זין פאַר דער דאָזיקער „נאַכט" וועגן וועלכער זיי חלומען. היינט — 20 יאָר נאָך דער באַפרייאונג — טראָגט מען אונטער די מערדערס אַ מתנה — דעם געזעץ פון סליחה און מחילה.

וועט אפשר מיין כראָניק זיין אַ צושטייער פאַר דעם, אַז מיר זאָלן די דאָזיקע זאַכן זען אין זייער ריכטיקער שיין. זאָל דער בלוט-פינצטערער נעכטן זיין אַ וואָרענונג פאַרן היינט און פאַרן מאָרגן.

★

לסוף וויל איך באַדאַנקען דעם וועלט-פאַרבאַנד פון די בערגען-בעלזענער, מיט זייער פאָרזיצער יוסף ראָזנזאַפט בראש, פאַר זייער מיטהילף ביים אַרויסגעבן מיין בוך.

★

איך וויל אויך גאָר אויפריכטיק דאַנקען דעם שרייבער מרדכי וו. בערנשטיין, וועלכער גיט זיך אָפּ מיט דער פאָרשונג פון אונדזער בלוטיקער געשיכטע, פאַר זיינע אָנווייזונגען ביים דורכקוקן דעם מאַנוסקריפּט.

ב. זאַלץ-פערדערבער

# דורך אלע וועגן פון אומקום

**אַ פּאָר ווערטער וועגן בערטאַ פּערדערבער־זאַלץ׳ס כראָניק.**

ווען פרוי ב. פּערדערבער־זאַלץ האָט מיך געבעטן דורכצוקוקן אירע כראָניק־פאַרצייכענונגען פון די חורבן־יאָרן, האָב איך די בלעטלעך גענומען מיט אַ געוויסן פאָרבאַהאַלט. פון פאָרויס האָב איך געהאַט באַוואָרעניש — דער עיקר, וואָס קאָן מען מחדש זיין אין דער חורבן־געשיכטע.

שוין פון די ערשטע זייטלעך, וואָס איך האָב דורכגעלייענט, האָב איך געזען, אַז מיר האָבן דאָ אַ נייעס אין דער שפע פון אונדזער שוין פאַרשפּרייטער חורבן־ליטעראַטור. ריכטיקער, עס זענען אין די קאַפּיטלעך פון „און די זון האָט געשיינט״ פאַראַן **פיל נייעסן.**

הגם די כראָניקערין דערציילט וועגן אירע **פּערזענלעכע** איבערלעבענישן האָבן מיר דאָ פּאַקטיש אַ גאַר **ברייטע** גאַמע — סיי פון די ערטער, סיי פון דער סביבה וואָס זי האָט געזען, באַאָבאַכטעט און מיט טאַלאַנט פאַרצייכנט. **זי** איז טאַקע פאַראַן אין די געשעענישן, **זי** איז טאַקע אין מיטן פון די גרוילן, אָבער מיר זעען די **הונדערטער** יחידים און גרופּן, אין זייער פאַרשידנקייט פון שטייגער אין דעם פריערדיקן טאָג־טעגלעכן לעבן, און די אומוואַנדלונג אין דעם געמיינזאַמען קעסל פון די גיהנום־געשעענישן.

מיר האָבן דאָ אין בוך, וואָלט איך געזאָגט, דעם **גאַנצן** סכום פון **אַלע** מינים פּיינען און ליידן פון אונדזער אויסגעקוילעטן פאָלק.

אָנגעהויבן מיט די שילדערונגען **פון ערב־חורבן,** אין פאַרהעלטניש־מעסיקע רואיקע, אין טייל פאַלן און ערטער אפילו אידעאַלע, לעבנס־באַדינגונגען פון די יידן אין גאַליציעשע שטעט און שטעטלעך, אַנטוויקלט זיך די כראָניק אַלץ ווייטער און טיפער אין דעם ליידן־וועג פון פּוילישן יידנטום מיטן אָנהייב פון דער מלחמה אין 1939 און מיר זעען אַלע פאַזן פון חורבן — פון די ערשטע גזירות ביז דער טאָטאַלער פאַרטיליקונג.

מיר האָבן דאָ אַלע **מדורים** פון דעם נאַציזשן גיהנום:

געטאָס, לאַגערן, קרעמאַטאָריעס, דאָס „אייביקע פייער״ פון פאַרלענדונג. ס׳זענען דאָ אויך אַריינגעפלאָכטן קאַפּיטלען פון **פאַרשלייערטן** יידישן ווידערשטאַנד־פראָנט. פאַרטיזאַנער־געשיכטעס און די **פיינלעכע,** שווערע, ריזיקאַלישע עפּאָפּעע פון „יענער״ זייט — דער גורל און פּלאָג אויף „אַרישע פּאַפּירן״. אין די אַלע מאָמענטן, ווו עס ווערט געגעבן די

**פאָטאָגראַפיע** פון חורבן, איז אויך פאַראַן די קינסטלערישע **ראַם**, דער **אופן** ווי דאָס אַלץ ווערט געשילדערט.

נאָך מער:

מיר ווייסן שוין וועגן די פאַרטיליקונגס־ערטער: פלאַשאָוו, אוישוויץ, בערגען־בעלזען. מיר ווייסן פון דעם **קאָלעקטיוון** אומקום. אין דער כראָניק פון פערדערבער־זאַלץ זעען מיר אויך דעם יחיד — דעם איינצלנעם קרבן און זיינע ראַנגלענישן. צווישן דעם **וואַלד** פון יידישן פאָלק וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן, האָט זי געזען יעדן אונטערגעזעגטן **בוים...**

פון גאָר באַזונדערן ווערט איז דער טייל וואָס דערציילט וועגן די וואַנדערונגען איבער גרענעצן, צווישן די באַזונדערע „זאָנעס" שוין נאָך דער באַפרייאונג; דורך די סאָוויעטישע און אַנדערע עטאַפּ־פּונקטן פון „טוואָקואירטע", ווו זי האָט געדאַרפט ווידעראַמאָל פאַרבאַהאַלטן איר יידישן אָפּשטאַם. די דאָזיקע מאָמענטן זענען זעלטן אָפּגעשפּיגלט אין דער חורבן־ליטעראַטור.

מיט דער כראָניק פאָרן מיר אַריין אין ערטער, שטעט און שטעטלעך, פון יידישן גאַליציע, וואָס האָבן נאָך ביז היינט נישט זייער גואל: וואָס וועגן זיי האָט נאָך די חורבן־ליטעראַטור נישט דערציילט. וועלן דעריבער די דערציילונגען וועגן גראָדזשיסק אין גאַליציע, קאָלבושעווע, ליזשענסק און אַנדערע ערטער זיין די ערשטע, און דערווייל איינציקע מקורות פון זייער אומקום.

אחרון־אחרון:

די וואונדער־עפּאָפּעע מיט דער רעטונג פון אַ צאָל יידישע קינדער, אירע אייגענע און פרעמדע. די דאָזיקע געשיכטע פון די קרוב צענדליק יידישע קינדער, וועלכע זענען דורך אַן אַ שיער ניסים און צופאַלן, גילגולים און געפאַרן, אַרויס גאַנצע פון די פיל גיהנומס — איז ממש אַ וואונדער־מאַטעריאַל פאַר אַ שפּאַנענדיקן פילם.

אין אַלגעמיינעם סך־הכל:

דאָס בוך פון בערטאַ פערדערבער־זאַלץ פירט אונדז דורך אַלע וועגן פון אומקום; ווי אַזאַ, וועט ער פאַרנעמען אַ גאַר אָנגעזעענעם פּלאַץ אין אונדזער אַזוי צעצווייגטער איכה־ליטעראַטור. איך ווילן, אַז דורך דעם בוך זאָל דערהערט ווערן דער דערשטיקטער מיליאָנען־קרעכץ אויף דער ערד, ווען אויבן האָט **געשיינט די זון**, איז דערגרייכט געוואָרן.

דאָס בוך איז נאָך אַ צווייגל צום דערנער־קראַנץ אויפן מאַרטירערישן פּיל־מיליאָניקן קאָפּ פון אונדזער פאַרפּייניקטן פאָלק.

**מרדכי וו. בערנשטיין**

# אינהאַלט:

זייט





# ווידמונג:

דאָס בוך איז געווידמעט צו די קינדער — מיינע קינדער און אַלע יתומים־קינדער, מיט דער גרעסטער ליבשאַפט פון אַ מוטער.

מיינע אלע הארץ־געליבטע קינדער
פונקען פון די פייערן־אפגעשפרונגענע,
איר ניסימדיקע, דער באווייז פון וונדער,
דאך נישט אלע אויפגעקליבענע...

צעוואקסט אייך פונקען אין א גרויסע ליכטיקייט,
דערציילט „זיי" ווי אזוי איר האט אויסגעמיטן
דעם אומקום,
אין זייער חשכות באווייזט אייער ציכטיקייט,
אבער איר, נישט פארגעסט דעם שבעתיים ינקום...

דער מחבר

# מ י ר — זענען שוין פריי

אָנהייב מאַי, 1945, אין בערגען־בעלזען.

עס איז שוין נאָך אונדזער באַפרייאונג. עס איז אַ זוניקער מאַי־טאָג. וואָס קאָן זיין נאָך שענער ווי זיצן ביים ראַנד פון אַ יונג סאָסנע־וועלדל און פילן, אַז דו האָסט שוין מער נישט אַרום זיך — נישט קיין אויפזעער, נישט קיין „עס־עס״־מענער, נישט קיין דראָטן; עס לויערט שוין מער נישט דער ברוטאַלער טויט. זעסט אַרום זיך די צעשפּילטע פייגל און הערסט זייער געזאַנג: — מיר זענען פריי! די לופט איז אַזוי מילד און שמעקעוודיק, אָבער וואָס גייט עס מיך אָן? צי איז די פרייהייט פאַר מיר?

איך פיל אין יעדן קראַנקן אבר מיינעם, אַז דאָס איז נישט פאַר מיר, אויך נישט פאַר די אַנדערע ווי איך. איך זע נאָך אַלץ דעם קאָשמאַר פון נעכטן. אין דער צעשפּילטקייט פון פרילינג זע איך נאָך דאָס טויטע, גרוי־שוואַרצע פאַר מיר. אַ באַווייז פאַר דעם איז דאָס, וואָס אָט זענען מיר שוין צוויי וואָכן נאָך דער באַפרייאונג, וואָס איז פאַר אונדז געקומען דעם 15טן אַפּריל, און אין דעם „אַלטן לאַגער״ האַלט מען נאָך אַלץ אין איין פירן, אפשר נאָך מער ווי פריער, פולע וועגענער אָנגעלאָדן מיט טרוקענע סקעלעטן. אויף די אָפענע, צוויי־רעדערדיקע, טרעגער־וועגעלעך ליגן זיי די „באַפרייטע״ מיט אַראָפּגעהאָנגענע קעפּ... מיט שוואַרצע, בלאָנדע און רויטע האָר...

דאָס בילד לאָזט מיך נישט אָפּ. נישט אין שלאָף, נישט אויף דער וואָך. איך זע נישט די מאַי־גרינקייט, נישט דעם בליט און צוויט פון פרילינג.

יאָ, עס איז פאַראַן אַן אונטערשיד פון די איצטיקע „לוויות״ און די פריערדיקע. היינט שלעפּן דייטשן די וועגעלעך מיט די אויסגעשטאַרבענע נאָך דער באַפרייאונג. פריער האָבן מיר דאָס געטאָן. איז וואָס?... יענע

זענען אַוועק אין די מאַסן־קברים און די גייען אויך אַהין — אין די זעלביקע מאַסן־גריבער...

*

נאָך דער באַפרייאונג בין איך נאָך געווען אין „אַלטן לאַגער" פולע צוויי וואָכן. געוועזן זענען עס די זעלביקע באַדינונגען פון פריער. די ווערים פרעסן; דער טיפוס ברענט; נישטאָ קיין ממשותדיקע מעדיצינישע הילף. איך בין אָבער געווען פריי! ווי אַ חיה אויף אַלע פיר בין איך אַרומגעע־קראָכן פון איין באַראַק צום צווייטן. געוואָלט אויפזוכן נאָענטע, אולי, אפשר איז געשען אַ נס; אפשר איז עמעץ אַרויס גאַנץ פון גיהנום. ווייט בין איך אָבער נישט דערקראָכן, עס איז אָנגעקומען מיין שוועסטערן־טאָכטער סאַבינע. זי האָט מיך צוריקגעפירט אין באַראַק אַריין. זי האָט מיר דער־ציילט די ענדערונג, די פריידיקע נייס, אַז מיר זענען אויף אַן אמת פריי! מיר דאַרפן זיך נאָר אָננעמען מיט כוח, כדי צו פאַרדייען די פרייהייט...

איך האָב נאָר געפרעגט: — וואָס הייסט מיר זענען פריי? וואָס מיינט עס מיר האָבן געזיגט? מיט וואָס? דער טיפוס האָט מיך אָבער נישט גע־לאָזט לאַנג זיך גריבלען אין די דאָזיקע פראַגעס...

נאָך צוויי וואָכן קאַראַנטין האָט מען אונדז גערייניקט מיט ד.ד.ט.־פולווער און אַריבערגעפירט אין דעם „נייעם לאַגער", וווּ איך געפין זיך איצט. פריער איז דאָ געווען אַ דייטשישער מיליטער־לאַגער. אַ גרויסער געצוימער שטח מיט געוויינלעכע מיליטערישע קאַזאַרמעס. זיי זענען אויס־געבויט אין מיטן וואַלד, וווּ וועגן און שטעגן זענען אויסגעפלאַסטערט מיט אַספאַלט. אָן אַ זייט שטייען איין־שטאָקיקע הייזער, ווילליעס. דאָ האָבן דאָס געוווינט די נאַצישע אָפיצירן.

אין די געוויינלעכע קאַזאַרמעס האָט מען איינגעאָרדנט שפּיטעלער. דער גאַנצער שטח איז אַרומגעשטעלט מיט גרויסע וואָרנונגס־אויפשריפטן — דאָס איז פאַר די ענגלישע סאָלדאַטן וואָס האָבן אונדז באַפרייט. עס ווערט געוואָרנט, אַז די גאַנצע געגנט איז פאַרפעסטעט מיט טיפוס.

אין די קאַזאַרמעס איז שוין נישט געווען קיין פּלאַץ, האָבן מיר באַ־קומען אַ געוועזענע אָפיצירן־הויז... אַ פּאַלאַצל אין דעם סאָסנע־וואַלד.

איך קאָן שוין מיט אייגענע כוחות אַרויסגייך פון הויז, און איך זיץ ביים ראַנד פון וואַלד און קוק אויס מיינע אויגן, אפשר וועט ווער קומען.

איך האָב שוין פון פריער געוווסט, אַז מיין מאַן איז אין 1944 אומגעקומען אין אוישוויץ. איך ווייס שוין אויך, אַז מיין גאַנצע משפחה, ביז הונדערט נפשות, זענען שוין מער נישטאָ. יעדער איז אומגעקומען מיט אַן אַנדער סאָרט טויט. מיין לעצטע שוועגערין, וועלכע האָט די גאַנצע צייט אויסגעהאַלטן בעלזען־בערגען, איז שוין נאָך דער באַפרייאונג אויסגעגאַנגען. נישט געקאָנט פאַרדייען די פרייהייט.

אַ וואָרעם טאָטשעט כסדר אין האַרצן. איך האַלט אין איין איבערחזרן צו מיין איין־איינציקן משפחה־גליד, צו מיין שוועסטערן־טאָכטער סאַבינע און צו זיך אַליין: — וואָס איז געוואָרן מיט די קינדער, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן אין פוילן אונטער דער השגחה פון אַנדערע רוצחים? וואָס איז מיט זיי געוואָרן? וואָס איז זייער גורל?

די נאַטור, ווייזט אויס, טוט זיך איר אַרבעט און רעכנט זיך נישט מיט קיין געפילן, שטימונגען, געמיט. מיר זענען טאַקע געווען צעשרויפט, צערודערט, אָבער פיזיש האָבן מיר אָנגעהויבן צוצונעמען כוחות. די באַשפּייזונג, וואָס די ענגלישע סאָלדאַטן, אונדזערע באַפרייער, האָבן אונדז געגעבן, איז נישט געווען פון דאָס בעסטע, אָבער לעבנס־זאַפט האָבן זיי געהאַט. יעדער האָט אָנגעהויבן צוצונעמען אויף זיך מער לייב און אָנגעהויבן אויסזען ווי לעבעדיקע מענטשן. עס זענען צוביסלעך פאַרשוווּנדן די געשפּענסטער־געשטאַלטן.

איך זע ווי דאָס יונגוואַרג באַמיט זיך שוין צו פּוצן, אויסזען „לייטיש”, מען גייט אין די מאַגאַזינען צו באַקומען בעסערע מלבושים אָנצוטאָן זיך. יונגוואַרג לאָזט זיך אין די נאָענטע, דייטשישע דערפער־שטעטלעך און נעמען צו ביי די דייטשן וואָס זיי קאָנען, ספּעציעל — עסנוואַרג. די דייטשן, דאַן נאָך אַ ביסל צעטומלט פון זייער מפּלה, האָבן זיך צופיל נישט קעגנגעשטעלט. איך האָב מיין שוועסטערן־טאָכטער נישט געלאָזט מיטגיין צו די דאָזיקע אַוואַנטורעס. אָבער איינמאָל האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט, אַז איך וואָלט וועלן האָבן עפּעס אַ שאַרפע זאַך, כדי צו דערכאַפּן דאָס האַרץ... אַ ביסל עסיק, אַ שטיקל הערינג, אַ קאַפּעטשקע שנאַפּס, ווייל איך האָב

כסדר געפּילט ווי צו חלשן. איז מיין שוועסטערן־טאָכטער, אין אַ געוויסן טאָג, אַוועק אָן מיין וויסן, מיט אַ גרופּע, אין אַ דייטשיש הויז, וואָס איז שוין פריער געווען אויסגעפּלינדערט. די גרופּע איז באַשטאַנען בעיקר פון רוסישע פרויען און מענער פון לאַגער. (זיי זענען געווען ממש ספּעציאַ־ליסטן אויף „אויסליידיקן" הייזער). די דאָזיקע גרופּע האָט אַזוי באַאַרבעט דאָס הויז, אַז פאַר די יידישע קינדער איז גאָרנישט געבליבן. זענען זיי אַראָפּ אין קעלער און דאָרטן טאַקע געהאַט גליק; מיין שוועסטערן־טאָכטער האָט דאָרטן געפונען אַ שוואַרצע פלאַש. זי האָט דאָס געעפנט און אַ ריח פון שנאַפּס האָט אַ שלאָג געטאָן.

מיט גרויס גדולה איז זי געקומען צולויפן:

—מומעשי, איך האָב פאַר דיר שנאַפּס! אמתער שנאַפּס!

ווי אַ דורשטיקע האָב איך אַ כאַפּ געטאָן דאָס פלעשל און גענו־מען פון דעם אַ גרויסן זופּ. איך האָב געהאַט אַ פול מויל מיט מוראַש־קעס אָדער אַנדערע שוואַרצע ווערעמלעך. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין פלעשל איז געווען אַזאַ מין רפואה, וואָס דייטשע פרויען גרייטן צו איינצורייבן אַ פלייצע, הענט אָדער פיס, ווען זיי טוען וויי. די דייטשן פילן אָן אַ פלעשל מיט אַ ביסל צוקער און לייגן עס אַוועק לעבן אַ מוראַשניק. די מוראַשקעס קומען נאָכן צוקער און ווען זיי זענען שוין אין פלאַש אַ גרוי־סע צאָל, גיסט מען אָן די פלאַש מיט ספּירט.

דאָס איז געווען מיין ערשטע האַרץ־דערקוויקעניש. דאָס ערשטע מאָל האָב איך דערפילט, אַז מיינע חושים הויבן אָן צו אַרבעטן, אַז איך פיל שוין מיינע גלידער.

*

זיצנדיק אַזוי ביי דעם אָפיצירן־הויז אין שמעקנדיקן וואַלד האָב איך אָנגעהויבן פילן, אַז אויך מיין זכרון קומט מיר צוריק. איך הייב אָן צו זען קלאָרער די צייט פון מיין גיהנום. איך האָב זיך דערמאָנט וואָס איך האָב געלערנט אין תנ"ך, אין יחזקאל; פאַר מיינע אויגן איז לעבעדיק געוואָרן די וויזיע ווי אַזוי די טויטע ביינער פון דעם טויטן־טאָל הייבן־אָן ווערן לע־בעדיק... איך האָב אויף מיר און אויף אַלע מיינע לייד־חברטעס, געזען די פאַרווירקלעכונג פון יענער נבואה — די לעבן־געבליבענע סקעלעטן הייבן

אָן מער און מער נעמען אויף זיך לייב, זיי ווערן פון האַלבע מתים — לעבעדיקע מענטשן; זיי באַקומען צורות פון גאַנץ געשטאַלטן — און איך בין אין מיטן.

מיין שטימונג ווערט הייטערער, מיין גלויבן פעסטער, דער גלויבן אין לעבן. דאָס האָט די השגחה אונדז באַפוילן צו לעבן...

מיינע נאָכטראַכטענישן האָבן מיך געפירט ווייטער: — טאָ צו וואָס דאַרפן מיר לעבעדיק ווערן? אפשר טאַקע צוליב דעם, וואָס מען דאַרף אונדז אויף אַן אַנדער אָרט, ווייל אין דאָזיקן טויטן־טאָל האָבן מיר גאָרנישט וואָס צו טאָן?...

דעמאָלט האָט אַ געהיימע קראַפט מיך געטריבן און געגעבן חשק צו פאַרשרייבן אַלץ, וואָס איך געדענק. איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרצייכענען, מיט און אָן אַ סדר, אַלץ פון דעם נעכטיקן גהינום, און דערביי געגעבן אַ נדר מיינע נאָטיצן אַמאָל אַרויסצוברענגען פאַר דעם טאָג־ליכט. — אולי אספר מעשי־יה?

פון יענער צייט, שוין לאַנגע יאָרן, קאָכט עס אין מיר און לאָזט מיך נישט צו רו. איך קוק אויף די אָפּגעבליאַקעוועטע שריפט פון די באַלד שוין צעריבענע זייטלעך פּאַפּיר. עס מאָנט און לאָזט מיך נישט קומען צו זיך:

— פאַרוואָס שווייגסטו? און נישט נאָר דו, אויך אַלע געשלאָגענע, געפּייניקטע. פאַרוואָס נישט מאַכן אַ געמיינזאַמען געוואַלט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל דערהערן און דערפילן! אפשר וועלן די מענטשן פון דער מדבר־וועלט דערהערן אונדזער רוף; עס זאָל דערגיין צו אַלע טויבע אויערן, אַז אין דער צוקונפט זאָל אַזעלכעס נישט געשען!

פאַרצייכן איך אין מיינע נאָטיצן די כראָניק פון גהינום. ברעקלעך, קרישקעלעך פון אייגענער דערפאַרונג. אָבסערוואַציעס, איבערוואַנדלונגען, מעטאַרמאָפאָזן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין מענטשן. גוטע ווערן גרויזאַם און פאַרקערט, שטאַרקע ברעכן זיך איין, ווערן פאַרטיליקט און שוואַכע זענען געוואָרן מעכטיק און האָבן אויסגעהאַלטן.

*

מיש איך די נאָטיצן און פרעג זיך: ווו האָב איך גענומען כוח דאָס צו פאַראייביקן? ווידער און ווידער קומען אין זכרון יענע מאָמענטן, ווען

מען האָט זיך געפּילט ווי האַלב־לעבעדיקע סקעלעטן און מען האָט געזען ווי די שוואַרצע קראָען מיט זייערע שאַרפע שנאָבלען דרייען זיך פון אויבן און וואַרטן שוין אויפן קרבן אויסצופּיקן און אויפפרעסן זיין לייב.

עס האָט זיך פון זיך אַליין געשריבן... דאָס האָט דער ווײ פון די פּאַר־טיליקטע פריינד אַרויסגעשריען; דאָס האָט דער גרויל פון דער נאַצישער בעסטיאַליטעט געשאַפן די „מוזע". דאָס האָט אָבער אויך די השגחה אָנ־געזאָגט:

— ו ה ג ד ת — זאָלסט דערציילן. די וועלט מוז עס וויסן.

דאָס איז געווען דער פּרייז, וואָס דאַרף באַרעכטיקן אונדזער פרייהייט.

# דער חורבן רוקט זיך אָן

קראָקע, סעפּטעמבער, 1939.

דאָס גרויסע אומגליק איז דאָ. יעדער האָט געוווּסט און געפילט, אַז חוץ דעם וואָס דאָס לאַנד האָט אַן אָקופּאַנט און דאָס איז געווײנלעך ביטער פאַר דער באַפעלקערונג אין אַלגעמיין, זענען מיר אָבער, די 68000 יידן אין קראָקע, און אַלע אַנדערע יידן פון לאַנד, דער ציל פון דעם אָקופּאַנטס רשעות. מען האָט אָבער געהאַט האָפענונג: סטייטש! אַ וועלט זעט און הערט! מען וועט דאָך נישט סתם אומברענגען מענטשן, איבערהויפּט פרויען, קינדער. האָבן טאַקע בעיקר די מענער אָנגעהויבן לויפן אין דער ריכטונג צו מזרח. מיר האָבן טאַקע געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו וועלן לויפן קיין לעמבערג. מיין מאַן איז געווען באַשעפטיקט אין אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט געהאַט אַ פיליע אין לעמבערג. נאָר אַהין צו קומען, — און מיר זענען גע־ראַטעוועט. די דייטשן וועלן אַהין נישט קומען, קיין לעמבערג, ביז אַזוי ווייט וועלן זיי זיכער נישט קומען. מ'וועט זיי דען אַזוי ווייט לאָזן גיין? מיר האָבן דאָך אין דער וועלט גרויסע פאַרבינדעטע, די הילף וועט זיכער קומען יעדע מינוט.

אויך מיין שוועסטער האָט געהאַט משפחה אין לעמבערג. אַנשטאָט צו לאָזן די מענער גיין אַליין, זענען מיר אַלע געלאָפן פון קראָקע, און דאָס

באָמבאַרדירן איז שוין אָנגעגאַנגען אַ פּאָר טעג. אויף די וועגן זענען געווען, — האָט מען דערציילט, — מיליאָנען מענטשן, יידן און נישט־יידן, פּליטים און פּוילישע זעלנער. די היצן אין יענער צייט זענען געווען שרעקלעך. איך מיט צוויי קינדער, דאָס עלטערע 8 יאָר און דאָס קליינע 1 יאָר, האָב זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג מיט דעם קינדער־וועגעלע, מיטנעמענדיק די נויטיקסטע זאַכן פֿאַר די קינדער.

מיר זענען געווען מזלדיק, אַזוי האָבן מיר געמיינט, אויך אַנדערע מענטשן האָבן עס געזאָגט, ווייל מיר האָבן באַגעגנט אַ פּויער מיט אַ פערד און וועגעלע און אים איבערגערעדט ער זאָל אונדז פֿאַרקויפֿן דאָס געשפּאַן. ער איז איינגעגאַנגען אויף אַ מקח. מיין מאַן האָט אָבער נישט געקאָנט



1939, ערב דער מלחמה, אין קראָקע.
בערטאַ פערדערבער, איר מאַן משה (אומגעקומען אין אוישוויץ אין 1944)
און די צוויי קינדער רחל און רחבה.



די קינדער רחל און רחבה, אין קראָקע אויף דער אַרישער זייט, 1943.

פירן דאָס פערד, האָט ער אָפּגעמאַכט מיט דעם פויער, אַז ער באַצאָלט אים דעם פּרײַז, נאָר ער זאָל מיט אונדז פאָרן, און ווען מיר וועלן קומען צו אונדזער באַשטימטן פּונקט, וועט ער זיך דעם שפּאַן צוריקנעמען בחינם און פאָרן צוריק אַ היים. דער פויער איז אויך אויף דעם אײַנגעגאַנגען. געווען איז דאָס אַ זייער קליין וועגעלע, אַז מיר האָבן קוים געקאָנט אַרויף מיט דעם קינדס־וועגעלע. געבליבן זענען מיר שוין אַליין אָן די איבעריקע משפּחה־מיטגלידער, ווייל דורכגייענדיק די ערשטע פּאָר גאַסן, איז די מענטשן־מאַסע געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן זיך באַלד פאַרלוירן פון מיין שוועסטער און איר משפּחה.

אַרויסקומענדיק אויפן שליאַך האָבן מיר געטראָפן מאַסן מענטשן, ווי זאַמד און ערד. מען האָט זיך קוים געקאָנט רירן פון אָרט. חוץ דעם האָט מען געדאַרפט יעדעס מאָל אַראָפּשפּרינגען פון וועגעלע, כדי זיך אויסבאַ־האַלטן אין די זייטיקע פעלדער און וועלדער פון די גרויסע מחנות דייטשע באָמבן־אַעראָפּלאַנען. קוים שפּעט אין דער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אויסגעמאַטערט קיין באַכניע, אַ נאָענטע שטאָט לעבן קראָקע. מיר זענען אַריין אין אַ הויז, וווּ עס זענען געווען אַ פּאָר וווינונגען, אָבער ס'איז קיין לעבעדיקער נפש נישט געווען. ס'איז געווען פּוסט. זעט אויס, אַז די מענטשן זענען אַנטלאָפן. מיר האָבן פון דעם מיטגענומענעם שפּייז עפּעס געגעבן די קינדער און אַנידערגעפאַלן אויף די בעטן אין פרעמדן הויז.

ווי נאָר מיר זענען אַראָפּ פון וואָגן האָט אונדזער פויער, אַפילו נישט געפרעגט אונדז, געכאַפּט דאָס פערד און איז אַוועק.

אויף מאָרגן, אַ ביסל אויסגערוטע, זענען מיר אַרויס אויפן וועג צו לויפן ווייטער. דער מענטשן־שטראָם איז געווען נאָך גרעסער. מען האָט זיך קוים געשלעפּט. מיין מאַנס אַ ברודער, אַ יונגער בחור, איז געווען מיט אונדז. אויס רחמנות האָט מיך אַמאָל אַ מיליטערישער וואָגן אויפגענומען מיט די קינדער און אַ ביסל צוגעפירט. די פּוסגייער האָבן זיך אָן דעם וואָגן אָנגעהאַלטן. צוליב דער מענטשן־מאַסע האָט זיך דער וואָגן קוים גערירט פון אָרט. דאָס קינדער־וועגעלע איז געוואָרן אַ לאַסט און מיר האָבן עס אַוועקגעוואָרפן. די מגפה פון דער הויך האָט אונדז אַלץ נאָכגעפאָלגט. דאָס באָמבאַרדירן און שיסן איז געווען שרעקלעך. טויטע מענטשן און פערד

זענען געלעגן אויף יעדן שריט. מען האָט געמוזט אַראָפּשפּרינגען פון די וועגן יעדעס מאָל זיך אויסבאַהאַלטן. מיט גרויסע צרות איז מען אָנגעקומען קיין טאַרנע.

איידער מיר זענען אַרויס פון קראָקע האָט מיין מאַן אָנגעזאָגט אין דעם געשעפט, אַז מיר גייען אין דער ריכטונג פון טאַרנע. ער האָט געבעטן, אַז אויב עס וועלן זיך צוריקקערן עפּעס פון געשעפט לאַסט־אויטאָס, זאָל מען אונדז נאָכשיקן אַן אויטאָ קיין טאַרנע, אויף אַ געוויסן אַדרעס, כדי צו העלפן אונדז פאָרן ווייטער. אַזוי איז טאַקע געשען. אָנקומענדיק קיין טאַרנע האָבן מיר שוין געפונען דעם לאַסט־אויטאָ וואַרטן אויף אונדז. מיר האָבן זיך דערפרייט, און טאַקע אַרויפגענומען וויפל מענטשן עס האָבן נאָר געקאָנט אַרויף און זיך געלאָזט אין ווייטערן וועג אַריין. די הילף איז אָבער נישט געווען אויף לאַנג. אָפּפאָרנדיק ביז לעבן פּילזנע, אַ גאָר קורצע שטרע־קע, האָט דאָס פּוילישע מיליטער רעקווירירט אונדזער אויטאָ און במחילה געהייסן אַראָפּגייען אין מיטן וועג. מיר האָבן זיך געבעטן, אַז מיט די קינ־דער זענען מיר נישט אימשטאַנד צו גיין ווייטער, האָבן זיי אונדז מיטגע־שיקט צוויי זעלנער צוצופירן אונדז צום שטעטל און האָבן צוגענומען דעם אויטאָ.

אין שטעטל פּילזנע איז די בהלה געווען אַ שרעקלעכע. אין מאַרק און אויף די גאַסן זענען מענטשן געלעגן און געזעסן אויף דער ערד. האָב איך מיר דערמאָנט, אַז אַ ברודער פון מיינס אַ פריינדין, אַ זייער חסידישער יונגער־מאַן, דאַרף דאָ וווינען. איך האָב געוווּסט זיין נאָמען און נישט גע־האַט קיין שוועריקייטן אים אויסגעפינען. מיר זענען אַריינגעקומען אין אַ מאַרק־הויז מיט אַן אייזן־געשעפט. אַ קליינשטעטלדיק, זייער פרום־נגידיש הויז. איך זאָג ווער איך בין און דער יונגערמאַן, וואָס האָט מיך נישט געזען פיל יאָרן, דערקענט מיך. זייער האַרציקע מענטשן, מען נעמט אונדז אויף ווי אייגענע. איך האָב באַלד געקאָנט אָפּשאַצן די דאָרטיקע פאַר־העלטענישן. קיין מוטער איז נישט געווען, די טאָכטער — אַ בת־יחידה. דער פאָטער האָט געוואָלט אַזאַ שידוך, וועלכן ער האָט געטאָן, אָוועקגעגעבן אַלץ — דאָס הויז און דאָס אייזן־געשעפט צו דער טאָכטער. דער פאָטער אַליין, אַן עלטערער מענטש, האָט שוין פאַרנומען אַ גאָר קליינעם פלאַץ

אין דעם אַלעם, די טאָכטער, אַ פּאָר יאָר עלטער פון איר מאַן, זייער אַן אינטעליגענטע, האָט געהאַט, ווי זי האָט אונדז דערציילט, אַמביציעס צו שטודירן, אָבער דאָס איז דורך אירע עלטערן געשטערט געוואָרן. זי האָט זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן צו דעם שידוך. די מוטער איז אָבער געשטאָרבן און זי האָט געוואָלט מאַכן איר פאָטער פילן גוט, האָט זי געבראַכט אַ קרבן, ווי עס טוען אַ סך יונגע קינדער אין קליינע שטעטלעך. זי האָט זיך אַנטשלאָסן און איז געוואָרן אַן אשת־חיל אין געשעפט און אין דער היים. אין דער גאַנצער סיטואַציע איז געווען אַזויפיל אָפּפערווילּיקייט און אַזוי פיל חן. זיי האָבן געהאַט צוויי טייערע קינדער. זי האָט באמת אַרויסגעוויזן מייסטער־שאַפט פון צופּאַסן זיך אין אויסשפּילן דאָס אַלעס. עס איז געווען צו באַ־וווּנדערן די איידעלע פאַרבן און טענער וואָס זי האָט בייגעשטייערט צו דער משפּחה־גאַנצקייט, די טייערע יידישע טאָכטער.

מיר האָבן געוואָלט וואָס ווייניקער באַלעסטיקן די טייערע גוטע מענטשן. זייער גוטסקייט איז אָבער געווען אין לשער. באַלד האָט זי פּאָר אונדז גע־מאַכט אַ מאָלצייט. מיין קליין קינד האָט זי אַריינגעלייגט אין איר קליין קינדס בעטעלע. פּאָר אונדז מיט דעם גרעסערן קינד, האָט זי געמאַכט פּלאַץ ווו צו שלאָפן. דאָס קליינע מיינס איז פון מידקייט אָפּגעשלאָפן דעם גאַנצן טאָג. די באַלעבאָסטע האָט מיך נישט געלאָזט מיטנעמען דאָס קינד צו שלאָפן, כדי איך זאָל זיך קאָנען אויסרוען. די גוטע פרוי האָט געפּרוווט, נאָך 12 שעה שלאָפן פון מיין קינד, צו געבן עס עפּעס צו טרינקען, פון מידקייט האָט אָבער דאָס קינד נישט געקאָנט זיך אויפוועקן. אַ דערשראָקענע איז זי אַ גאַנצע נאַכט נישט אָפּגעטראָטן פון בעטעלע, נאָר אַכטונג געגעבן צי דאָס קינד אָטעמט. אויף צו מאָרגנס, ווען איך בין געקומען, איז אונדז קוים, נאָך 30 שעה שלאָפן געלונגען אויפצוּוועקן מיין טעכטערל פון שלאָף.

די יידן אין שטעטל, שכנים, שיינע באַלעבאַטים, הערנדיק, אַז ביים אייזן־קרעמער זענען פאַראַן באַקאַנטע מענטשן פון קראָקע, זענען זיי אַריינגעקומען געבן שלום און אפשר אויסגעפינען עפּעס נייעס, אויסער די ידיעות וואָס זיי האָבן שוין געוווּסט. יידן האָבן זיך געחקרנט, פּאָליטיקירט, געקוקט און געננישטערט אויף לאַנד־מאַפּעס, געהאַט אַזויפיל גערעכטע טענות, — געשריגן און געפּילדערט: — סטייטש!

ליידער זענען די גערעכטע טענות נישט פאַרענטפערט געוואָרן, נישט פֿאַר די דאָרטיקע און אויך נישט פֿאַר די אַנדערע טויזנטער גרויסע און קליינע קהילות מיט אירע טייערע, תמימותדיקע יידן.

מיר זענען געגאַנגען בעטן ביי די פּוילישע אָפיצירן זיי זאָלן אונדז מיטנעמען מיט די מיליטערישע וואָגנס. זיי האָבן אונדז נישט אָנגענומען פאַר קיין יידן און אונדז מיטגענומען. ביז איין אַ נאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין ריישע. צוליב די כעמישע און אַמוניציע־פאַבריקן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, איז דאָס באָמבאַרדירן פון דער שטאָט געווען שרעקלעך. אין דעם אָנהויב שטאָט, האָט מען אונדז און נאָך הונדערטער מענטשן, אַריינגעלאָזט אין די ערשטע הייזער. און ווידער האָבן אונדז טייערע יידן־ברידער אויפגענומען זייער האַרציק, געגעבן וואָס מעגלעך צו עסן און צו טרינקען און פאַר אונדז מיט די קינדער אַן אָרט ווו צו שלאָפן.

אָפזייענדיק אַ נאַכט און אַ טאָג אין ריישע האָבן מיר די צווייטע נאַכט זיך געלאָזט ווידער אין וועג. (בייטאָג האָט מען נישט געקאָנט גיין, ווייל מ׳האָט פון די אַעראָפלאַנען כסדר באַשאָסן די פוסגייער).

נאָך אַ וואָך וואַנדערן זענען מיר אָנגעקומען קיין לאַנצוט. מיר זענען אַריין צו אַ באַקאַנטער משפחה, אָרעמע אָבער זייער האַרציקע מענטשן. דערווייל איז די שלאַכט שוין אָנגעגאַנגען הינטער דער שטאָט. פּלוצלונג קומט אָן מיין שוועסטער מיט צוויי קינדער צו דעם זעלבן פּלאַץ. איר מאַן מיט איר ייִנגסט דריט קינד זענען פון זיי פאַרלוירן געוואָרן אין וועג. די בהלה איז שרעקלעך. מען רופט דורך הילכערס, אַז די מענער זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט. מיין מאַן, דער באַלעבאָס און די שכנים פאַרלאָזן די שטאָט. מיר, פרויען און קינדער, בלייבן. די שיסערייען זענען שרעקלעך, עס פאַלן מאַסן ציווילע קרבנות.

די דייטשן זענען שוין דאָ. דער פחד, הונגער און נויט איז גרויס. מיר פרווון זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע לעכער. די קינדער זענען מיר קראַנק. די ווינדלעך פון מיין קליין קינד האָב איך געטריקנט אויף מיין הוילן לייב, אַרומגעוויקלט אונטער די קליידער. אַזוי טריקענען ווינדלעך איז מיר אויך שפּעטער אַ סך מאָל אויסגעקומען. די גוטהאַרציקע פרוי, וואָס

האָט אונדז אַרײַנגענומען, זוכט צו פֿאַרלײַכטערן אונדז מיט וואָס נאָר זי קאָן.

מײַן קלײן טעכטערל איז געווען זײער קראַנק און האָט געדאַרפֿט אַ דאָק־טאָר, אָבער דער דאָקטאָר געפֿינט זיך אין פּאַלאַץ בײַם גראַף פּאָטאָצקי, אײנער פֿון די גרעסטע אַדעליקע אין פּוילן. איך נעם מײַן קינד אויף די אָרעמס און גײ דאָרט אַהין. מיט געוואַלט רײַס איך זיך אַרײַן אין דעם פּאַלאַץ־טויער. עס ווערט אַ טומל, ווײַל דער וועכטער וויל מיך נישט אַרײַנלאָזן. עס קומט צו אַ פּאַרשוין פֿון אינעווײניק. איך דערצײל אים ווער איך בין, אַז איך וויל הילף פֿון דעם דאָקטאָר פֿאַר מײַן קינד. מען רופֿט דעם דאָק־טאָר, ער אונטערזוכט דאָס קינד, פֿאַרשרײַבט אַ רעצעפּט און הייסט מיך גוט דערנערן דאָס קינד, ווײַל נאָך די אַרומוואָגלענישן, איז דאָס קינד נישט דערנערט געוואָרן און דאָס לעבן פֿון קינד איז אין סכּנה. צו קריגן עפּעס צו קויפֿן איז געווען אוממעגלעך. אין אַזעלכע צײַטן באַהאַלטן מענטשן אַלץ אויס. געווען איז עס יום־טובֿים־צײַט: ראָש־השנה, יום־כּיפּור, סוכּות. די שטעטלדיקע מענטשן האָבן נאָך געהאַט צוגעגרײט שפּײַז. איך בין פּשוט געגאַנגען פֿון הויז צו הויז בעטן פֿאַר מײַן קינד אַ שטיקל חלה אָדער עפּעס אַנדערש. פֿיל מענטשן האָבן מיר געהאָלפֿן.

ערבֿ ראָש־השנה איז אויסגעפֿאַלן אונדזער פֿאָטערס ערשטער יאָרצײַט. מײַן שוועסטער האָט זיך אַרויסגעלאָזט, טראָץ די שרעקלעכע שיסערײַען, צו זוכן אַ יאָרצײַט־לאָמפּ.

אין די שרעקלעכע מינוטן פֿון אונדזער ווײטיק אין דעם ערשטן יאָרצײַט פֿון אונדזער טײַערן פֿאָטער, האָבן מיר געדאַנקט גאָט און אויך אַלע שפּע־טערדיקע יאָרן געווען גליקלעך, וואָס ער האָט נישט געדאַרפֿט דורכמאַכן די פּײַניקונגען דורך די רוצחים.

נאָך סוכּות איז מײַן מאַן און אויך אַלע אַנדערע מאַנסלײַט צוריק־געקומען, ווײַל די היטלערישע מגיפֿה איז דערגאַנגען אומעטום און עס איז נישט געווען מער וווּהין צו לויפֿן. צוריקגעקומען איז מײַן מאַן אַ קראַנקער און זיך אַוועקגעלײגט אַ פּאָר טעג זיך אויסרוען. מיר האָבן אָנגעהויבן קלערן ווי אַזוי צו קומען צוריק קײן קראָקע, אין אונדזער באַקוועמער הײם מיט

דעם גרויסן רעזערוו שפּייז, וואָס מען האָט צוגעגרייט ווען די ביטערע טעג האָבן זיך אָנגערוקט.

די דייטשן לאָזן צוריקפאָרן מיט דער באַן, ליידער — נישט קיין יידן. יידן מוזן שוין ליגן אויסבאַהאַלטן. מען שיסט, מען כאַפּט צו אַרבעט און עס זענען יעדן טאָג פֿאַראַן קרבנות. מיר, פּרעמדע, קאָנען אָבער דאָרט נישט פאַרבלייבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אָן מיטלען צו לעבן.

איך באַשליס צו גיין אין דער דאָרטיקער געמיינדע און בעטן מען זאָל אונדז אַרויסגעבן פּאַפּירן, נאַטירלעך — אַלס קריסטן. (דאָס איז דער אָנהייב, ווען מיר האָבן, מיט ווייטיק אין אונדזערע הערצער, גענומען נוצן מיטלען ווי אַזוי פּאַרלייקענען זיך אַליין). אָן וועלכע שוועריקייט האָט מען אונדז אַזעלכע פּאַפּירן אַרויסגעגעבן. מיין מאַן האָט זיך אָנגעגעבן אַלס אַ באַן־באַאַמטער, ווייל באַן־מענטשן זענען געווען די ערשטע צוריק־צושטעלן זיי פון וואַנען זיי זענען געקומען. דאַן האָב איך, מיט הינטער־וועגן, זיך געלאָזט גיין צו דער באַן־סטאַציע אויסצושפּירן די סיטואַציע, ווען עס איז די בעסטע צייט צו קאָנען זיך אַריינקריגן אין אַ צוג. דער הינטערוועג, וואָס איך האָב גענומען צו דער באַן, כדי אויסצומיידן אויף די הויפּט־וועגן די רוצחים, איז געווען זייער אַ שווערער, אַ זאַמדיקער באַרג אַרויף. ביז איך האָב דערלעבט אַרויפצוקומען אויף דעם באַרג בין איך געבליבן אַ דערציטערטע: אין טאָל האָט זיך אויסגעלייגט אַ ציגיינער־לאַגער און באַלד זענען לעבן מיר אויסגעוואַקסן צוויי מענער. קיין צוריק איז שוין נישט געווען.

אין אַ זעקעלע אויף מיין האַלדז האָב איך געהאַט מיין צירונג פון אַ גרויסן ווערט. האָב איך מיר געמאַכט מוט און זיי באַגריסט און זיי גע־פרעגט, צי איז דאָס דער ריכטיקער וועג צו דער באַן. זיי האָבן מיר העפלעך געענטפערט און געפרעגט צי איך בין נישט קיין היגע? זאָג איך זיי, אַז איך בין פון קראָקע. האָבן זיי זיך דערפרייט, ווייל זיי גופא זענען נישט ווייט פון קראָקע. זיי האָבן מיר זייער געבעטן איך זאָל מיט זיי גיין אין זייער לאַגער, ווייל זייער עלטסטער איז זייער באַזאָרגט צוליב דער איצ־טיקער לאַגע; ער וועט זיך מיט מיר דורכריידן, מיט ציטערדיקע פיס בין איך זיי נאָכגעגאַנגען. איך בין אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ געצעלט, ווו

# און די זון האָט געשײַנט

אַ מאַן אין די שפּעטע דרײַסיקער יאָרן, איז געלעגן אויף אַ טאַפּטשאַן. דאָס געצעלט איז געווען זייער שײן אויסגעצירט מיט טײַערע טעפּיכער. דערזעענדיק מיך, האָט ער מיט דרך־ארץ זיך געגעבן אַ שטעל־אויף. די אַנדערע האָבן אים דערציילט, אַז איך בין פון קראָקע. ער האָט מיר געבעטן זיצן. דערווײַל איז זיך צוזאַמענגעלאָפן דער גאַנצער לאַגער, פרויען און קינדער. ער האָט אָבער באַפוילן, אַז אַלע זאָלן זיך צוריקקערן צו זייערע ערטער. איך בין אַ גאַסט און ער דאַרף מיט מיר רעדן. ער האָט מיר דערציילט די גרויסע טראַגעדיע וואָס זיי האָט געטראָפן. פון די באָמבעס זענען פיל פון זײַנע מענטשן און די בעסטע פערד און וועגענער אומגעקומען. איצט האָבן זיי ווייניק פערד און וועגענער און ער וואָלט געוואָלט אַ טייל פון זײַנע מענטשן שיקן מיט דער באַן. זיי קאָנען אָבער נישט קיין דײַטש און ער האָט דעריבער אַ בקשה צו מיר: איך זאָל מיטנעמען זײַנע צוויי מענטשן צו דער באַן און אויסגעפינען ווען עס איז דאָ אַ צוג קיין קראָקע. זיי וועלן קומען צו דער באַן און פאָרן צוזאַמען מיט מיר.

איך האָב זיך מיט אים אָפּגעזעגנט, דערלאַנגט די האַנט. ער האָט מיך העפלעך באַדאַנקט און איך האָב זיך מיט די צוויי מענער געלאָזט צו דער באַן. דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר לאַנג געוואָרפן, אָבער איך בין אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

בײַ דער סטאַציע בין איך געגאַנגען מיט מײַנע צוגעגרייטע פּאַפּירן צום באַן־שעף, אַ דײַטש און געפרעגט, ווען איך און מײַן משפחה קאָנען פאָרן, ווײַל מײַן מאַן איז אַ באַן־באַאַמטער און מיר מוז זיך צוריקקערן צו זײַן אַרבעט. ער האָט אונדז געהייסן קומען אין אַ פּאָר שעה שפּעטער, עס וועט זײַן אַ ספּעציעלער צוג פאַר באַן־אַרבעטער און ער וועט אונדז אַרײַנזעצן אין צוג. דאָס זעלבע האָב איך איבערגעגעבן די ציגײַנער און זיי זענען צוריק אַוועק אין זייער לאַגער.

אַ היים קומענדיק האָב איך מײַן שוועסטער שויך נישט געטראָפן. זי מיט אירע קינדער האָבן זיך געלאָזט צופוס אין וועג אַרײַן. די זאָרג וועגן איר מאַן און קינד, וואָס האָבן זיך פאַרלוירן אין וועג, האָט זי נישט געלאָזט רוען און וואַרטן. האָב איך און מײַן מאַן און קינדער, זיך געלאַזט צו דער באַן מיט גרויס ווייטיק און שרעק אין אונדזערע הערצער.

מיר קומען מזלדיק צו דער באַן. איך גיי גלייך צום שעף, וואָס כ'האָב מיט אים גערעדט פריער. דער צוג קומט אָן. אונדזער אויסזען האָט אונדז נישט פאַרראַטן. מיר בעטן גאָט שוין צו זיין אין צוג. אָבער דער פירער פון צוג לאָזט אונדז נישט אַריין. כאָטש עס איז אַ לאַסט־צוג — איז ער שוין איבערפולט. מיר ווערן דערציטערט, חלילה, דאָס זעלבע צו דאַרפן דורכמאַכן דעם צווייטן טאָג. אָבער דער מאַן, וואָס האָט מיר געהאָט צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן קאָנען פאָרן, שטעלט זיך קעגן און זאָגט דאָס מיר מוזן מיטפאָרן, עס גייט אים אין זיין וואָרט, וואָס ער האָט מיר געגעבן. (ווען ער וואָלט געוווּסט, אַז מיר זענען יידן!). זיי הייבן זיך אָן צו קריגן, דער צוג ווערט צוריקגעהאַלטן. זיי נעמען קעגנזייטיק איינער ביים צווייטן די נעמען און זאָגן צו אָנצוקלאָגן. דער, וואָס האָט צוגעזאָגט, וואַרפט אונדז אָבער אַריין אין אַ לאַסט־וואַגאָן, וואָס איז טאַקע פול. מיר דאַנקען גאָט, וואָס מיר זענען שוין אין צוג.

אין וואַגאָן זענען געווען בלויז באַן־אַרבעטער, פּאָליאַקן מיט זייערע משפחות. זיי מיינען, אַז מיר זענען אויך זייעריקע. זיי קאָכן טיי אויף אַ ספּירט־מאַשינקע און העלפן מיר מיט אַ ביסל וואַרעם וואַסער פאַר מיינע קינדער. דער צוג שטייט מער ווי ער גייט. כדי צו מאַכן טרוקן די ווינדלען פאַר מיין קינד האָב איך ווידער גענוצט מיין קערפּער. ביי יעדן אָפּשטעל לויפן אַרום די דייטשן און זוכן יידן אין די וואַגאָנען. זיי געפינען טאַקע און וואַרפן זיי אַרויס פון די וואַגאָנען. די געשרייען זענען אין לשער. זיי קומען אויך צו אונדז אין וואַגאָן, הייבן אויף די קעפּ אונדז אָנצוקוקן, אָבער עס איז דורכגעגאַנגען בשלום.

געפאָרן זענען מיר שוין אַן ערך 5 טעג און נעכט. ביז מען איז געבליבן שטיין 12 קילאָמעטער פון קראָקע, אַ גאַנצע נאַכט. דאָ איז געקומען אונדזער אייגענער פּאַראַט: זייער צעבראָכן פון זיצן אַזויפיל טעג און נעכט אויף דער ערד, איז מיין מאַן אַנטשלאָפן געוואָרן און אין שלאָף אָנגעהויבן קרעכצן און אויף יידיש זאָגן ווי צעבראָכן ער איז. איך האָב געזען ווי דער עולם וואָלט זיך אָוועקגערוקט פון אונדז און הייבט אָן זיך אָנצוקוקן איינער דעם אַנדערן. פון די בליקן האָב איך געזען, אַז קיין גוטס דערוואַרט אונדז

נישט. איך האָב אויפגעוועקט מײַן מאַן, געכאַפּט די קינדער און געזאָגט מײַן מאַן, אַז מיר מוזן דאָ אַראָפּ, און אַרויסגעשפּרונגען פֿון וואַגאָן. עס האָט קוים אָנגעהויבן צו טאָגן אין דרויסן. מיר האָבן זיך באַלד געגעבן אַ דריי אַריין הינטער אַ געבײַדע זײַ זאָלן אונדז שוין מער נישט זען, און אָנגע־הויבן גײן צו פֿוס אין דער ריכטונג פֿון קראָקע. מיר זענען געווען זייער אויסגעמאַטערט. אָפּגײַענדיק אַ פּאָר קילאָמעטער, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אויף די שטיגן פֿון אַ הויז זיך אָפּרוען. ס׳איז אַרויסגעקומען די ווערטערין פֿון הויז און אויס רחמנות צו די קינדער, אונדז אַרײַנגערופֿן אין הויז זיך אָנצוואַרעמען. דער וועטער איז געווען ווי נאָך סוכות, נאַס און קאַלט, זי האָט אונדז אויך געגעבן הייסע טיי און אַ גלאָז מילך פֿאַרן קינד. קיין געלט האָט זי נישט געוואָלט.

פֿון דאָרט זענען מיר געגאַנגען קיין פּאָדגורזשע, צו מײַנע שוויגער־עלטערן. זיי האָבן געמיינט, אַז מיר זענען אומגעקומען אויפֿן וועג. שפּעטער זענען מיר אַוועק צו אונדזער באַקוועמער היים. מיר האָבן אַלץ געפֿונען ווי מיר האָבן איבערגעלאָזט. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אויך מײַן שוועסטער מיט אירע צוויי קינדער צוריקגעקומען. פֿון אַן אַנדער זײַט איז צוריקגעקומען איר מאַן מיטן דריטן קינד און ווידער זענען מיר אַלע געווען צוזאַמען. מען האָט אָבער געוווּסט און געפֿילט, אַז די הויפּט־צרות הייבן זיך ערשט אָן.

מײַן מאַן איז צוריקגעגאַנגען אין ביוראָ צו זײַן אַרבעט; דאָרט איז שוין געווען אַ נאַצישער קאָמיסאַר. דאָס ערשטע איז געווען די לוין־באַגרענעצונגען. מען האָט פֿאַר יידן באַשטימט 25 פּראָצענט פֿון דעם לוין, וואָס מען האָט געהאַט פֿאַר דעם קריג. דער יקרות איז אָבער געווען גרויס; אַלץ איז געשטיגן מיט אַ פּאָר הונדערט פּראָצענט. פֿון געלט וואָס מען האָט געהאַט אין אַ באַנק, האָט מען אײַנמאָל אַ חודש אויסגעצאָלט אַ גאַנץ קליינע סומע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן נויט און אָרעמקייט; מען האָט געמוזט אָנהייבן פֿאַרקויפֿן פּערזענלעכע און שטובזאַכן.

ס׳זענען געקומען שרעקלעכע צײַטן: דאָס כאַפּן מענטשן צו דער אַרבעט. (יידן מײַן איך) שלאָגן, שיסן. יעדער טאָג האָט געבראַכט קרבנות.

עס הייבן אָן אָנצוקומען קיין קראָקע לאָדזשער פּליטים און אויסגעזידלטע. עס וואַלגערן זיך אַרום מענטשן אין שולן, בתי־מדרשים; פרויען, קינדער, אַלטע, קראַנקע.

דאָן קומט די ערשטע שרעקלעכע רעוויזיע אין יידישן טייל פון קראָקע. די גאַנצע געגנט ווערט אַרומגערינגלט מיט געסטאַפּאָ. ראַדיאָ־הילכערס האָבן אָנגעזאָגט, אַז יעדער וועט דערשאָסן ווערן, פאַרן אַרויסגיין אין דרויסן אָדער צוגיין צו אַ פענצטער אַרויסקוקן. אַפילו אָן וועלכע עס איז אויסריידן איז דאָס שיסן אין די פענצטער געווען אָן אויפהער.

עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט אויסצוגעפינען, וואָס עס קומט פאָר אפילו אין נאָענטסטן הויז. די לופט און דער הימל האָבן אָבער אָנגעזאָגט די ביטערע בשורות. איך האָב געוווינט כמעט אין לעצטן הויז פון דער אַרומגעצאַמטער געגנט. זענען די משחיתים ביי אונדז געווען שוין צום סוף, ס׳הייסט — דעם צווייטן טאָג, שוין פאַרנאַכט. מיר האָבן געהאַט צייט זיך צוצוגרייטן. מיין שוועסטער מיט אירע צוויי קינדער זענען אויך געווען ביי מיר, האָבן מיר צונויפגענומען אַלע קליינע זאַכן, ווי צירונג און אַנדערע ווערט־זאַכן, אָפּגעקאָכט אַ גרויסן טאָפּ שוואַרצע קאַווע און די אַלע זאַכן אַריינגעלייגט אין דעם אָפּפאַל פון דער קאַווע, וואָס האָט דאָס אַלץ גאַנץ גוט אונטן באַדעקט. אַנדערע זאַכן האָבן מיר אַריינגעלייגט אונטער אַ קוילן־קאַסטן און צוגעדעקט מיט צעהאַקטע קוילן. איין קינד האָבן מיר געלייגט אין בעט אַריין אַרומגעבונדן דעם האַלדז און דערביי אַנידערגעשטעלט אַ שיסל מיט אַ פליסיקייט צו שווענקען דעם האַלדז. מיר האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז די נאַציס האָבן דאָן דערשאָסן אַלע קראַנקע. פון דעם נס וואָס עס איז געשען, האָבן מיר ערשט שפּעטער אויסגעפונען, הערנדיק, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די צוויי טעג. ווייזט אויס, אַז די צוויי רוצחים, וואָס זענען אַריינגעקומען צו אונדז שוין פאַר־נאַכט דעם צווייטן טאָג, זענען שוין אַליין געווען זאַט פון דעם שדים־טאַנץ. זיי זענען אַריינגעקומען ווי נאָר יוצא צו זיין — אַ קוק געטאָן אויבנ־אויפיק און אַוועק. שפּעטער האָט מען זיך דערוווסט פון דער גרויסער צאָל קרבנות, וואָס די רעוויזיע האָט געבראַכט. טויזנטער געפייניקטע און פאַר־וווּנדעטע. עס זענען דורכגעפירט געוואָרן די שרעקלעכסטע זאַכן, וואָס

דער אשמדאי אַליין האָט נישט געקאָנט אויסקלערן. מען האָט געזוכט ביי פרויען, מיידלעך, אפילו גינעקאָלאָגיש, פאַרשטעקטע צירונג. זיי האָבן בלי־רחמנות צעריסן מענטשן־לייבער. די רעוויזיע איז געווען די שרעקלעכסטע און מען האָט דאַן שוין געוווסט וואָס עס דערוואַרט אונדז ווייטער.

## די ערשטע גזירות

קלעפּ זענען געקומען איינע נאָכן אַנדערן. אין סוף 1939 האָט יעדער געשעפט, רעסטאָראַן און דאָס גלייכן, געמוזט ווערן באַצייכנט מיט אַ מגן־דוד און אויפשריפטן, אַז דאָס זענען יידישע געשעפטן. עס ווערט געשאַפן דער ערשטער יודענראַט, מיט ביבערשטיין בראש. שוין ביים ערשטן טרעפן זיך מיט די רוצחים קריגט ער פעטש אין פּנים. ער איז פאַר זיי נישט געווען צופרידנשטעלנדיק. די דייטשן האָבן באַשטימט אַ צווייטן עלטסטן, ד״ר ראָזענצווייג, און שוין אין 1940 האָט ער געמוזט צושטעלן אַ ליסטע צו דער געסטאַפּאָ פון אַלע מענער פון 12 ביז 60. ער איז געמאַכט געוואָרן פאַראַנטוואָרטלעך, אַז אפילו איינער טאָר נישט פאַרלאָזן די שטאָט. זיי האָבן אָנגעהויבן פון אים פאָדערן קרבנות אין פאַרשידענע פאָרמען: ווי דאָס אויסליפערן זיי אַ צאָל פון די שענסטע, יונגע יידישע מיידלעך, דאָס איינאָרדענען אין יידישן אַקאַדעמישן הויז אַ פאַרוויילונגס־הויז פאַר די דייטשע זעלנער. דערביי האָבן זיי אים געזאָגט: „איר יידן האָט ליב געשעפטן און מאַכן געלט, דאָס וועט זיין פאַר דיר אַ גוט געשעפט״... ער האָט זיך פון דעם אָפּגעזאָגט און די באַציאונגען זענען שוין געווען שלעכטע צווישן די רוצחים און דעם יידן־עלטסטן. דער ערשטער „יידן־עלטסטער״ ביבערשטיין איז שוין געווען פאַרשוווּנדן און דער איצטיקער, ד״ר ראָזענצווייג, האָט אויך געוווסט, אַז זיינע טעג זענען געציילטע.

דאָס איז אַלץ נאָך יאַנואַר 1940. יעדן טאָג נייע גזירות. יידן טאָרן נישט גיין מיט הויפּט־גאַסן; נישט אויף די טראָטואַרן; נישט אויף די פּלאַנטן; צוואַנגס־אַרבעט פאַר יידן פון 12 ביז 60, טראָגן דעם אָרעמבאַנד מיט דעם מגן־דוד, געשלאָגענע יידן אויף די גאַסן ביז צום טויט, אויסרייסן און אונ־

טערצינדן די בערד. ס'ווערן אויפגעלייזט אַלע חדרים און שולן. שיקן די יידישע קינדער אין אַלגעמיינע שולן טאָר מען נישט.

דערווייל קומען אָן אַלץ מער און מער אויסגעזידלטע יידן פון די אָנ־געשלאָסענע פוילישע געביטן אין דייטשן רייך, ווי לאָדזש. פון די 68,000 קראָקעווער יידן איז שוין געוואָרן 60,000. די אָרעמקייט וואַקסט מיט יעדן טאָג גרעסער. מען נעמט אַוועק די געשעפטן. מען זעצט אַריין קאָמיסאַרן.

מאַי 1940. עס זענען אַרויס קלאַנגען, אַז די צאָל יידן אין קראָקע וועט פאַרקלענערט ווערן ביז 15,000. מען רעדט אויך, אַז קראָקע זאָל ווערן „יידן־ריין". ווייל דער גובערנאַטאָר פראַנק, ימח שמו, וווינט אין שטאָט. די בהלה איז שרעקלעך, עס הייבן זיך אָן די קוואַליפיקאַציעס פאַר מענטשן וועלכע זאָלן בלייבן. נאַטירלעך זענען עס נאָר אַזעלכע, וועלכע די קאָמיסאַרן, אין די גרויסע געשעפטן, דאַרפן האָבן אָדער ספּעציאַליסטן אין געוויסע פאַכן איך וואָס זיי נויטיקן זיך. מאַסן מענטשן פאָרן אַרויס אין קליינע שטעטלעך. באַשטעטיקונגען צום בלייבן קריגן נאָר אָן ערך 16,000. די אַנדערע, נישט האָבנדיק ווו זיך אַהינצוטאָן, בלייבן אָן אויס־ווייזן... רעוויזיעס קומען פאָר אָן אויפהער; שלאָגן, מאָרדן, יעדן טאָג קרבנות. זיי נעמען צוזאַמען צענער טויזנטער יידן און שיקן זיי אין לובלי־נער געגנט.

סוף יאָר 1940 קומט די שרעקלעכע בשורה, אַז די פאַרבליבענע 15,000 יידן, זאָלן זיך מאַכן גרייט צו גיין אין געטאָ. די מענטשן מיט די אויסווייזן האָט מען באַפוילן צו מאַכן זיך קען־קאַרטן — אַ געלער דאָקומענט מיט אַ בילד און פינגער־אָפּדרוקן. די קען־קאַרטן האָבן די דייטשן אַליין אַרויס־געגעבן. אָנשטאָט 15,000 האָבן זיי נאָך רעדוצירט צו 12,000. דאָס האָט געזאָלט זיין די צאָל מענטשן פאַר דער געטאָ.

ווי בעת אַלע ביטערע גזירות טראַכטן יידן זיך צו העלפן מיט אונ־טערקויפן, מיט געבן כאַבאַר, פון וואָס די בלוטזויגערס זאָגן זיך נישט אָפּ. מען גיט קאָנטריבוציע אין פאַרשידענע פאָרמען. זיי נעמען און זויגן אויס דאָס לעצטע. די רוצחים נעמען אָבער דעם שוחד נישט צו פאַרלייכטערן, נאָר נאָך מער צו פייניקן. דער לעצטער באַפעל איז געווען כדי צוגרייטן די געטאָ פאַר 12,000 מענטשן, אין פּאָדגוזשע, — אַ זייער אַלטע און אָרעמע

אַרבעטער־געגנט. דאָ האָבן פֿריער געוווינט זייער אָרעמע ייִדן און נישט ייִדן, אין קליינע צעבראָכענע הײַזלעך אין גרויס ענגשאַפֿט און נויט. גע־וווינט האָבן פֿריער אין דער אָרעמקייט־געגנט סך הכל 3.000 נפֿשות. איצט האָבן דאָ געזאָלט אַרײַן די 12.000 באַשטימטע צו בלײַבן אין געטאָ. וואָס דאָס האָט געמיינט, האָט יעדער געוווּסט. מגיפֿה, הונגער, נויט, דערצו נאָך די שרעקלעכע מויער אַרום, וואָס איז געווען געמאַכט אין אַ פֿאָרעם פֿון ייִדישע רונדע מצבֿות, טויזנטער מצבֿות, אַזוי סימבאָליש פֿאַר די אינעווייניק לעבעדיק־באַגראָבענע ייִדן צווישן די מויערן...

אין דעם קליינעם שטח, אין די צעבראָכענע הײַזלעך אָן פֿענצטער, אָן פּאָדלאָגעס, פֿאַרשימלטע פֿון נעץ, זענען אַרײַן נישט 12.000 נאָר 15.000 נפֿשות. אַ ביסל שפּעטער זענען שוין דאָרט געווען 20.000, ווײַל פֿון די קליינע שטעטלעך אַרום קראָקע האָט מען אַלע ייִדן אַרײַנגעשיקט אין קראָ־קעווער געטאָ. די היימען און פֿאַרמעגנס האָט מען איבערגעלאָזט אויף הפֿקר. די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג פֿון געטאָ־געביט און אויך אַנדערע האָבן פֿאַרנומען די שענסטע ייִדישע היימען מיט צוגעגרייטער ווירט־שאַפֿט. דאָס האָב־און־גוטס פֿון אַ לעבן־לאַנג איז געוואָרן אָפּגעווישט. אין געטאָ זענען אַרײַן אָרעמע, צעבראָכענע דעקלאַסירטע בעטלער. די ייִדי־שע אינטעליגענץ, די בעסטע מענטשן, האָבן זיך געכאַפּט צו יעדער שוואַרצער און ערגסטער אַרבעט, אַבי צו פֿאַרדינען די פֿאַר גראָשן פֿאַר דעם געטיילטן שטיקל ברויט אויף קאַרטן.

די פֿאַרשריפֿט איז געווען, אַז יעדעס פֿענצטער אין אַ צימער מוז אויפֿ־נעמען 6 מענטשן. דאָס הייסט, אויב אַ קליין צימער האָט געהאַט 2 פֿענצ־טער, האָבן דאָרט געמוזט הויזן 12 מענטשן. אַפֿילו צו שטיין איז נישט געווען קיין פּלאַץ. מען האָט זיך מיט אַלע כּוחות צוגעפּאַסט צו די שרעקלעכע באַדינגונגען מיט דער האָפֿענונג דורכצולעבן ביז...

די אויף־שנעל געשאַפֿענע הילפֿס־קאָמיטעטן, האָבן געעפֿנט אַ פֿאָלקס־קיך און אויסגעטיילט די מענטשן יעדן טאָג אַ ביסל זופּ. די שטערבלעכקייט איז געווען גרויס פֿון הונגער און מגיפֿות. דאָס ייִדישע שפּיטאָל פֿון קראָקע האָט מען אַריבערגעפֿירט אין געטאָ. מען האָט נאָך געמאַכט עפּידעמישע שפּיטאָלן. פֿון ייִדישן שפּיטאָל האָבן די רוצחים קיין סך נישט איבערגעלאָזט

צום אַריבערפירן, ווייל וואָס עס האָט נאָר געהאַט עפּעס אַ ווערט, האָבן זיי צוגענומען. דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער האָבן געאַרבעט איבער די כוחות צו העלפן די ליידנדיקע. אין צרות און לייד איז די צייט געגאַנגען. מען האָט אין געטאָ אָרגאַניזירט פאַרשידענע וואַרשטאַטן צו אַרבעטן פאַר אונדזערע אונטערדריקער. מען האָט גענומען זוכן סגולות צו ווערן פאַר זיי נוצלעך און ראַטעווען דאָס לעבן. אין דער זעלביקער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער העלדישע יונגע אונטערגרונד־באַוועגונג.

נאָכן אומברענגען דעם נישט־גוטן פאַר די דייטשן יידן־עלטסטן ד״ר ראָזענצווייג מיט זיין פאַמיליע, זענען אויפגעשוווּמען אונטערוועלט־עלע־מענטן, אין דער מערהייט נישט קיין קראָקעווער. פיל פון זיי דייטש־רעדנדיקע. זיי האָבן זיך באַזעצט ווי באַצילן אין די אָפענע אייטערדיקע יידישע ווּנדן.

פלוצלינג האָט מען דערהערט אַ ניי וואָרט אין געטאָ, „אויסזידלונג״. פאַר אַלץ וואָס איז ניי האָט מען אין געטאָ געציטערט, אימת־מוות. ווי יעדעס מאָל האָבן די דייטשן און זייערע יידישע משרתים, געמאַכט אַ שטי־מונג איינצושלעפערן די געמיטער. דאָס איז געווען אין 1942, אין די אומ־גליקלעכע טעג. פון דעם ערשטן ביז דעם 8־טן יוני 1942, האָט געדויערט די אויסזידלונג. עס זענען געשיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן אַן ערך 8000 מענטשן.

מען שטילט ווידער איין די מענטשן. אונדזער אָבמאַן, גוטטער, מיט זיינע געהילפן, פערסטער און אַנדערע, זאָגן צו, אַז עס וועט קיין אויס־זידלונג נישט זיין. מען האָט נאָך קלענער געמאַכט די געטאָ. מען איז ווייטער געגאַנגען צו דער אַרבעט און דאָס לעבן גייט אָן ווייטער אין צרות. די פּחדים זענען שרעקלעך.

די געסטאַפּאָ־רעפערענטן פאַר יידישע אָנגעלעגנהייטן זענען געוואָרן סטאַבילע געסט אין געטאָ. דער צוגעפּאַסטער יודענראַט און דער שעף פון דער אָרדענונגס־דינסט, האָבן פאַר זיי געמאַכט גוטע סעודות, אונטער־געהאַלטן אין אָרגיעס, און אין דער זעלבער צייט צוגעגרייט די ליסטעס פון נייע קרבנות אַרויסצונעמען ביינאַכט אין קליינע גרופּעס און אַוועק־שיקן אין די קרעמאַטאָריעס.

אין קראָקעווער געטאָ קומט־אַריין אַ צאָל צוזאַמענגעלאָפענע יידן. אַן איבערבלייב פון קלענערע שטעט און שטעטלעך. די נאַציס טאָלערירן דאָס מיט זייער טייוולאָנישער אויסרעכענונג, זיי לאָזן אויך אַרויס אַן אויפרוף, אַז מער קיין אויסזידלונגען וועלן נישט זיין און רעכענען אויס פינף שטעט, ווו די געטאָס זענען זיכער מיט זייער עקזיסטענץ. די איבערגעבליבענע פינף שטעט זענען: קראָקע, לעמבערג, וואַרשע, ראַדאָם און באָכניע.

## העלדישקייט און געפאַלנקייט אין געטאָ

אין דער זעלבער צייט גייט אָן דאָס אויסבויען די באַראַקן אין פּלאַשאָוו, לעבן קראָקע. די מענטשן אין געטאָ גייען אַרויס אין לאַגער צו דער אַרבעט. ווי נאָר עס ווערן פאַרטיק די באַראַקן, באַזעצט מען שוין דאָרט די אַרבעטער. עס ווערט שוין אַ לאַגער פון אַ פּאָר טויזנט. דאָס לעבן אין געטאָ האָט פאַרשידענע קאָנטורן. עס זענען דאָ געהיימע יידיש־נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, רעליגיעזע, חדרים, ישיבות. מען איז מדריך די יונגע מענטשן ווי אַזוי צו לעבן און שטאַרבן שטאָלץ פאַר אונדזער הייליקער ירושה.

זייער הויפּט־קוואַרטיר איז אין שטאָט אויף דער וויעלאָפּאָליע גאַס. די אָנפירער — דער יונגער דרענגער און ליבעסקינד, זענען דאָרט שטענדיק מיט זייערע גוט אויסגעמאַכטע אַרישע פּאַפּירן. זיי באַזאָרגן אַלע אָנהענגער מיט אַזעלכע פּאַפּירן צו קאָנען זיך באַוועגן. פון שטאָט צו שטאָט, פון געטאָ צו געטאָ, פאָרן זיי מיט ספּעציעלע פּאַסירשיינען און האָבן קאָנטאַקטן מיט וואַרשע, לעמבערג און פיל אַנדערע שטעט. זיי פּלאַנען דעם גרויסן טאָג פון אויפשטאַנד. זאמלען געווער און באָמבעס. נישט איינער פון די הייליקע יונגע מענטשן וואָלטן געקאָנט דורכלעבן אויף די פּאַפּירן, נאָר דאָס האָבן זיי נישט געוואָלט. זיי פלעגן אָפט אַריינ־קומען אין געטאָ זיך אַ ביסל אויסרוען און ווידער פאַרשווינדן. זיי האָבן אויסגעפירט די העלדישע אַרבעט: אויפגעריסן טאַנקען מיט די בייזע חילות, אַמוניציע־פאַבריקן און מאַגאַזינען, קאַפע־הייזער, די גרעסטע אין שטאָט, און אומגעבראַכט אַ סך שונאים. אָפיציעלע צייטונגען האָבן פון דעם נישט

באַריכטעט, ווייל זייער שטאַנד איז געווען גרויס. אין געטאָ, הגם מען האָט וועגן דעם נישט גערעדט, איז יעדער געווען פאַרבונדן אין געדאַנק מיט אונדזערע הייליקע פאַרטיידיקער.

געוווינט האָב איך אין געטאָ אַ טיר ביי אַ טיר מיט אַ טייערע רבנישע משפחה — דאָרט זענען זיך צוזאַמענגעקומען די טייערסטע מענטשן, רבנים, תלמידי־חכמים. פון אויסזען האָט מען דאַן נישט געקאָנט וויסן ווער ס'איז ווער, — אָפּגעשוירענע פּנימער און פאַרשטייט זיך אָן זיידענע אָדער פוטערנע מלבושים. עס האָבן שוין לאַנג געדראָט מיט טויט־שטראָף פאַר טראָגן אַזעלכע. די אויסגעמאַטערטע הונגעריקע פּנימער אין די אָפּגעטראָגענע צעריסענע קליידער, דאָס אויסזען איז געווען פאַרצאָגט מיט צרות־עצמם און צרות־רבים. די אויגן ביי די מענטשן האָבן אָבער געברענט און גערעדט פאַר זיי. אין דעם הויז, ביי מיין שכן דעם רב, איז געווען זייער ענג, ווייל די גאַנצע טייערע משפּחה מיט קינדער און קינדס־קינדער האָבן געוווינט צוזאַמען. האָבן יידן זיך אַרויסגערוקט צווישן מנחה און מעריב אין די פינצטערע קאָרידאָרן כדי צו כאַפּן אַ שמועס. איך האָב געהערט ווי מען רעדט מיט אַ פאַרטרוילעך קול וועגן אונדזערע יונגע העלדן, אַז מיר דאַרפן דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט אונדז געבענטשט מיט די יונגע לייבן. מיר דאַרפן נאָר זיי צוגעבן מוט און העלפן מיט וואָס נאָר מיר קאָנען. נאָר וואָס קאָנען מיר? תפילה טאָן פאַר זיי, באַגלייטן זיי מיט ברכות אויף זייערע געפערלעכע וועגן. בעטן, אַז דער אומקום אונדזערער, זאָל נישט זיין מיט בושה, נאָר זאָל אָפּקלינגען מיט העלדישקייט און געבענטש־קייט פאַר אַלע שפּעטערדיקע דורות. אָמן!

אונדזערע אומברענגער האָבן נישט גערוט. דער שדים־טאַנץ איז וויי־טער אָנגעגאַנגען. און די פאַרקויפטע נשמות צום טייוול, האָבן אויף דער פרעמדער חתונה מיטגעטאַנצט ביז צום פאַרגעסן זיך ווער זיי אַליין זענען. די אָרדענונגס־דינסט־לייט, בראש מיט שמחה שאַפּירא, אַרטור לעפּלער. מיכל פּאַצאַנאָווער, יוליאַן אַפּעל, נאַטאַן ווייסמאַן, ראָזען, ראַסקאָף א. א. און די פון יודענראַט, דער עלטסטער, דוד גוטטער, סטעפאַ בראַנדשטעטער, מאַריאַ פורעץ, ש. שטיין, פערסטער, וויינינגער, לאַנדוי, גרינער, זעלינגער,

דיאַמאַנד א. א. (מײַנסטנס פֿון די דערמאָנטע האָבן שפּעטער געאַרבעט אויף דער אַרישער זײַט, כּדי אויסצוכאַפּן ייִדן מיט אַרישע פּאַפּירן).

די אַלע האָבן זיך מײַסטנס רעקרוטירט פֿון דעם אָפּפֿאַל. זײ זענען געװען בלינד אין זײער מאַכט איבער זײערע אָרעמע געפּײניקטע שװעסטער און ברידער און אַפֿילו אײגענער משפּחה. זײ האָבן פֿאַרגעסן צו זען, אַז עס װעט אױך זײ גאָרנישט העלפֿן. זײ האָבן דאָך געזען, אַז זײערע פֿאַר־גײער זענען באַלװנט געװאָרן מיט די שענדלעכסטע מיתות־משונות, װען מען האָט זײ מער נישט געדאַרפֿט. איצט זענען זײ אונטערגעקומען. כאָטש זײ זענען אַ פֿאַרפֿױלטע צװײַגל, פֿון אונדזער בױם, דאָס ייִדישע פֿאָלק, האָבן זײ געדאַרפֿט פֿאַרשטײן, אַז בײַם אונטערהאַקן דעם זאַפֿטיק־בליִענדיקן בױם װעט דאָס אָפּגעדאַרטע זײַטיקע צװײַגל אױך פֿאַרניכטעט װערן. דער־װײַל האָט מען צוגעגרײט, חוץ ליגנס, פֿרישע ליסטעס מיט קרבנות. אין דעם בלוטיקן טאָג, דעם 28טן אָקטאָבער 1942, האָט מען אַרױסגעשיקט אין די גאַז־קאַמערן איבער 3000 מענטשן. אין געטאָ איז שױן נאָר געבליבן 10,000 מענטשן. די פֿרישע פֿאַרלוסטן האָט מען שױן נישט געקאָנט אױס־האַלטן. די געשעענישן האָבן געיאָגט נאָך שנעלער, אײנס נאָכן אַנדערן. די מערדער האָבן נישט איבערגעלאָזט קײן צײַט צו טראַכטן. מען האָט װידער פֿאַרקלענערט דאָס געטאָ.

די פּיבעו־דיקע אַרבעט פֿון אונדזערע הײליקע קעמפֿער איז אָנגעגאַנגען. עס זענען געקומען אינסטרוקטאָרן פֿון װאַרשע, מען האָט געלערנט אין געהײם יונגע קינדער, מײדלעך און ייִנגלעך קעמפֿן, װאַרפֿן אַלײן־געמאַכטע גראַנאַטן. דער פּױלישער אונטערגרונט האָט אַ ביסל געהאָלפֿן, אָבער װײניק, מיט באַזאָרגן געװער. מען האָט אױפֿגעריסן קאַזאַרמעס, באַן־שטרעקעס. צו אַ סילװעסטער־אָװנט זענען אױפֿגעריסן געװאָרן אַ פּאָר פֿאַרװײַלונגס־פּלעצער, װוּ דײַטשע אָפֿיצירן זענען זיך צונױפֿגעקומען. אַלץ איז געגאַנ־גען כּשורה ביז...

אין דער אָרדענונגס־דינסט האָט געאַרבעט אַן אױסװוּרף, װעלכער איז געװען אַ בונעם־פֿרײַנד (נאָך פֿון די צײַטן פֿון אוניװערסיטעט) מיט אײנעם פֿון די אונטערגרונט־אָנפֿירער. אין דער אָרדענונגס־דינסט האָט מען פֿאַר־

טראַכט אַ טייוולאַנישן פּלאַן. דער דאָזיקער אויסוואורף האָט זיך אָפּט געזען מיט זיין חבר און מיט זיינע ליגנערישע מיטלען געווונען זיין צוטרוי. דער חבר פון אונטערגרונד האָט זיך אָבער נישט געוואָלט אָנערקענען צו זיינע מעשים. יענער האָט אים אָבער איינגערעדט, אַז ער אַרבעט טאַקע אין דער אָרדענונגסדינסט, כדי צו קאָנען העלפן דעם זעלבן צוועק. ער האָט אים טאַקע אַ געוויסע צייט געבראַכט פאַרשידענע באַריכטן וויכטיקע פאַר דער אונטערגרונד, ביז מען האָט אים אָנפאַרטרויט דעם היילקסטן סוד. דעמאָלט האָט דער אויסוואורף, וויסנדיק ווו און ווען, מיט נאָך אַנדערע באַפאַלן אונדזערע העלדן אין אַ שטילע פינצטערע געטאָ־נאַכט און זיי געוואָלט אַרעסטירן. די יידישע פּאָליציי האָט אָבער קיין וואָפן נישט געהאַט און די אונטערגרונד־קעמפער האָבן יאָ געהאַט, און זיי האָבן זיך אַנטקעגנגע־שטעלט. זיי האָבן נישט געשאָסן אויף זיי נאָר געמאַכט זיי אָפּהענטיק און זענען פאַרשווונדן אין דער פינצטערער נאַכט צווישן די געטאָ־געסלעך און דורך זייערע וועגן זיך אַרויסגעקריגן פון געטאָ. די שפּיל איז ליידער געווען אַ פאַרלוירענע. וויסנדיק געניי די פאַרבינדונגס־פּלעצער אויף דער אַרישער זייט און קענענדיק די פּנימער האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ געיעג. מאַנכע זענען אַנטלאָפן קיין וואַרשע צו קאָנען דאָרט קעמפן, אַנדערע זענען אַוועק אין די וועלדער אָן געהעריקער צוגרייטונג. טייל האָבן געטוישט די ערטער אַרום קראָקע. די שלאַנג האָט זיך אָבער געוויקלט אַרום האַלדז, עס איז געוואָרן ענגער און געפערלעכער, ביז אָנפאַנג 1943 האָט מען אויפגע־כאַפּט אַלע וואָס האָבן זיך געפונען אין קראָקעווער ראַיאָן און זיי פאַר־שפאַרט אין דער געפערלעכער טורמע אין קראָקע, מאָנטעלופּיך. נאָך שרעק־לעכע פייניקונגען האָט מען זיי אומגעבראַכט. די רעשט איז אומגעקומען אין וואַרשע ביים געטאָ־אויפשטאַנד און אין די וועלדער. עס זענען פאַר־בליבן פאַרשידענע נישט פאַרענדיקטע טאָג־ביכער, קלאָג־לידער פון יונגע מיידלעך און בחורים, געשריבן אויף קליינע פיצלעך פּאַפּיר, אָדער מיט צייכנס און צושריפטן געשריבן מיט בלוט אויף די ווענט פון טורמע־צעלן, אויסגעקריצט אויף די פענצטער און טיר־ראַמען אין האַלץ, וואָס מען האָט שפּעטער, נאָכן קריג, געפונען.

נאָך דעם קריג האָבן טויזנטער מענטשן געהאַט די מעגלעכקייט צו זען

די טורמע־צעלן מיט די אויפגעשריבענע ווײ־געשרייען און יאָמער־זאָגעכ־צער. איך האָף, אַז די אַלע אויפשריפטן זענען נישט פאַרניכטעט געוואָרן. טייל געפונענע טאָג־ביכער האָט מען איבערגעדרוקט, אין וועלכע דאָס שרייבן רייסט זיך איבער אין אַ געוויסן פרילינג־טאָג, 1943.

די מערהייט מענטשן איך געטאָ האָבן כמעט נישט געוווסט פון אונדזער גרויסן בראָך. נישט געוווסט פון דעם אומברענגען פון אונדזערע מוטיקע זין און טעכטער פון דער אונטערגרונד. דאָס צוגרייטן פאַרשידענע צרות איז אָנגעגאַנגען. מען האָט אונדז איינמאָל פאַרהאַלטן ביי דער אַרבעט (ביים נייען) צוויי טעג און נעכט, און מיר האָבן געמוזט פאַרטיק מאַכן טויזנטער שטיקלעך ווייסע לייוונט, אויסגענייט מיט שוואַרצן פאָדעם די בוכשטאַבן „ר״ אָדער „וו״, וואָס האָט באַדייט ריסטונג אָדער ווערמאַכט. דאָס איז געוואָרן פאַרטיילט צו אַלע אַרבעטנדיקע מענטשן. געווען איז דאָס אַ צוגרייטונג צום גיין אין לאַגער. ווער עס האָט געקראָגן אַזאַ בוכ־שטאַב, האָט עס געמוזט טראָגן צוגענייט צום מלבוש אויף דער ברוסט.

נאָר די אַנדערע? די נישט אויסגעוויילטע? די וואָס האָבן נישט באַ־קומען די שטיקלעך לייוונט? וואָס איז זייער גורל?

דאָ איז דער פּלאַץ צו דערמאָנען אונדזערע טייערע פאָלקס־קינסטלער, די הייליקע קדושים, וואָס זענען געזעסן אין געטאָ, געפייניקטע, הונגעריקע און קראַנקע, און געשאַפן. זיי זענען אויסגעזידלט געוואָרן מיט דעם טראַנספּאָרט, אָקטאָבער 1942. אונדזער גרויסער פאָלקס־זינגער מרדכי גע־בירטיק, וואָס האָט אין געטאָ געשאַפן זיינע געטאָ־לידער; אברהם ניי־מאַן — דער מאָלער,ביידע צוזאַמען האָבן זיך געוואַרעמט איינער ביים אַנדערן, געשריבן און געמאָלן. מער מזל האָט געהאַט מרדכי געבירטיק, ווייל זיינע לידער זענען אַריין אין די פאַרפּייניקטע הערצער און קינד־און־קייט האָט זיי געזונגען. די לידער זענען מיטגעגאַנגען אויף אַלע טויט־וועגן און דורך אַ נס זיך אַרויסגעקריגן אין דער פרייער וועלט אַריין. די מאָלערייען פון אברהם ניימאַן זענען ליידער אומגעקומען אין גרויסן פייער־פּלאַקער. און אפשר איז ערגעץ דאָ אַן איבערבלייבעכץ?

געהייליקט איז זייער אָנדענק!

איך האָב ביז אַהער געגעבן אַן אַלגעמיינעם איבערבליק פון דער צייט, פון דעם כלל. איצט קום איך צו די פּערזענלעכע משפּחה־איבער־לעבונגען, כראָנאָלאָגיש.

## קראָקע 1939 — 1940

מיר וווינען אין אונדזער היים אין קראָקע. מיין ערשט קינד, וואָס איז געגאַנגען אין בית־הספר עברי, קומט אייך טאָג אַ היים אַ פאַרוויינטע — מען האָט זי מער נישט געהייסן קומען אין שולע. פאַר יידישע קינדער זענען די שולן מער נישט נייטיק. האָבן מיר, אַ פּאָר עלטערן, זיך צוזאַמענ־גערעדט, געגאַנגען צום עברית־לערער ה׳ קוויטנער, און ער האָט אָנ־געהויבן מיט אַ פּאָר קינדער לערנען אין געהיים. יעדן טאָג אין אַן אַנדער הויז פון אַ קינד.

דערווייל ברענגט מען טויזנטער פּליטים קיין קראָקע פון די אָנגע־שלאָסענע שטעט צום דריטן רייך. האַרצרייסנדיקע בילדער פון די אומ־גליקלעכע. מען האָט זיי געגעבן שולן און בתי־מדרשים, ווו זיי וואַלגערן זיך נעבעך, אַלטע, קראַנקע, פרויען און קינדער צוזאַמען. אין שכנות איז פאַראַן אַ קליינע שול, וואָס איז געפּאַקט מיט די אומגליקלעכע מענטשן. איך נעם אַריין אין מיין הויז צוויי מיידלעך פון לאָדזש. די נויט און אָרעמ־קייט איז ביי אונדז אויך זייער גרויס, מען טיילט זיך אָבער מיט זיי מיט יעדן ביסן. יעדן טאָג נעם איך אַרויף עטלעכע קינדער אין מיין הויז זיי זאָלן זיך אָנוואַרעמען. דער ווינטער אין 1939—1940 איז אַ שרעקלעכער. איך וואַש די קינדער אין מיין הויז; וואַש זייערע קעפּלעך; גיב זיי זיך איבערצוטאָן; עפּעס צו עסן און זיי שפּילן זיך מיט מיינע קינדער.

מיר, קראָקעווער, וואָס זענען נאָך אין פּלאַץ, העלפן זיך אַרויס מיט אויספאַרקויפן בגדים, וועש און שטוב־חפצים. מען קריגט דערפאַר אַ ביסל הירזש, גרויפּן אַ ביסל שטינקענדיקן אייל געמאַכט פון די ליין־זוימען. פון די פּראָדוקטן האָב איך יעדן טאָג אָפּגעקאָכט אַ הירזש אָדער גרויפּן־זופּ און געהייסן אַלע קינדער פון דער שול אַרויפקומען יעדן טאָג 12

אַזייגער און געגעבן יעדן אַ ביסל הייסע זופּ. דאָס זענען געווען די ערשטע שרעקלעכע בילדער, ווען די קליינע אָרעמע קינדערלעך מיט די רויט־געשוואָלענע הענט פון קעלט, האָבן זיך באַוויזן ביי מיין טיר, האַלטנדיק די טעפּעלעך און שיסעלעך נאָך דעם ביסל זופּ. יעדעס פון די קינדער האָט אָנגעפילט מיין האַרץ מיט ליבע און רחמנות צו זיי. איך בין ליידער געווען הילפלאָז צו טאָן פאַר זיי עפּעס מער. דאָס האָט מיך אינגאַנצן צעבראָכן.

ווען דער ווינטער האָט זיך געענדיקט, איז געקומען דאָס שרעקלעכע. איך האָב צוגעגרייט, ווי יעדן טאָג, פאַר מיינע אָרעמע שפּעלעך דאָס ביסל וואַרעמס. ווען ס'איז געקומען די צייט צו הערן לויפן די קליינע פיסלעך אויף די טרעפּ צו מיין טיר, איז אָנשטאָט דעם געווען אַ טויטע שטילקייט. מיינע צוויי קינדער זענען שוין געשטאַנען און געוואַרט אויף זייערע קליינע שוועסטערלעך און ברידערלעך לצרה. זיי האָבן גאָרנישט געזאָגט, נאָר געקוקט אויף מיר מיט זייערע צעשראָקענע פרעגנדיקע אויגעלעך.

ליידער זענען זיי שוין מער קיינמאָל נישט געקומען. איך בין אַראָפּגעלאָפן אין דער שול אויסגעפינען וואָס עס איז געשען. אַריינגעקומען בין איך אין אַן אויסגעליידיקטער שול מיט אַרומוואַלגערנדיקע שמאַטעס. ביי־נאַכט האָט מען זיי אַלעמען פאַרנומען און אַוועקגעשיקט. וווהין?

איך בין געקומען אַ היים צו מיין מאַן און קינדער מיט דער ביטערער בשורה. מיר זענען געווען זייער צעבראָכן און געוואָרן אבלים נאָך אַזאַ גרויסער משפּחה און דערביי זיך אַליין געפרעגט: און ווען מיר?

צו באַהייצן די היים איז געווען דעם ווינטער נישט מעגלעך, מען קריגט נישט קיין קוילן. ביי דער ווייסל שטעלן זיך מענטשן אין רייען צו קריגן אַ שטיקל קויל. איך שטעל זיך אויך אַוועק, און ווען עס קומט שוין מיין ריי, בויג איך זיך אַראָפּ דאָס צו נעמען, גיט אַ דייטש אַ קאָפּע מיט דעם פוס אַ שטיק קויל, וואָס פאַלט מיר אויף דער האַנט און צעדריקט זי. איך בין אַוועקגעפאַלן אין שרעקלעכע יסורים. קיין קוילן האָב איך שוין אַ היים נישט געבראַכט. מען דאַרף מיר די האַנט אָפּערירן. דאָס יידישע שפּיטאָל (אין אַן אַנדער שפּיטאָל טאָר מען נישט גיין), איז אָבער פול מיט הרוגים, איז איבערפולט. דערווייל קריג איך גרויסע היץ. אין אַ פּאָר טעג

שפּעטער איז קוים געלונגען אַ דאָקטאָר, אין קאָרידאָר פון שפּיטאָל, מיך אָפּערירן.

מיין מאַן מוז יעדן טאָג זיין ביי זיין אַרבעט, דאָס איז דער באַפעל פֿון זיין קאָמיסאַר, כאָטש באַצאָלט קריגט ער נישט. אויך רייניקן דאָס אייז און שניי מוז מען יעדן צווייטן טאָג, אַזוי, אַז איך האָב געמוזט די צוואַנגס־אַרבעט טאָן פאַר מיר און פאַר מיין מאַן. איך האָב גערייניקט די הויפּט־גאַסן פון קראָקע מיט נאָך אַ פּאָר מענטשן. אַריינגיין זיך אָנוואַ־רעמען אין אַ טויער איז געווען שטרענג פאַרבאָטן.

מיין שוועסטער מיט אירע דריי קינדער ווינען שוין ביי מיר. זי האָט געמוזט פאַרלאָזן איר היים, ווייל זי האָט געווינט קעגנאיבער דעם וואַוועל, וווּ דער גובערנאַטאָר פראַנק, ימח שמו, איז געווען. אַזוי זענען די אָרימע קינדער, קאַלט און הונגעריק, דורכגעקומען די טעג, ווייל מיר זענען געווען ביי דער צוואַנגס־אַרבעט. די נויט איז געווען גרויס, קיין איינקונפטן האָט מען נישט געהאַט. מיין מאַן האָט מען געצאָלט אַזויפיל, אַז עס האָט נישט געקלעקט אויף דירה־געלט. כאָטש מיר האָבן געווינט אין אַן אייגן הויז האָבן מיר געמוזט צאָלן דעם קאָמיסאַר דירה־געלט. כדי צו פאַרדינען ביי עפּעס אַ פּאָר זלאָטעס, איז מיר איינגעפאַלן צו מאַכן, אין געהיים, לאָקשן, פאַרפל, זיי טריקענען און דאַן פאַרקויפן. דורך אַ באַקאַנטן האָב איך גע־קראָגן צו קויפן טרוקענע אייער און מעל. ביינאַכט האָב איך געמאַכט און געוועלגערט די לאָקשן. אויסגעלייגט אין איין שטוב טישטעכער און דאָס צעשפּרייט צו טריקענען. צומאָרגנס צעשניטן און געמאַכט האַלב־פונטיקע פּעקלעך און געהאָפט דאָס צו פאַרקויפן. זעט אויס די פייכטקייט פון די נישט־באַהייצטע שטיבער, אָדער אַנדערע סיבות, האָבן עס אַלץ צעשטערט. ווען איך בין געווען גרייט אַרויסצוגיין פאַרקויפן די סחורה, גיב איך אַ קוק אויף דעם און עס איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. אַלץ איז געווען גרין, פאַרשימלט און איך האָב געמוזט אַלץ אַרויסוואַרפן.

מיין מאַן האָט פאַר דעם קאָמיסאַר זייער שווער געאַרבעט און נישט געהאַט קיין צייט צו טאָן עפּעס פאַר זיין משפּחה. ער, דער גרויסער פאַר־דינער און אויסערגעוויינלעכער פאַרזאָרגער, וואָס האָט אונדז געגעבן

פון אַלעס בעסטן און טייערסטן, איז נעבעך געווען אַ הילפסלאָזער צע־בראָכענער מענטש.

אין צרות איז אַוועק דער ווינטער און ס׳איז געקומען אַ נייער פרי־לינג מיט נייע האָפענונגען. איך און מיין שוועסטער האָבן נאָכגעקלערט וואָס מען הייבט אָן צו טאָן. דאָ איז געקומען די ערשטע אויסזידלונג קיין לובליק. די צרות האָבן שוין פאַרנומען דעם אויבנאָן, מען איז אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרצווייפלונג, אָרעמקייט, נויט, הונגער, יעדן טאָג נייע קרבנות, שרעקלעכע באַריכטן פון אַלע טיילן פון לאַנד. מיין שוועסטער, זייער אַן אינטעליגענטער מענטש און אַ גרויסע חכמה, האָט אַלעס פאָרויסגעזען און מיר געזאָגט, אַז ליידער האָט קיינער פון אונדז נישט קיין מעגלעכקייט צו בלייבן לעבן, לאָמיר דעריבער זיך דורכרעדן ווי מענטשן וואָס פאַר־שטייען די לאַגע. צי ווילן מיר זען אונדזערע קינדער אומקומען פון הונגער און פחדים. אפשר וואָלט געווען דאָס בעסטע, אַז ווען אַלע גייען שלאָפן, דאָס הייסט — מיין מאַן מיט די קינדער און אירע דריי קינדער, (איר מאַן איז געווען אויף דער רוסישער זייט) אַז מיר זאָלן עפענען די גאַז און מיר זאָלן איינשלאָפן. ס׳האָט געדראָט די מעגלעכקייט, אַז אויב מיר וועלן דאָס נישט טאָן באַלד וועלן מיר שפּעטער שוין נישט האָבן קיין גאַז... נאָר זי האָט צוגעגעבן: עס איז נאָר געזאָגט, מען דאַרף דאָס נאָך גוט באַטראַכטן. איך בין געוואָרן זייער דערשראָקן פון דעם זעלבסטמאָרד־פּלאַן.

זי האָט באַלד איינגעזען, אַז זי האָט דאָס געזאָגט אין אַ מינוט פון גרויסער פאַרצווייפלונג. זי האָט זיך זייער צעוויינט און מיר געגעבן דעם ענטפער, וואָס איך האָב געוואָלט איר געבן: ניין, מיר טאָרן בשום אופן אַזוי נישט דענקען, ווייל עס זאָגט זיך ביי יידן: „אויב מען דערהאַלט נאָר איין מענטשן ביים לעבן, איז ווי מען וואָלט דערהאַלטן אַ גאַנצע וועלט״. פון וואַנען ווייסן מיר, אַז פון אונדז וועט נישט עמעצער בלייבן לעבן? מיר מוזן אָננעמען אַ באַשלוס צו קעמפן מיט וואָס מען זאָל נאָר קאָנען כדי איבערצולעבן אונדזערע פאַרטיליקער.

טייערע שוועסטער מיינע, דו און דיין מאַן און איין זון, זענט איר אומגעקומען אין טויטן־לאַגער אין בעלזשעץ. ווען דו וואָלסט געוווּסט, אַז פון די דעמאָלסטיקע אַכט, זענען פינף געבליבן לעבן: איך, מיט מיינע

צוויי קינדער און דיינע צוויי קינדער, ווייס איך וואָס דו וואָלסט געזאָגט:
יאָ, עס האָט זיך געלוינט. מיר האָבן זיי באַזיגט!
און אפשר ווייסטו יאָ פון דעם?...

# די אויטאָ־דאַ־פע דעם צווייטן טאָג ראש־השנה און דאָס מסירת־נפש פון מיין צען־יאָריקער טאָכטער אין דעם קליינעם שטעטל גראָדזישיסק

ראש־השנה, 1941.

אין קראָקע און אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך, איז צום סוף 1940 שוין געווען זייער ביטער, נישט צום אויסהאַלטן. די טאָג־טעגלעכע קרבנות, דער הונגער, די שרעקלעכע רעוויזיעס, דאָס צונעמען אַלצדינג און דאָס גרייטן זיך צו גיין אין געטאָ.

מיין מאַן האָט געהאַט אַ באַפעל פון זיין קאָמיסאַר ער זאָל זיך נישט גרייטן צו פאַרלאָזן קראָקע, ווייל ער מוז אים האָבן, ווי ביז היינט, צו לייטן דאָס געשעפט מיט דער קאַנצעלאַריע און מיט די אַנדערע אָנגעשטעלטע. דאָס איז געווען דאָס גרעסטע געשעפט אין פוילן פון דער פאַפיר־בראַנזשע און אַלע אַנדערע צוגעהעריקע זאַכן, מיט פיליאַלן אין אַלע גרעסערע שטעט אין פוילן. די צענטראַלע איז געווען אין קראָקע און געהערט צו די אייגנטימער, די טייערסטע און קאָלירפולסטע פערזענלעכקייטן אין פוילן, די ברידער אַלעקסאַנדראָוויטש.

מיר גייען אין געטאָ, אָבער זייער פיל מענטשן זענען געלאָפן אין קליינע שטעטלעך, ווו מען האָט נאָך געקראָגן עסן פון די אַרומיקע דער־פער און עס זענען נישט געווען אַזויפיל דייטשן. מיר, ווי אַלע אַנדערע, האָבן געהאַט גענוג זאָרג אין געטאָ מיט די קינדער — צי וועט מען האָבן עסן פאַר זיי. דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן, איך און מיינע צוויי קינדער און מיין שוועסטער מיט אירע דריי קינדער, אַז מיר זאָלן פאָרן אין דעם שטעטל ג ר אָ ד ז י ש י ס ק, ווו עס האָט געוווינט אונדזערע אַ ווייטע קרובה.

# און די זון האָט געשײַנט

זי האָט אונדז זייער צוגערעדט מיר זאָלן קומען צו זיי. דאָס איז געווען אָנהייב 1941. מיר זענען אַוועק, און מיין מאַן מיט זיין משפּחה און עלטערן זענען געגאַנגען אין געטאָ. מיין מאַן האָט געהאַט אַ פּאַס אַרויסצוגיין יעדן טאָג צו דער אַרבעט.

נאָר עס זאָגט זיך אַזוי „פּאָרן", אַז קיין יידן טאָרן זיך נישט באַנוצן מיט קיין שום לאָקאָמאָציע, אַפילו נישט גיין צופוס. האָבן מיר אָנגעהויבן מאַכן צוגרייטונגען. אין דעם שטעטל, ווו מיין משפּחה האָט געוווינט, האָבן זיי, ווי אין יעדן קליין שטעטל, געהאַט איבערגעגעבענע פּויערים (אַזוי האָט זיך געדאַכט), איבערהויפּט ווען זיי האָבן דערפילט אַ גרינג פּאַרדינסטל. זיי האָבן געשיקט אַ פּויער מיט אַ פּויערטע אַריבערצופירן אונדז מיט דער באַן.

זיי האָבן מיטגעבראַכט זייערע פאַרשידענע פּאַפּירן און אויך פּויערישע קליידער פאַר יעדן פון אונדז. זיי האָבן גענומען אויף די הענט מיין צוויי־יאָריק פּויעריש־אָנגעטאָען קינד און ביי דער האַנט מיין צען־יאָריק איבער־געטאָענע טאָכטער. אויך מיין שוועסטערס קינדער, אַ יינגל פון פערצן יאָר, אַ צווייטער פון 11 און אַ טאָכטער פון 16. אַלע זענען געווען פּינקטלעך איבערגעטאָן. זיי האָבן זיך אין קראָקע אויפן באַנהויף, ווו מען האָט גע־דאַרפט וואַרטן אַ פּאָר שעה אויפן צוג, געהאַלטן צוזאַמען. אַלע קינדער האָבן גערעדט אַ פּערפעקטן פּויליש. איך מיט מיין שוועסטער, אָנגעטאָן ווי פּויערטעס, זענען געווען פאַרזאָרגט מיט פּאַפּירן און בילעטן. מיר האָבן געהאַלטן אין דער האַנט אַ רוזשאַניעץ (אַ קראַנץ הייליקע קרעלן) אָדער דאָס געבעט־ביכל און זיך געהאַלטן ווייט פון די קינדער. געווען איז דאָס אַרום 12 ביינאַכט. מיר האָבן געהאַלטן די קעפּ אַראָפּ, שלעפעריק, מען זאָל וואָס ווייניקער זען די פּנימער, קיינער זאָל אונדז חלילה נישט דערקענען. מיט מזל איז אָנגעקומען אַ צוג. פון דער ווייטנס האָבן מיר צוגעקוקט צי אַלע קינדער זענען אַריין. דער געדראַנג איז געווען שרעקלעך. דאַן זענען מיר אויך אַריין אין צוג, מען פאָרט. נאָך ווען און נאָך וואָס ?

אין זייער אַ קאַלטן גרויען פרימאָרגן, זענען מיר בשלום אָנגעקומען אין שטעטל. די אַכט קילאָמעטער פון דער באַן האָט אונדז צוגעפירט אַ וואָגן.

מען האָט געמיינט, אַז דאָס לויפן האָט טאַקע אַ ווערט. די דאָרטיקע ייִדן האָבן אונדז געגעבן אַ באַווייז, אַז ביי דער ערשטער מלחמה האָט מען דאָרט אפילו קיין זעלנער נישט געזען. דאָס שטעטל ליגט אָן אַ זייט, נישט ביי קיין וויכטיקן טראַקט. צוליב וואָס דאַרפן די דייטשן דאָרט אַהין קומען? דער קאָנטינגענט פון די פויערים פאַר דער דייטשישער מאַכט שטעלט דער סאָלטיס צו ווו מען דאַרף. וואָס נאָך האָבן זיי דאָרט צו זוכן? די אָרעמע אפשר 60 פאַמיליעס, וואָס זענען דאָרט? דאָס איז אָבער געווען אַ געגנוגנדיקער גרונט אויך דאָ אויסצופירן אַלע גרויזאַמקייטן ווי אין אַלע ייִדישע ישובים און אויסשעכטן אַלע ביז איינעם פון די דאָרטיקע ייִדן, ווי אויך די פּאָר צוגעפאָרענע משפחות פון קראָקע. עס איז געווען גענוג, אויב מען האָט געהערט אָנקומען אַ מאָטאָציקל פון דער וויטנס, אַז דאָס גאַנצע שטעטל ייִדן זאָלן זיך שוין האָבן אויסבאַהאַלטן אין פעלדער, וועלדער, לעכער. אויב זיי האָבן נישט געוואָלט דערשאָסן ווערן.

אין צרות און ליידן זענען געגאַנגען די חדשים. מיר האָבן מיטגענומען פאַרשידענע קליידער, בעטגעוואַנט און אַנדערע חפצים, כדי צו קאָנען דאָס פאַרקויפן און האָבן פון וואָס צו לעבן. ספּעציעל מיין שוועסטער, וועלכע האָט געהאַט אַ פעלץ־געשעפט אין קראָקע, האָט אַהין געשיקט פריער, מיט איר גויאישן משרת, גאַנצע פּעק פוטערוואַרג, פאַרטיקע פוטערס און בינט־לעך פעל. מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז מען וועט עס קאָנען פאַרקויפן און דערמיט דורכקומען. עס וועט דאָך אייביק אַזוי נישט בלייבן! מיין שוועס־טערס מאַן איז געוואָרן פאַרוואָגלט אין דער סאָוויעטישער זייט, אין פּשע־מישל. שפּעטער איז ער אויך אַהער געקומען צו אונדז, ווו ער האָט גע־פונען דעם טויט.

מיין מאַן האָט מיר אָפט געשריבן און געשיקט זאַכן פאַר די קינדער, און איך האָב, ווי ווייט מעגלעך, אים געשיקט פּעקלעך עסן צו דעם פּלאַץ, ווו ער האָט געאַרבעט.

די צוויי אָדער דריי דייטשישע מערדער, וועלכע פלעגן יעדעס מאָל קומען איך שטעטל אַריין, האָבן שטענדיק אָנגעמאַכט אַ חורבן. ווען מיין קליין צוויי־יאָריק קינד האָט פון דערווייטנס געהערט פאָרן די משחיתים, האָט זי געשריגן: „זיי פאָרן! לאָמיר אַנטלויפן!"

גײן צו די פּויערים עפּעס צו קויפן איז געווען פֿאַרבאָטן. נאָר מיט סכנות־נפֿשות האָט מען זיך געקאָנט פֿאַרשאַפֿן עפּעס צו עסן. מען האָט געהערט פֿון די צרות און אויסזידלונגען פֿון אַנדערע שטעט און שטעטלעך. אויך אין קראָקע איז אין זומער 1941 געווען די אַקציע.

אין שטעטל האָט מען זיך געגרייט צו די הייליקע טעג אויסצוגיסן די ביטערע הערצער, אפֿשר וועט דאָך דער הייליקער פֿאָטער אונדז נישט פֿאַרלאָזן. מען האָט געבעטן, געטענהט: — דו שרעקסט אונדז טאַקע, אָבער דערשלאָג אונדז נישט מיט אונדזערע קלײנע אומשולדיקע קינדער! מען האָט געהאָפֿט, אַז מיט דעם נײַעם ייִדישן יאָר, וועט די הילף קומען פֿאַר אַלע ייִדן, און די מערדער וועלן אײַנבעמען אַ מפּלה.

מען הערט קלאַנגען וועגן פּאַרטיזאַנער אַרום אין די וועלדער. יעדער ווייסט אַן אַנדערן סוד.

ס׳איז אָנגעקומען ראש־השנה.

איך בין געווען קראַנק. געלעגן אין בעט. קײן דאָקטאָר אין שטעטל איז נישט געווען (וועגן דעם שרײַב איך אין אַן אַנדער אָרט), פֿון בעט האָב איך נישט געקאָנט אַראָפּ. און דאָ, דעם צווײטן טאָג ראש־השנה נאָכמיטאָג, הערט מען, אַז די רוצחים קומען, ווי אַלעמאָל, אין אַ ייִדישן יום־טוב. דאָס גאַנצע שטעטל, יונג און אַלט, איז זיך צעלאָפֿן. זיך באַהאַלטן ווו אײנער האָט נאָר געקאָנט. איך הײס מײַן שוועסטער זי זאָל לויפֿן מיט אירע קינדער. אויך אַ שוועסטערן־זון פֿון אַן אַנדערער שוועסטער, זי און איר מאַן האָבן שוין נישט געלעבט. איך רוף צו מײַנע קינדער צום בעט, ווײַל זײ האָבן געוווינט. די עלטערע טאָכטער, שוין אַ פֿאַרשטענדלעכע, האָט אָן מיר נישט געוואָלט לויפֿן. איך בעט מײַן שוועסטער: דײַנע קינדער זענען אויסבאַהאַלטן, לויף ראַטעווע דיך אויך. נאָר זי וויל מיך נישט איבערלאָזן. מײַנע צוויי קינדער זיצן בײַ מיר אויפֿן בעט, מײַן שוועסטער דערנעבן און מען וואַרט אויף דעם טויט.

געווווינט האָבן מיר בײַם הויפּט־אַרײַנקום אין שטעטל, און מיר זעען ווי די רוצחים לויפֿן אַרום איבער די ייִדישע הײַזער. זײ געפֿינען קײנעם נישט. כאַפּן זײ אַ שגץ און הײסן אים אַרויסטראָגן פֿון אַלע שטיבלעך די ספֿרים און טליתים אין מיטן מאַרק. זײ האָבן אָנגעטראָגן גאַנצע בערג

און אונטערגעצונדן און דערביי ווילד געשריגן:

— ווו ביסטו, דו הייליקער מאָזעס? העלף דיינע יידן! מיר וועלן זיי שויןָ העלפן!

אַלע הייזלעך האָבן זיי שוין חרוב געמאַכט און זיי קומען צו אונדזער הויז. דאָס ערשטע האָבן זיי אויסגעהאַקט די פּענצטער־שויבן מיט די רע־וואָלווערן און צעהאַקט די האַלץ־ראַמען און ווילד געשריגן: — דאָ זענען יידן! זיי זענען אַריין צו אונדז אין שטוב. איינער האָט ביים צעהאַקן די שויבן, זיך צעבלוטיקט אַ פינגער און דאָס ערשטע האָט ער באַפוילן מיין שוועסטער זי זאָל אים באַנדאַזשירן דעם פינגער. (מיר האָבן געהאַט מיט־געבראַכט באַנדאַזשן און אַנדערע זאַכן). דאַן האָבן זיי געפרעגט פאַרוואָס איך בין אין בעט? איך האָב זיי געזאָגט אַז איך בין קראַנק. זייער ענטפער איז געווען — אויב דו ביסט קראַנק מוזטו שטאַרבן! פאַר שרעק זענען מיר ווי געליימט געווען און געוואַרט אויף דעם וואָס עס וועט קומען.

געהאַט האָבן מיר אַ סך ספרים און ביכער, וואָס מיר האָבן געבראַכט פון אונדזער היים, זאַכן וואָס זענען אונדז געווען זייער טייער. ווען זיי האָבן דערזען די שאַנק מיט ביכער, האָבן זיי אָנגעהויבן ברעכן אַלץ אין הויז און אַלע צעבראָכענע שטיקער מיר געוואָרפן אין בעט אַריין. איך האָב נאָר מיין קליין קינדס קעפּעלע צוגעדעקט מיט מיינע הענט און עס באַשיצט ווי ווייט איך האָב געקאָנט. דאַן האָבן זיי באַפוילן מיין עלטער קינד זי זאָל אַרויסטראָגן צום פאַרברענען אַלע ספרים און ביכער אין מאַרק, אויף דעם באַרג ספרים און טליתים וואָס האָבן שוין געברענט.

מיין קינד האָט געוווּסט ווי טייער די ספרים זענען ביי מיר, ספּעציעל דער תנ״ך, ביאַליקס שירים און פאַרשידענע אַנדערע ביכער. זי האָט געוווּסט ווי איך און מיין מאַן האָבן באַזונדערס טייער געהאַלטן איין ספר. מיין מאַן, איר פאָטער, האָט איר דערציילט וואָס דער ספר באַדייט פאַר אונדז.

מיר זענען געווען קרובים פון דעם רב פון קענט, הרב לאַנדוי (דעם ערשטן נאָמען געדענק איך נישט). געוווינט האָט ער אין אָשוויענטשים. צו שמחות אין דער משפחה זענען זיי געקומען. ווען דער רב האָט חתונה געמאַכט זיינע קינדער זענען מיר אַהין געפאָרן.

בעת ער האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, אין די שפּעטע צוואַנציקער

יאָרן, זענען מיר געווען בײַ דער חתונה אין אָשוויענטשים. מײַן מאַן, כאָטש זײַער אַ מאָדערנער מענטש, איז געווען זײַער באַליבט בײַ אונדזער רבנישער משפּחה, און בײַ דער חתונה האָט אונדז דער קענטער רב גע־געבן אַ טײַערע מתנה, אַ ספר, וואָס ער האָט מחבר געווען און אונדז גע־זאָגט: — דער ספר איז אײַער יחוס־בריוו; דער יחוס גייט צוריק ביז צום רמ״א. דערבײַ האָט ער אָנגעוויזן, אַז מײַן מאַן, פֿון זײַן מוטערס צד, איז פֿון דעם רמ״א׳ס גזע.

מיר זענען געווען זײַער גליקלעך צו האָבן דעם ספר. מײַן קינד האָט פֿון דעם געוווּסט. איצט, ווען זי אַליין האָט אים געדאַרפֿט לייגן אין פֿײַער אַרײַן, האָט זי פֿאַרטראַכט אַ מיטל ווי אַזוי עס צו ראַטעווען:

דאָס הײַזל, וווּ מיר האָבן געוווינט, האָט געהאַט אַ פֿאָרהויז און צוויי שטובן פֿון בײדע זײַטן: אין איין זײַט, וווּ מיר האָבן געוווינט, און אין דער צווייטער, וווּ אונדזער יידישער בעל־הבית האָט געוווינט. אין עק פֿון דעם פֿאָרהויז איז געווען אַ פֿינצטער שטעלעכל, וווּ זיי האָבן געהאַלטן אַ קו. האָט מײַן קליינע חכמה זיך גוט באַרעכנט און אַלע ביכער געלייגט אויף איר קליין הענטל אויף אַזאַ אופֿן, אַז די מיט עברית רוקנס (זי איז געווען אַ שילערין פֿון תרבות־שולע), האָט זי געלייגט פֿון אויבן. אַרויס־טראָגנדיק די ביכער, האָט זי געגעבן אַ שפּרונג אויף צוריק און אַרײַנגע־וואָרפֿן די אויבערשטע ביכער אין שטאַל צו דער קו און דאָס רעשט צוגע־טראָגן צום שײַטערהויפֿן מיט דעם באַרג ספרים. דאָס פֿײַער איז געוואָרן גרעסער און גרעסער און זיך געריסן און געשריגן צום הימל.

אַזוי האָט די קליינע העלדין אָפּגעראַטעוועט דאָס, פֿאַר וועלכע אַזוי־פֿיל יידישע דורות האָבן שוין אָפּגעגעבן אַזויפֿיל לעבנס. דער נס איז געווען גרויס. די טײַוואָלאָנים אין זײַער שדים־טאַנץ האָבן איר נישט נאָכגעקוקט. ווען אַלץ אין שטוב איז שוין געווען חרוב, זענען מיר געווען גרייט אויף דאָס ערגסטע. אָבער ווי איבערראַשט זענען מיר געווען, אַז נאָך די ערגסטע זידלערײַען זענען די רוצחים אַרויס פֿון שטוב, זיך געזעצט אויף די מאָ־טאָציקלען און זענען אַוועקגעפֿאָרן.

דאָס שטעטל מיט מענטשן האָבן געוווּסט, אַז איך ליג קראַנק און האָב נישט געקאָנט אַנטלויפֿן. פֿון זײַערע באַהעלטענישן האָבן זיי געזען

דעם רויך און די פלאַמען פון דער אויטאָדאַפע. נאָך אַ פּאָר שעה, ווען זיי זענען געוואָר געוואָרן פון די פויערים, אַז די משחיתים זענען אַוועק פון שטעטל, האָט נעבעך די קליינע עדה יידן אָנגעהויבן צוריקקומען און מיט וואַקלענדיקע פיס זיך צוגעשלייכט צו אונדזער הויז, גרייט אויף דאָס ערגסטע. זיי האָבן אָבער אונדז געפונען לעבעדיקע. דאַן האָט אויך מיין טייער קינד אונדז איבערראַשט מיט איר מסירת־נפש און אַריינגעבראַכט אין שטוב די ספרים, וואָס זי האָט אָפּגעראַטעוועט.

אָבער אויף ווי לאַנג?...

# די פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער

## מיין מיטהילף צו פאַרניכטן די דייטשישע הויפּט־קוואַרטיר — 16 דייטשישע אָפיצירן זענען טויט

זומער 1941.

איך בין אַוועק פון קראָקעווער געטאָ און געלעבט אין שטעטל גראָד־זשיסק. קיין צוריק איז נישט געווען. און ווען אפילו יאָ?...

מיין מאַן איז געבליבן אין קראָקע. זיין גאַנצע משפחה האָט מען אַרויסגעשיקט. אים דאַרף דער קאָמיסאַר האָבן און ער האָט אים פאַרהאַלטן. ער ווערט יעדן טאָג אַרויסגעלאָזט פון געטאָ מיט ספּעציעלע פּאַפּירן. ער שיקט מיר פון זיינע קליינע פאַרדינסטן יעדן חודש אַ פּאָר זלאָטעס. מיין שוועסטער מיט אירע דריי קינדער זענען מיט מיר צוזאַמען. איך און מיין שוועסטער פאַרקויפן צו די אַרומיקע פויערים אונדזערע זאַכן, וואָס עס לאָזט זיך נאָר, מלבוש נאָך מלבוש, כדי צו האָבן פאַר די קינדער אַ ביסל מילך און קאַרטאָפל. מיר טוישן טישטעכער, דעקן, קישנס, קאָלדרעס און אַנדערע חפצים אַבי דאָס חיות צו דערהאַלטן. איך שפּאָר אויך אָפּ, כדי צו קאָנען יעדע וואָך שיקן צו מיין מאַן אַ פּאָסט־פּעקל אויף אַן אַדרעס פון אַ פּאָליאַק, וועלכער אַרבעט מיט מיין מאַן ביים זעלבן קאָמיסאַר. אין קראָקע ווערט כסדר ערגער, מען הונגערט.

דערווײַל זענען מיר געווען אין גרויסע דערוואַרטונגען מיט געמישטע געפילן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קריג צווישן דײַטשלאַנד און די סאָוויעטן, מען האָט געהאָפט, אַז די דײַטשן, אונטער דער לאַסט פון צוויי פראָנטן, וועלן האָבן די מפּלה. קיין גענויע ידיעות פון גאַנג פון דער מלחמה האָבן מיר נישט געהאַט. דאָס שטעטל איז געוואָרן אַ וויכטיקער פּונקט — נישט ווײַט לויפט דער טײַך סאַן. אין שטעטל האָבן סטאַנציאָנירט דײַטשישע מיליטער־אָפּטיילונגען אַרום גרויסע מאַסן קוילן־וואַרפער. די אויפרײַסן פון די קוילן־וואַרפער אַריבער דעם סאַן, דאָס באָמבאַרדירן אין דער לופט — זענען שרעקלעך. אוודאי לעבן מיר אין גרויס פּחד, איבערהויפּט די קליינע קינדער, אָבער אין האַרצן האָט געטליעט אַ פונק פון האָפענונג, אפשר וועט מיט דעם פּחד קומען פאַר אונדז די הילף?

דערווײַל גייען פאַרבײַ טעג און נעכט אין הונגער, מרה־שחורה און דאגות. דאָן איז גראָד אונדזער קרובה, צו וועלכער מיר זענען געקומען, גאָר געגאַנגען צו קינד. נאָכן האָבן דאָס קינד בײַ אַזעלכע אומשטענדן, איז זי געוואָרן זייער קראַנק, געהאַט שרעקלעכע בלוט־שטורצן און קיין דאָק־טאָר איז נישטאָ. מיר האָבן גראָד געהאַט מיטגענומען פון קראָקע אַ גאַנצן זאַפּאַס פון פאַרשידענע מעדיצינען. אַ באַקאַנטער קראָקעווער אַפּטייקער האָט אונדז אײַנגעשאַפט אַן אויסוואַל פון פאַרשידענע רפואות, על כל צרה שלא תבוא. איך האָב אַ זוך געטאָן און טאַקע געפונען אײַזן־וואַטע, אײַזן־טראָפּנס, מיט קאַלטע קאָמפּרעסן דערצו, איז מיר טאַקע געלונגען אײַנ־צושטילן דאָס בלוט. אין צווישנצײַט איז אויך דאָס קינד קראַנק געוואָרן. מײַנע מיטגעבראַכטע מעדיצינען, דאָס ביסל קענטעניש, וואָס איך האָב געהאַט — איך האָב גענומען מעדיצינישע קורסן פאַר ערשטער הילף, — דאָס ביסל דערפאַרונג, האָט מיר נסימדיק געהאָלפן צו דערהאַלטן די קראַנקע בײַם לעבן.

די זאַך האָט זיך צעטראָגן איבער דעם קליינעם שטעטל, איבערהויפּט צווישן די פּויערים. מען האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ דאָקטאָר־זנאַכער. קלאַנ־גען זענען אַרומגעגאַנגען, אַז איך באַוויײַז וווּנדער. באַלד האָבן אָנגעהויבן שטראָמען צו מיר פּויערים פון דער גאַנצער געגנט, איך זאָל זיי העלפן אין זייערע חולאתן. איך האָב זיי דערקלערט, אַז איך ווייס גאָרנישט פון

היילן מענטשן און זיי געבעטן זיי זאָלן צו מיר נישט קומען. נאָר וואָס מער איך האָב זיי אָפּגעזאָגט, אַלץ מער זענען זיי געקומען. איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער עצה ווי פון צייט צו צייט זיי צו שיקן אין דעם נאָענטן שטעטל אין אַפּטייק צו קויפן מעדיצינען, וואָס איך האָב געוווּסט, אַז מען פאַרקויפט זיי אָן אַ רעצעפּט און זענען מיטלען צו באַרואיקן נערוון אָדער קעגן אַ מאָגן־פאַרדאַרבונג. מעדיצינען, וואָס אויב זיי העלפן נישט, קאָנען זיי אָבער אויך נישט פאַרשאַטן.

איינמאָל איז צו מיר געקומען מיין קרובהס מאַן און מיר דערציילט, אַז אַ זייער וויכטיקע פערזענלעכקייט אין דער געגנט, דער רייכער פּויי־לישער מילנער, וואָס פאַרמאָגט זיין פאַרמעגן בערך אַ 25 קילאָמעטער פון שטעטל, איז קראַנק. האָט ער אים געבעטן ער זאָל מיט מיר רעדן איך זאָל זען אים צו העלפן. און אַזוי ווי זיי האָבן פון אים אַ גרויסע הכנסה זאָל איך זיי דאָס טאָן. וואָס האָב איך געזאָלט טאָן אין דעם פאַל?...

איך האָב געמוזט אים הייסן קומען. ער האָט פאַר מיר אויסגעזאָגן זיין ביטער האַרץ, אַז ער פילט אַ ווייטיק אין האַרץ און ער ווייסט, אַז ער האָט אַ שווערע האַרץ־קראַנקייט. איך האָב אים גענומען דעם פּולס וואָס יעדער איינער קאָן זען אויב עמעץ איז אין אַ נערוועזן צושטאַנד; אים אויסגעהערט און געפרעגט צי ער האָט נישט אַמאָל קרענקונגען, און האָב אים אויפגעשריבן צו קויפן אין אַפּטייק אַ פּאָר פלעשלעך פּאַסאַ־פלאָרינאַ, אַ מיטל צו באַרואיקן די נערוון, וואָס איך אַליין האָב דאָס אַמאָל גענוצט מיט גאָר גוטע רעזולטאַטן. די רפואה האָט טאַקע געהאָלפן. איז ער צו מיר ווידער געקומען זיך אַ ביסל דורכרעדן. ער פלעגט זאָגן, אַז דער שמועס אַליין העלפט אים אויך... ער האָט מיר געוואָלט צאָלן מיט שפּייז־פּראָדוקטן אָדער געלט. איך האָב זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון נעמען עפּעס, אונטערשטרייכנדיק, אַז איך בין נישט קיין דאָקטאָר.

די נויט איז דערווייל געוואַקסן. צוזאַמען מיט די פּחדים און די שרעק־לעכע בשורות, האָבן זיך דערטראָגן ידיעות פון אַלע זייטן וועגן אומקום פון אונדזערע טייערע. דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט. מיר האָבן

נישט געקאָנט קויפן קיין האָלץ צו באַהייצן פֿאַר דעם ווינטער. איך און מיין שוועסטער האָבן באַשלאָסן צו גיין יעדן טאָג אין וואַלד אַריין זאמלען טרוקענע צווייגן און שטיקער האָלץ און ברענגען עס אַהיים. מיר פלעגן מיטנעמען מיט זיך אונדזערע קינדער. ווען איך און מיין שוועסטער זענען אַריין טיף אין וואַלד זאַמלען די טרוקענע צווייגן אין האָלץ־בינטלעך זענען די קינדער געבליבן ביים ברעג פון וואַלד. די קלענערע בינטלעך האָבן די קינדערלעך געטראָגן אַהיים אויף די פלייצעס און די שווערערע האָבן מיר געטראָגן.

אזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען אַ געוויסע צייט. מיר האָבן געמאַכט אָנ־שטרענגונגען צו זאַמלען וואָס מער האָלץ. אין דער זעלבער צייט איז דאָס געווען ווי אַ צייטפאַרטרייב אין דעם אומעטיקן קליינעם שטעטל.

איינמאָל האָבן מיר דערהערט אַ געשאָרך צווישן דעם בלעטערוואַרג און גראָזן, טריט האָבן זיך דערנענטערט. באַלד האָבן זיך פון צווישן די בוימער באַוויזן צוויי מענער־געשטאַלטן אָנגעטאָן אין לעדערנע קורטקעס. זיי האָבן געטראָגן מיט זיך ראַדיאָ־אַפּאַראַטן און אַנדערע מכשירים, וואָס מיט דעם ערשטן בליק האָבן מיר נישט געקאָנט וויסן צו וואָס זיי דינען. געמיינט האָבן מיר, אַז דאָס זענען דייטשן. זיי האָבן זיך אָבער באַלד גע־לאָזט דערקענען. דאָס זענען געווען פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אָפּעריירט הינטער די דייטשישע פראָנט־ליניעס. זיי האָבן צו אונדז גערעדט אין אַ גע־בראָכענעם פויליש, געמישט מיט אַ ביסל דייטש. אויסגעזען האָבן זיי צו זיין סקאַנדינאַווער. דערשראָקענע איז אונדז דאָס לשון אָפּגענומען גע־וואָרן. פון זייער געשפּרעך איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז זיי פּאָלגן נאָך די דייטשישע מיליטער־באַוועגונג. מיר זענען פון זיי שנעל אַוועק צו די קינ־דער אַהיים.

פון די גרויסע דייטשישע מיליטערישע אָפּטיילונגען וואָס האָבן דורכ־מאַרשירט דאָס שטעטל אַריבער דעם סאַן האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז עפּעס קאָכט זיך אין דער וועלט. מען האָט זיך איינגערעדט און געהאָפט. דאָס טרעפן די פאַרטיזאַנער האָט אונדז צוגעגעבן האָפענונג, אַז ס׳איז דאָ אַ כוח אין דער וועלט, וואָס וועט די צרות אָפּשטעלן און צעשלאָגן די רוצחים. מען האָט אַזוי געוואָלט דערלעבן אַ ביסל נקמה, זענען אָבער אַלץ

מער און מער אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעות פון די גרויליקע פייניקונגען אין אַלע שטעט און שטעטלעך.

מיר זענען, ווי פריער, געגאַנגען אין וואַלד און ווידער געטראָפן איינעם פון די צוויי מענער. מיר האָבן זיך מיט זיי אָפּגעשטעלט. זיי האָבן געוווּסט, אַז מיר זענען יידישע פרויען. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויב מיר ווייסן נישט ווו עס געפינט זיך דער דייטשישער שטאַב? זיי ווייסן, אַז ער איז דאָ ערגעץ אין דער געגנט נאָר ווייסן נישט ווו די הויפּט־קוואַרטיר איז. איך האָב וועגן דעם גאָרנישט געוווּסט. פון וואַנען האָט אַ פרוי ווי איך געקאָנט וויסן ווו דער דייטשישער הויפּטשטאַב געפינט זיך?

גאָט האָט אָבער געהאָלפן. דער פּוילישער מילנער איז ווידער געקומען צו מיר אויף איינע פון זיינע וויזיטן. נאָכדעם ווי ער האָט אַ צייט לאַנג זיך געפילט בעסער האָט ער ווידער דערפילט אַ ווייטיק אין האַרצן. ווי געוויינלעך, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און איך האָב אים געשטעלט פראַגן וועגן זיין געזונט און וועגן זיינע ערגערנישן, צי האָט ער נישט עפּעס נייע פאַרדרוסן וואָס מאַכן מאַכן אים פילן ערגער.

— די דייטשן האָבן רעקווירירט מיין מיל און מיין הויז פאַר זייער הויפּט־קוואַרטיר. מיך האָט מען געהייסן גיין פון דאָרטן. איך וווין איצט אין דאָרף, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שווער געמיט. אָט דער שמועס האָט מיר דערציילט, ווו דער דייטשישער שטאַב געפינט זיך. איך בין געוואָרן זייער אומרואיק, האָב אים געגעבן אַ פלעשל וואַלעריאַנע טראָפּנס וואָס איך האָב פאַרמאָגט און געוואָלט ער זאָל שוין גיין. פון מינוט צו מינוט בין איך געוואָרן אומרואיקער. געטראַכט האָב איך: איך ווייס שוין... און אַ נקמה־געפיל האָט מיין האַרץ פאַרנומען. אין מיר האָט געזונגען: נקמה! נקמה! ווי אַמשנעלסטן לויפן אין וואַלד אַריין, נאָר היינט איז שוין שפּעט, מאָרגן, יאָ, מאָרגן, אין וואַלד צו די פאַרטיזאַנער! איך וועל זיי מוזן געפינען! די נאַכט האָב איך געפיבערט און זיך געוואָרפן, קיין מינוט נישט געשלאָפן.

אויף צומאָרגנס, ווי געוויינלעך, בין איך אַוועק אין וואַלד. דאָס מאָל האָב איך אָנגעזאָגט מיין שוועסטער צו בלייבן מיט די קינדער. איך בין אַרייַן מיט אַ פלאַכטע אין וואַלד, ווי שטענדיק, צו נעמען האָלץ, געזוכט האָב איך אָבער פייער... דער פאַרטיזאַן האָט זיך באַוויזן. מיט אַ ציטערדי־

קער און אײַליקער שטימע האָב איך אים איבערגעגעבן דעם סוד און בין מיט אַלע כוחות צוריק אַוועק צו די קינדער.

צוויי טעג שפּעטער האָט זיך אין שטעטל געטומלט מיט די נײַעס, אַז אַ באָמבע האָט אויפגעריסן די מיל און זי אינגאַנצן צעשמעטערט. דאָס הויז ליגט אין חורבֿות. 16 דײַטשישע אָפיצירן זענען דערהרגעט געוואָרן אויפן אָרט.

מײַן האַרץ האָט אָנגעהויבן שנעל־שנעל צו קלאַפּן...

## געשטאַפּאָ אַרעסטירט מיך

עס איז געווען סוף זומער. פון יאַראָסלאַוו איז אָנגעקומען אַ באַפעל מיך צו אַרעסטירן. צוויי פּוילישע פּאָליציאַנטן זענען אַרײַנגעקומען צו מיר אין שטוב, געהייסן מיך זיך אָנטאָן און גיין מיט זיי, אויפן באַפעל פון דער געסטאַפּאָ. איז געוואָרן אַ בהלה אין שטעטל. דער יידן־עלטסטער איז זיך משתדל, געפרעגט די סיבה. די פּאָליציי האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, ווײַל זיי אַליין האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן צוועק פון מײַן אַרעסט. אין מײַן מוח האָט געפּיקט דער ענטפער: די דײַטשן האָבן זיכער אויסגעפונען פון די געכאַפּטע פּאַרטיזאַנער, אַז דאָס האָב איך איבער־געגעבן די געפערלעכע אינפאָרמאַציע...

פון אַלע פענצטערלעך האָבן אַרויסגעקוקט יידישע אומעטיקע, באַ־גלייטנדיקע אויגן מיט צער און רחמנות. אין די אויערן האָבן מיר געקלונגען די געוויינען פון מײַנע קינדער: מאַמע, מאַמע, ווען וועסטו צוריקקומען?

וועל איך נאָך אַמאָל זען מײַנע קינדער? דעם ענטפער האָב איך אַליין נישט געוווּסט. נאָר איין מענטש האָט געוווּסט דעם גרויסן סוד און דעם אמת — מײַן איינציקע שוועסטער. נאָכדעם ווי מען האָט מיך אַריבערגע־פירט אין דעם אַרעסט, האָט מיר מײַן פּאַרוויינטע שוועסטער געבראַכט שפּײַז. די נעכט האָט דער קאָמענדאַנט מיך געלאָזט איבערנעכטיקן אין זײַן קאַנצעלאַריע, וווּ עס האָט זיך געפונען אַ סאָפע. אַזוי זענען אַריבער עטלעכע טעג ביז מען האָט מיר געזאָגט דאָס אויף מאָרגן וועט מען מיך

פירן קיין יאַראָסלאַוו אין דער געסטאַפּאָ. איך האָב געטראַכט וועגן מיין סוף און וועגן מיינע קליינע קינדער.

אין יאַראָסלאַוו, אין דער געסטאַפּאָ, האָט אַ געסטאַפּאָ־אָפיציר אויסגערופן מיין נאָמען, געפרעגט צי איך בין דאָס? — יאָ, איך בין די זעלבע, נאָר אין וואָס כ'בין אָנגעקלאָגט, ווייס איך נישט — האָב איך געזאָגט אין דייטש. דער אָפיציר האָט אַ געשריי געטאָן: דו ווייסט גאַנץ גוט און אויך מיר ווייסן; מיר האָבן דיר אַ לאַנגע צייט נאָכגעשפּיאָנירט און נאָכגעפאָלגט: דו שיקסט צענדליקער בריוו און שפּייז־קעסטלעך קיין קראָקע; אַלע פּעקלעך זענען קאָנפיסקירט געוואָרן און בריוו פאַרהאַלטן געוואָרן. צו וועמען האָסטו עס געשיקט? האָט ער געדונערט אויף דעם באַקאַנטן שטייגער.

כאָטש אַלץ האָט זיך אין מיר געוואָרפן פאַר שרעק, האָב איך דאָך רואיק געענטפערט:

— דאָס האָב איך געשיקט די פּעקלעך עסנוואַרג צו מיין מאַן, וועלכער איז דורך זיין קאָמיסאַר פאַרהאַלטן געוואָרן אין קראָקע.

אין צווישן האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען. דער געסטאַפּאָווניק האָט פאַרלאָזט דאָס צימער. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און אָפּגעציילט די מיר באַקאַנטע גרינע צעטלעך פון די פּעקלעך וואָס זענען געווען פאַרהאַלטן. 14 פּעקלעך זענען פאַרהאַלטן געוואָרן, אָבער איך האָב געהאַט אַרויסגעשיקט איבער 60 פּעקלעך. זעט אויס דאָס די פּינקטלעכע דייטשן זענען נישט געווען אַזוי פּינקטלעך אין פאַרהאַלטן מיינע פּעקלעך. די מיינסטע, הייסט עס, זענען יאָ אָנגעקומען קיין קראָקע און דערגאַנגען צו מיין מאַן. אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פון האַרץ; איך, אַ יידישע טאָכטער, האָב געהאַט אַ האַנט אין דעם פּאַרטיזאַנישן אַטענטאַט אויף דעם דייטשישן שטאַב און זיי ווייסן נישט דערפון.

מיין אויספרעגער איז באַלד אַריינגעקומען אין צימער מיט זיינעם אַ גאַסט, אַן אַנדער געסטאַפּאָ־אָפיציר.

ער האָט גענומען מיך פאָרשן, צי איך האָב נישט געוווּסט, אַז מען טאָר נישט שיקן קיין פּעקלעך און מיט דעם האָב איך פאַרלעצט דעם דייטשישן געזעץ. דערווייל האָט דער צווייטער גענומען לייענען די בריוו און קאַרט־

לעך, וואָס זענען געלעגן אויפֿן טיש. איך האָב דערקענט מיין קאָרעספּאָנ־דענץ צו מיין מאַן, וואָס איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן. דער צווייטער האָט מיך דערווייל אויסגעפֿרעגט פֿון וואַנען איך קום; וואָס האָב איך געשיקט אין די פּעקלעך און וואָס איז מיין מיידלשער נאָמען. מיין מיידלשער נאָמען איז פֿראָסט, — האָב איך געענטפֿערט.

— פֿראָסט? האָט מיך דער צווייטער אָפּיציר געפֿרעגט, האָסט נישט אַמאָל משפּחה אין דייטשלאַנד? איך האָב אים געזאָגט, אַז כ'האָב צוויי פֿעטערס אין ווין. זענען זיי געווען יידן? האָט ער ווייטער געפֿרעגט. מיין ענטפֿער איז געווען, אַז ביי אונדז אין דער היים האָט מען קיינמאָל נישט גערעדט פֿון רעליגיע אָדער נאַציאָנאַליטעט. איבעריקנס — בין איך נאָך געווען זייער יונג ווען מיינע עלטערן זענען געשטאָרבן. איך האָב אים געגעבן אַזאַ ענטפֿער, כדי אויסצומיידן זיין ווייטערדיקע פֿראַגע. ער האָט איבערגעריסן דעם פֿאַרהער און זיין קאַמעראַד האָט אים דערציילט וועגן דער העלדישער משפּחה און צוגעגעבן: אפֿשר איז די פֿרוי — אָנווייזנדיק אויף מיר, — עפּעס פֿאַרוואַנדט מיט דער משפּחה, אַ הערלעכע דייטשישע פֿאַמיליע...

דער אויספֿרעגער האָט מיך שוין מער נישט אויסגעפֿרעגט, נאָר גע־נומען אָנשרייבן אַ פּראָטאָקאָל. ער האָט נאָר געוואָלט וויסן פֿון וואַנען איך האָב געהאַט פּראָדוקטן צו שיקן, ווי אַזוי איך האָב זיי באַקומען פֿון די פּויערים? — איך האָב זיי געטוישט פֿאַר מיינע קליידער און שטוב־חפֿצים — איז געווען מיין תּשובה. מען האָט מיך געהייסן אונטערשרייבן דעם פּראָטאָקאָל און געזאָגט, אַז איך דאַרף באַצאָלן אַ געוויסע סומע שטראָף, אָדער מען וועט מיך פֿאַרהאַלטן אין אַרעסט. איך האָב פֿאַרזיכערט, אַז ווי נאָר איך וועל צוריקקומען אין שטעטל, וועל איך תּיכף אַריינשיקן די פֿאַרלאַנגטע סומע.

— זי זינד פֿריי! איז געקומען די באַפֿעלנדיקע שטימע.

אַרויס פֿון דער געסטאַפּאָ בין איך אַ צערודערטע, אַ צעבראָכענע. בין געגאַנגען צו דעם יודענראַט זיך אַ ביסל אָפּרוען. מיין אָרעמע שוועסטער, וואָס איז מיר נאָכגעפֿאָרן פֿאַרשטעלט אַלס קריסטין (צוויי פּאָליציאַנטן האָבן מיך געפֿירט) האָט געוואַרט עפּעס צו הערן וועגן מיר — איז זי

אַוועקגעפאַלן אין אַנמאַכט ווען זי האָט מיך דערזען. דאָרט האָב איך זיך אַ ביסל אָפּגערוט און איך בין צוריק אַוועק אַ היים צו מיינע קינדער. מען האָט נישט געקאָנט גלויבן אין די נסים וואָס זענען מיט מיר געשען, ווייל ווי נאָר מ׳האָט עמיצן פאַרנומען צו דער געסטאַפּאָ, איז ער פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט. יעדן טאָג זענען געווען אַזעלכע קרבנות.

ווען איך בין שוין געווען אימשטאַנד צו טראַכטן אַ ביסל ניכטערער, האָב איך זיך זייער צעוויינט, ביטער צעוויינט. דאָס איז געווען אַ געוויין פון שמחה צו זען מיינע קינדער, צי דערפאַר וואָס איך בין ניצול געוואָרן פון טויט אָדער פון פאַרשעמונג, ווייל איך האָב פאַרלייקנט מיין פאָלק, מיין שטאַם. דאָס איז אָבער נישט געווען דאָס לעצטע מאָל, עס איז קיין ברירה נישט געווען.

אַ ביטערע חרטה פּלאָגט מיך. עס פּלאָגט מיך די שטענדיקע פראַגע, פאַרוואָס בין איך גראָד געבליבן לעבן, פאַרוואָס?

אָבער איך קאָן אויף דער פראַגע, ווי אויף פיל אַנדערע פראַגן, קיין ענטפער נישט געפינען.

## די שרעקלעכע טעג אין גראָדזשיסק

### די ליקווידאַציע פון ביסל צאַן־קדשים

אויגוסט 1942.

שוין אַ לענגערע צייט ווי דאָס שטעטל האָט געלעבט אין פּחדים. דער רוסיש־דייטשישער קריג איז אָנגעגאַנגען. די רוצחים האָבן געהאַלטן, אַז דאָס שטעטל איז אַ גוטער סטראַטעגישער פונקט זיך אָפּצושטעלן. דאָס שטעטל איז געווען פול מיט פראָנט־זעלנער. די קוילן־וואָרפער זענען געווען אויסגעשטעלט און געשאָסן אַריבער דעם סאַן. זיי האָבן באַזיגט די רוסן און זענען מיט דעם פראָנט ווייט פאַרגאַנגען אַריבער דעם סאַן. דעמאָלט איז מיין שוועסטערס מאַן, וועלכער האָט זיך געפונען אין פּשעמישל, פאַר־שטעלט פאַר אַ גוי, געלונגען אַריבערצושמוגלען זיך צו אונדז און זיך פאַראייניקן מיט זיין ווייב און קינדער.

די צרות זענען געוואַקסן מיט יעדן טאָג גרעסער. די שרעקלעכע נײַס וואָס מען האָט געהערט פון דער גאַנצער געגנט האָט באַשטעטיקט, אַז אויך אויף אונדז איז די צײַט געקומען.

אין אויגוסט, אין אַ שײנעם זומער־טאָג, איז דער פינצטערער טאָג געקומען. יעדער האָט געזוכט אַ לאָך, וווּ זיך אויסצובאַהאַלטן. מען האָט געזוכט פרײַנד צווישן שכנים־שונאים, נאָר עס האָט זיך לײדער נישט אײַנ־געגעבן.

מײַן מאַן האָט נאָך אַלץ ווי פריער געאַרבעט אין קראָקע אויסער דער געטאָ. האָב איך געפונען אַ קריסטלעך מײדל אין שטעטל, וועמען איך האָב אַוועקגעגעבן אַלע מײַנע קלײדער און געלט, געדונגען אַ פערד און וואָגן, גענומען מײַנע צוויי קינדער און דאָס ייִנגסטע ייִנגל פון מײַן שוועס־טער און זײ געשיקט אין אַ נעבן־שטעטל צו אַ דאָרטיקער באַן־סטאַציע. פון שטעטל, וווּ מיר האָבן געוווינט איז געווען צו געפערלעך זיך אַרויפצו־זעצן אויף דער באַן. דאָס קריסטלעכע מײדל האָט זײ געבראַכט קײן קראָקע. אָנקומענדיק אויף דער נאַכט אין שטאָט, האָט זי זײ געלאָזט אויף דער גאַס און איז צוריקגעפאָרן. די קינדער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער פון אַ הויז איבער נאַכט. אינדערפרי האָבן זײ זיך, ווי איך האָב זײ אָנגע־זאָגט, זיך דערשלעפּט צו דעם פּלאַץ, וווּ מײַן מאַן האָט געאַרבעט. דאָרטן האָבן די קריסטלעכע מיטאַרבעטער פון מײַן מאַן זײ אויסבאַהאַלטן. זײ האָבן זײ אַריבערגעפירט צו אַ קריסטלעכער פאַמיליע און פון דאָרט זײַ אײנציקווײז אַרײַנגעשמוגלט אין געטאָ. די קינדער זענען דעמאָלט אַלט געווען: מײַן שוועסטערס ייִנגל — דרײַצן יאָר, מײַן עלטערע טאָכטער — עלף יאָר, און מײַן קלײן קינד — דרײַ יאָר. פאַר דער טאָכטער פון מײַן שוועסטער האָבן מיר געהאַט געפונען אין אַ נעבן־שטעטל אַ לערער ער זאָל זי במשך אַ ביסל צײַט אויסבאַהאַלטן. זי איז דעמאָלט אַלט געווען אַכצן יאָר. מיר, דאָס הײסט איך, מײַן שוועסטער מיט איר מאַן און איר מיטלסטער זון — 16 יאָר אַלט, און אויך אַ צווײַטער שוועסטערס אַ זון, שוין דעמאָלט אַ יתום פון אַ יאָר צוויי און צוואַנציק, זענען איבערגעבליבן אין שטעטל צוזאַמען מיט אַלע קרובים און אַלע אַנדערע שטעטלדיקע ייִדן.

מיר האָבן געהאַט אַ פאַרזיכערונג פון אַ פּויער אין אַ דאָרף, אַז ער

וועט אונדז אויסבאַהאַלטן. דערפאַר האָבן מיר אים אָוועקגעגעבן אַלץ, צירונג און אַלע ווערט־זאַכן. ווען דער שרעקלעכער באַפעל איז געקומען, אַז איף מאָרגן זאָלן זיך אַלע יידן פאַרזאַמלען אין מאַרק, האָט מען שוין געוווּסט וואָס דאָס מיינט. מיר האָבן, יעדער דורך אַנדערע וועגן, זיך דערשלאָגן צו אונדזערע רעטער. איך בין געגאַנגען מיט אַ וועג וואָס פירט איבער אַ טייך. די משחיתים האָבן זיך אַרומגעדרייט אין דער געגנט. אַזוי בין איך אַ גאַנצן טאָג געלעגן אין וואַסער־גראָזן, ביז עס איז געוואָרן פינצטער. דאַן האָב איך זיך דאָרט אַהין צוגעשלייכט. און אַזוי ווי עס איז געשען מיט דער מערהייט פון אונדזערע „רעטערס״, איז דאָרט אויך געווען דער זעלבער פאַל. ער האָט אונדז געהאַלטן אין אַ חזירים־שטעלכל אַ פּאָר שעה און צום סוף געזאָגט, אַז ער קאָן אונדז לענגער נישט האַלטן. געבעט און געוויין איז געווען אַרויסגעוואָרפן. איין טובה, האָט ער געזאָגט, קאָן ער אונדז טאָן, איין פערזאָן פון אונדז אַלע קאָן ער אויסבאַהאַלטן ביי אַ שכן אויפן בוידעם אויף אַ פּאָר טעג. איז געבליבן צו קלייבן דעם גורל. איך בין באַשטאַנען, אַז מיין שוועסטער זאָל זיך גיין באַהאַלטן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט אויפן גרונד, וואָס מיין מאַן איז אין קראָקע און אויך דערפאַר וואָס איך האָב אַוועקגעשיקט די קינדער קיין קראָקע. אמת, קיין שום ידיעות האָבן מיר פון זיי נישט געהאַט, צי זיי זענען אָנגעקומען אין קראָקע און וואָס מיט זיי איז געשען. איך האָב פון מיר געריסן שטיקער פאַרוואָס איך האָב די קינדער אַוועקגעשיקט, חס־וחלילה, צום ערגסטן. איך ווידער האָב איר איינגערעדט און דערקלערט, אַז איך בין מיט אַכט יאָר ייִנגער פון איר און האָב זיך אָנגעגעבן ביים רעגיסטרירן זיך אַלס קראַנקן־שוועסטער. אפשר וועט מיר געלונגען צו ראַטעווען זיך דאָרט ווו זיי וועלן אונדז שיקן. זי האָט אָבער נישט געוואָלט הערן פון גאָר נישט. דאַן האָב איך געוואָלט אַז זייער זעכצן־יאָריקער ייִנגל זאָל גיין זיך אויסבאַהאַלטן. פון דעם איז גאָרנישט געוואָרן, ווייל ערשטנס האָבן זיי נישט געוואָלט קיין מענער און צווייטנס האָט דאָס ייִנגל געוויינט און געשריגן, אַז ער וויל נישט פאַרלאָזן זיינע עלטערן, נאָר ער וויל טיילן מיט זיי דעם ביטערן גורל.

# אין באהעלטענישן ווי א געיאָגטע חיה

אַרום צוויי אַזייגער אינמיטן דער נאַכט האָט דער פויער מיך מיט געוואַלט צוגעפירט צו אַ צווייט הויז און אין דער פינצטער מיך אַרויפגעשלעפּט אויף אַ בוידעם היי. דאָס געזעגענען זיך מיט מיינע טייערע שטייט מיר שטענדיק פאַר מיינע אויגן. איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. יעדעס וואָרט, יעדע באַוועגונג און אויך די לעצטע ווערטער פון מיין שוועסטער, וואָס איז געווען אַ זייער אינטעליגענטער מענטש און אַ גרויסע חכמה, וועל איך שטענדיק האָבן אין זכרון. דאָס האָט זי מיר געזאָגט:

— אונדזער גורל איז געחתמעט; מיר גייען צום טויט אָן אימה און אָן פּחד נאָר מיט שטאָלץ, וואָס מיר זענען יידן. אונדזערע ליידן ענדיקן זיך. אָבער דו, מיין אָרעמע שוועסטער, גייסט אויף אויסגעבעטלטע צייט, אויף דעם גנאָד פון די בלוטדורשטיקע וועלף. צי וועסטו בלייבן נאָכדעם ווי דו וועסט זיך האָבן נאָך מער געפּייניקט — איז אַ גרויסע שאלה. אויב דו וועסט לעבן בלייבן דורך עפּעס אַ נס, בין איך דיך נאָך ווייניקער מקנא. גיי און זיי מצליח. אפשר וואַרטן אויף דיר פליכטן, וואָס דו דאַרפסט נאָך דערפילן.

די דאָזיקע ווערטער זענען אַ שטענדיקער ווידערקול אין מיר; איך האָב שוין טויזנטער מאָל מקנא געווען מיין שוועסטער, ווייל איך לעב מיט דער פאַרגאַנגענהייט. עס לאָזן מיך נישט אָפּ די אייגענע דורכלעבענישן און פון אַלע אַרומיקע. אפשר איז דאָס נישט נאָרמאַל צו לעבן מיט די פאַרגאַנגענע שאָטנס, ווייל אַנדערע איבערגעבליבענע רעשטלעך ווי איך, גייען אַנדערש אָן מיט לעבן. און אפשר איז עס ביי יענע אויבנאויפיק? ווער ווייסט?...

דעם צווייטן פאַרטאָג, ווען עס האָט אין דרויסן אָנגעהויבן שאַרייען אויף טאָג, האָב איך אַרויסגעקוקט דורך די שפּאַרעס פון בוידעם און געזען ווי מיינע טייערע פאַרלאָזן דאָס הויז פון פויער צו גיין זייער לעצטן וועג.

די פּויערטע פון הויז ווו איך בין געווען אויסבאַהאַלטן, האָט מיך געפונען ליגן אַ באַוווסטלאָזע. געווען איז דאָס זייער אַן אָרעמע פּויערים־משפחה. אונדזער פּאַרזאָרגער האָט זיי זיכער געמוזט עפּעס געבן. די פרוי איז געווען אַ קראַנקע און איר מאַן אַ שטילער מענטש. געהאַט האָבן זיי איין פיר־יאָריק מיידעלע. איך האָב זיי פריער קיינמאָל נישט געזען. די פרוי, אפשר ווייל זי איז געווען אַ קראַנקע, האָט מיט מיר זייער מיטגע־ווײנט. פון דעם אָרעמען עסן וואָס זיי האָבן אַליין געהאַט ווייניק, האָבן זיי מיר געגעבן אַ ביסל. ביידע זענען אַוועק אין פעלד און מיטגענומען דאָס קינד. מיר האָט זי געגעבן אירס אַ קלייד און אַ קאָפּטיכל אָנצוטאָן איך זאָל אַ ביסל אַראָפּגיין פון בוידעם. כאָטש זיי פאַרשליסן אין דרויסן, קאָן עמעצער על פּי צופאַל אַריינקוקן אין שליסל־לאָך. (די פענצטער זע־נען געווען פאַרהאַנגען) זאָל מען זען איר קלייד און טיכל וואָס איך דאַרף טראָגן.

אַ פּאָר טעג נאָך דער גרויסער באַטויבונג, האָט ווידער אָנגעהויבן עגבערן דער געדאַנק: וואָס איז געשען מיט די קינדער, וועלכע זענען גע־פּאָרן קיין קראָקע? ווו זענען זיי? און וואָס איז מיט מיין שוועסטערס טאָכטער אין נאָענטן שטעטל?

נאָך אַ פּאָר טעג האָב איך געהערט די נייס, אַז דעם גאַנצן טראַנספּאָרט ייִדן, וואָס מען האָט צוזאַמענגענומען פון אונדזער שטעטל און פון די אַנדערע ארומיקע, האָט מען פון זאַמלפּונקט אַוועקגעפירט. געוווּסט האָט מען, אַז פון יענער געגנט פירט מען קיין ב ע ל ז ש ע ץ.

איך האָב גערופן מיין פּאַרזאָרגער און אים געבעטן נאָכפאָרן דעם טראַנספּאָרט. געלט האָט ער געהאַט גענוג פון אונדז. דאַן האָט ער אויך געוווּסט, אַז פאָרנדיק פון שטאָט צו שטאָט, וועט ער האָבן גענוג ייִדישע זאַכן צו ברענגען אַהיים פון די חרובע ייִדישע הייזער. איך האָב אים אויך געגעבן אַן אַדרעס פון מיינע אַ קוזינע אין לובאַטשאָוו, ווו מען פאָרט פאַרביי קיין בעלזשעץ. נאָך אַ וואָך צייט איז ער צוריקגעקומען מיט דער באַשטעטיקונג, אַז אַלע טראַנספּאָרטן גייען טאַקע אַהין, אָבער נאָענט צו־קומען דאָרט קאָן מען אויך נישט. ער האָט מיר אויך געבראַכט אַ בריוו פון מיין קוזינקע אין וועלכן זי שרייבט, אַז זיי זענען יעדן טאָג גרייט און

ווייסן, אַז זיי וועלן גייך דעם זעלבן וועג. זי האָט מיר אויך געשריבן, אַז זי וווינט לעבן דער באַן־סטאַציע און זעט די אַן אויפהער פאַרנדיקע צוגן מיט די אומגליקלעכע. זי לויפט מיט וואַסער צו די לאַסט־וואַגאָנעס בכדי צו העלפן די פאַרשמאַכטע און רופט אויס משפחה־נעמען וואָס זי קען, אפשר וועט זיך עמעצער אָנרופן. עס האָט זיך טאַקע לעצטנס אָנגערופן פון אַ לאַסטוואַגאָן אַ ווייטערע משפחה אונדזערע פון קראָקע. זי האָט גע־וואָלט דערלאַנגען וואַסער אָבער אַ וועכטער האָט זי געכאַפּט. מען האָט זי צוגעבונדן צו אַ לאָקאָמאָטיוו, געוואָלט זי אויף דעם אופן אומברענגען. פאַרן אָפּפאָרן פון צוג האָט מען זי אָבער אויפגעבונדן און אַוועקגעשליי־דערט, זי איז זייער קראַנק. זי ווינטשט זיך זי זאָל אויפהערן זען, הערן און וויסן. זי קאָן שוין מער נישט צוזען די פּיין פון די דורכפאָרנדיקע טראַנס־פּאָרטן.

ווען מיין שליח איז צוריקגעקומען האָב איך אים געבעטן מיר צו קויפן בריוו־פּאַפּיר און אַ פּאָסט־מאַרקע. איך האָב געשריבן אַ בריוו צו מיין מאַן אויף דעם פּלאַץ, ווו ער האָט געאַרבעט. איך האָב געבעטן מיין פויער ער זאָל אַוועקשיקן דעם בריוו פון אַן אַנדער דאָרף. אין דעם בריוו האָב איך געגעבן אַ צייכן, אַז איך בין דאָ און אַז דער וואָס איז אויף דעם צוריק־אַדרעס ווייסט ווו איך בין. איך האָב געבעטן באַלד מיר צו לאָזן וויסן וואָס מיט מיינע קינדער און שוועסטערס זון איז געשען; צי זיי זענען אָנגעקומען קיין קראָקע; ווייל זיי זענען נאָך מיט צוועלף טעג פריער אַוועק. אויך האָב איך געבעטן ער זאָל זיך פאַרבינדן דורך אַ פאַרטרוילעכן פּאָליאַק מיט דעם לערער אין ליזשענסק און אויסגעפינען וואָס דאָס מיידל מיט דעם פּוילישן נאָמען באַרבאַראַ מאַכט.

דער בריוו האָט דערגרייכט מיין מאַן און זייער פרייד איז געווען גרויס, ווייל זיי האָבן געטראַכט, אַז איך בין געגאַנגען מיט דעם טראַנס־פּאָרט און זיי האָבן זיך נישט געריכט, אַז איך בין אויסבאַהאַלטן.

דערווייל בין איך טאָג און נאַכט געלעגן באַגראָבן אין דעם בוידעם היי, אין געהאַקטע צרות. אין שטעטל, ווו נאָר עס איז עמעץ געווען באַ־האַלטן, האָט מען אויסגעכאַפּט ביז דעם לעצטן נפש. איך האָב זיך צוגעע־הערט יעדן טאָג ווי די פּויערים אין דרויסן דערציילן וועמען מען האָט היינט געכאַפּט און דערשאָסן.

אין אַ געוויסן זונטיק האָב איך אויפגעכאַפּט אויף דעם בוידעם ווי מיין פאַרזאָרגער זאָגט צו דעם נאַאיוון גוטן פויער :

— נו, צייט דיך צו באַפרייען פון דעם עול ; איך מיין נישט איר צו טאָן שלעכטס ; נאָר מיר ביידע וועלן פאַר איר מאַכן אַ באַהעלטעניש. אין דעם גרויסן וואַלד זענען דאָ ריזיקע גריבער פון וועלף, וועלן מיר אַזאַ גרוב באַדעקן מיט ברעטער און גראָזן און זי דאָרט האַלטן ; פון צייט צו צייט צוטראָגן עפּעס עסן ; די מלחמה וועט דאָך אפשר שוין לאַנג נישט דויערן.

דער אַנדערער פויער האָט זיך אָבער אָנגערופן :

— וואָס רעדסטו, די וועלף וועלן דאָך זי באַלד אין דער ערשטער נאַכט אויפעסן. זיין קראַנק ווייב האָט אָנגעהויבן וויינען ; אַנידערגעקניט און זיך געצלמט. ענדלעך האָבן זיי שוין אַלע איינגעשטימט און אָפּגעמאַכט צו גיין אַ געוויסן טאָג און אויסזוכן אַזאַ פּלאַץ. איך האָב מיך שוין געזען אין דעם לייבן־גרוב. דאָס לעבן איז במילא ביי מיר שוין גאָרנישט ווערט געוועזן.

דאַן האָבן זיי באַשלאָסן אַז זונטיק, גייענדיק פון קירכע, וועלן זיי גיין דורך דעם וואַלד־וועג און זען וואָס זיי קאָנען טאָן. איך האָב אָבער ביי זיך געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז אין דער לעצטער מינוט וועל איך לויפן צו דער פּאָליציי און זאָלן זיי מיך דערשיסן. איך וועל אויך דערציילן, אַז דער־יעניקער באַהאַלט אויס יידן באַגראָבן אונטער דעם הויז (וואָס עס איז נישט געוועזן אמת) און זאָלן זיי אים פאַרברענען דאָס הויז. דאָס האָט, מישטיינס געזאָגט, געדאַרפט זיין מיין נקמה... מיט דעם באַשלוס האָב איך געוואַרט ביז זונטיק, ביז איך וועל פון זיי הערן וואָס זיי ווילן מיט מיר טאָן. דערווייל זענען געהאַט אָפּגעלאָפן איבער דריי וואָכן ווי איך בין אַזוי לעבעדיק באַגראָבן, איך האָב פון ערגעץ נישט קיין שום ידיעה.

אַ שבת ביינאַכט, פאַר דעם זונטיק ווען מיין גורל האָט געזאָלט פאַר־זיגלט ווערן, אפשר איינס אַ זייגער, האָב איך געהערט ווי עמעצער קלאַפּט אין דער טיר. אין דעם קלאַפּן האָב איך דערקענט, אַז דאָס זענען נישט די רוצחים, ווייל מען האָט זייער שטיל און פאָרזיכטיק געקלאַפּט. דאָס האַרץ

האָט מיר געזעצט. איך הער ווי מען קומט אַריין אויף די שפּיץ פינגער און מען גייט אַרויף אויף דעם לייטער צו דעם בוידעם, אַלץ אין דער פינצטער.

אַרויפקומענדיק הער איך ווי אַ פּרויען־שטימע רופט מיין נאָמען. איך האָב מיך אַרויסגעשאַרט פון אונטער דעם היי. די געשטאַלט אין דער פינצ־טער פרעגט מיך: דו דערקענסט נישט מיין שטימע? איך בין דאָך די פרוי לובלין פון קראָקע. דיין מאַן האָט מיך געשיקט נאָך דיר. די קינדער זענען אין קראָקע אין געטאָ. אויך דיין שוועסטערס טאָכטער, ביים לערער, איז אין אָרדענונג. ביי די ווערטער ביק איך געפאַלן צו אירע פיס, זי געקושט און ביטער געוויינט. זי האָט מיך געטרייסט און מיט מיר געזעסן אַ גאַנצע נאַכט. זי האָט מיר דערציילט ווי אַזוי און וואָס די קינדער זענען דורכ־געגאַנגען; ווי אַזוי זיי זענען אַריין אין געטאָ. זי איז טאָקע געווען באַהיל־פיק. זיי זענען ביי מיין מאַנס ברודער דאָרט, איך געטאָ, ביי זיין משפּחה.

די זעלבע פרוי לובלין, אַ קריסטלעכע, איז געווען דורך דעם גאַנצן קריג אונדזער פאַרבינדלערין אין אַלע נויט־פאַלן. זי איז געווען אַ ווייב פון אַ סטאָליער. קיין קינדער האָט זי נישט געהאַט און האָט נאָר געזוכט צו מאַכן געלט, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אַ לייכטזיניקע פון דער נאַטור, האָט זי אַפילו געהאַלטן מיין שוועסטערס יינגל אַ לאַנגע צייט ביי זיך, אַלס אַ לערן־יינגל ביי איר מאַן אין דער סטאָלעריי, ביז אירע שכנים האָבן מען עפּעס אָנגעהויבן רעדן, האָט זי אים אַוועקגעגעבן צו אירן אַ באַקאַנטן אַלס אַ לערן־יינגל.

מען האָט אָנגעהויבן מאַכן פּלענער ווי אַזוי זי זאָל מיך קאָנען אַרויס־פירן פון דאָרט. משחיתים בושעווען נאָך אַלץ אין דער געגנט, מען כאַפּט נאָך באַהאַלטענע יידן אין פעלדער, וועלדער. דאָס יידישע בלוט גיסט זיך אויף אַלע שטעגן און וועגן.

אינצווישן האָב איך באַקומען דורך מיין פויער אַ ידיעה פון לובאַ־טשעוו פון מיין קוזינע, אַז דער מאַן פון גראָדזשיסק און אויך דער זון פון מיין עלטערער שוועסטער, אַ בחור פון צוויי און צוואַנציק יאָר, זענען גע־שפּרונגען פון צוג בעת מען האָט זיי טראַנספּאָרטירט קיין בעלזשעץ. זיי זענען געווען ביי איר. שפּעטער זענען זיי אַוועק און געוואָלט זיך דער־שלאָגן ערגעץ אין אַ וואַלד אַריין, נאָר מען האָט זיי געכאַפּט און דערשאָסן.

# בערטאַ פערדערבער־זאַלץ



די קוזינע לאַלע.

איר בריוו:

Lubaczów, 10 października 1942

Drodzy i kochani moi:
Jak widzicie przeżyłam jeszcze kilka miesięcy w trwodze przedśmiertnej, ale narazie żyjemy, w między czasie straciłam już bardzo wiele z pośród krewnych i znajomych, a cóż, staliśmy się egoistami i myślimy tylko o sobie; i nawet nie umiemy już płakać za najbliższymi,

bo prędzej czy później i my tam pójdziemy, a za nami już nie będzie miał kto płakać. Minęły już święta, wszystkie łudziłyśmy się ciągle nadzieją, że może wojna się skończy, ale potem co się dzieje to widzimy żeśmy przepadli, niema się co łudzić. Rocznica naszej kochanej błp. matki, już przeszła. Utrzymywałam wszystko co się dało w dzisiejszych czasach, w każdym razie czy cmentarz jest zniszczony czy nie, to wolę że rodzice są pochowani w swojej ziemi aniżeli mieli zostać w Bełzcu paleni, i na taksynę t.z. sztuczny nawóz, lub na mydło ubruceni być. Z naszych dzieci robi się konserwy a nasze rzeczy posyła się do niemiec dla robotników. Za 14 dni będzie rocznica k. ojca, czy doczekam niewiem, bo do nas akcja się zbliża, bo już zbierają wszystkich żydów z wiosek do miasto, tak że zbiera się około 6000 żydów, to transport będzie gotowy. Pomimo tej całej nędzy w jakiej żyjemy (bo już od 8 miesięcy nie jesteśmy w swoim domu), część mebli sprzedaliśmy, resztę zarekwirowano nam, cośkolwiek jeszcze narazie mamy, sposobu do uciecki nie ma, ukryć się też nieda, chrześcijanin się nie zgodzi cię trzymać bo mu grozi kula w łeb, i dlatego woli nie ryzykować.

Zostawię tutaj niektóre pamiątki po kochanych rodzicach, może się Wam uda je dostać, w każdym razie napiście list do p. Mudrecka Katarzyna, Lubaczów, ulica Mickiewicza 105, o ile do tego czasu oni będą na miejscu. Są to skromne rzeczy ale pamiątkowe, również zdjęcia i różne papiery. Oprócz tego nie chciałabym ażeby mój dom się dostał w ręce... więc kto z rodziny by się został tutaj w europie niech się tym domem zajmie albo sprzeda albo sam używa. W każdym razie, gdyby się nam udało zostać przy życiu a wojna trwałaby dalej, to nie dalibyśmy radę dalej wegetować, bo z rzeczy się wszystko wyczerpało tak, że prędzej czy później mielibyśmy z głodu umrzeć.

Wprawdzie ja już i tak śmierci w oczy zaglądałam, miano mnie już rozstrzelać, byłam już związana tak, że poprostu ocalałam, a moje przewinienie było to, że jechał pociąg w największe upały z Krakowa, Wieliczki i upał był okropny, ludzie po 80 w jednym zapieczętowanym towarowym wagonie, błagali wodę dla małych dzieci a że ja mieszkam przy stacji i widzę każdy pociąg, serce mi omal nie pęka, złapałam wiadro wody i udało mi się podać do wagonu, naturalnie G. zobaczył i chcieli ze mną zrobić koniec, ja wcale się nie bałam, już tak obojętna, że nawet nie prosiłam aby mnie zwolnili, myślałam sobie, że w każdym razie lepiej aniżeli jechać w takim pociągu do Bełżca, ale widzicie — moje przeznaczenie jest inne. Chciałabym się tylko jednej rzeczy jeszcze dowiedzieć przed śmiercią, czy nasz Siulek i jego rodzina żyją, bo od świąt zielonych od niej niema znaku życia, a o nim już od roku.

Gdybym miała parę tysięcy złotych to możebym też spróbowała to co inni, z moją gębą byłoby mi bardzo łatwo, ale tutaj bez grosza i bosa, to niemożliwem coś przedsięwziąć.

Piszę list ten jako 3 z rzędu, bo chciałabym ażebyście się zorjentowali mniej więcej w którym czasie żyjemy. Jest tutaj kilka rodzin katolickich, którzy się z nami godnie obchodzą, a szczególnie ta moja gospodyni, której, daj Boże abyśmy sami mogli wynagrodzić, w przeciwnym razie, proszę Was o to, bo gdy nas z domu wydalono to ona nas przygarnęła do siebie i obchodzi się bardzo dobrze.

Tyle na dzisiaj, może coś dopiszę później

całuję was serdecznie

Lola

## און די זון האָט געשײַנט

לובאַטשאָוו דעם 10טן אָקטאָבער 1942
ערב ראש־חודש מרחשון

מײַנע טײַערע און ליבע:

ווי איר זעט האָב איך איבערגעלעבט נאָך עטלעכע חדשים אין דעם פּאַרטויט־אומרו. דערווײַל לעבן מיר. אין משך פון אָט דער צײַט האָב איך שוין פאַרלאָרן זייער פיל פון צווישן די קרובים און באַקאַנטע. מיר זענען געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, עגאָיסטן און מיר טראַכטן נאָר וועגן זיך. מיר קענען שוין נישט וויינען נאָך די נאָענטסטע, ווײַל פריער אָדער שפּעטער וועלן מיר אויך אַהין אַוועקגיין; נאָך אונדז וועט שוין נישט זײַן ווער ס'זאָל אונדז באַוויינען.

עס זענען אַריבער די יום־טובים; מיר האָבן זיך שטענדיק געטרייסט מיט דער האָפענונג, אַז אפשר וועט זיך ענדיקן די מלחמה. אָבער נאָך דעם וואָס עס קומט פאָר זעען מיר, אַז מיר זענען פאַרלאָרן, נישטאָ וואָס זיך אײַנשמועסן.

דער יאָרצײַט פון אונדזער ליבער מאַמען עליה השלום איז שוין אַריבער. איך האָב געטאָן אַלץ וואָס עס איז געווען מעגלעך אין די היינטיקע צײַטן. יעדנפאַלס נישט געקוקט אויף דעם צי דער בית־עולם איז צעשטערט אָדער נישט, איז מיר גלייכער וואָס די עלטערן זענען געקומען צו קבורה אויף זייער אייגענער קרקע, איידער זיי וואָלטן פאַרברענט געוואָרן אין בעלזשעץ און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קינסטלעכער באַמיסטיקונג אָדער אין זייף. פון אונדזערע קינדער מאַכט מען קאָנסערוון און זייערע זאַכן ווערן געשיקט קיין דײַטשלאַנד פאַר אַרבעטער.

אין 14 טעג אַרום וועט זײַן דער יאָרצײַט נאָך אונדזער געליבטן פאָטער. צי וועל איך עס דערלעבן? איך ווייס נישט, ווײַל די אַקציעס דערנענטערן זיך שוין צו אונדז. מען קלויבט שוין צונויף די יידן פון די דערפער אין די שטעט. ווען זיי וועלן צונויפקלייבן 6,000 יידן, וועט זײַן אַ פאַרטיקער טראַנספּאָרט.

טראָץ דער גרויסער נויט אין וועלכער מיר געפינען זיך (ווײַל שוין 8 חדשים ווי מיר זענען נישטאָ אין אונדזער הויז), אַ טייל מעבל האָבן מיר פאַרקויפט, דאָס איבעריקע האָט מען בײַ אונדז רעקווירירט, דאָך עפּעס האָבן מיר נאָך. אַן אויסוועג צום אַנטלויפן איז נישטאָ; זיך אויסבאַהאַלטן וועט זיך אויך נישט אײַנגעבן. דער

פויער וועט נישט מסכים זיין אונדז ווייטער צו האַלטן, ווייל עס דראָט אים אַ קויל אין קאָפּ, וויל ער דעריבער נישט ריזיקירן.

איך וועל דאָ איבערלאָזן געוויסע אָנדענק־זאַכן נאָך אונדזערע געליבטע עלטערן. אפשר וועט עס אייך געלינגען זיי צו באַקומען. יעדנפאַלס שרייבט אָן אַ בריוו צו מודרעצקאַ קאַטאַזשינאַ, לובאַ־טשאָוו, מיצקעוויטש־גאַס 105, אויב זיי וועלן זיין ביז יענער צייט אויפן אָרט. דאָס זענען באַשיידענע זאַכן, אָבער וויכטיקע פאַרן אָנדענק, אויך פאָטאָגראַפיעס און פאַרשידענע פאַפּירן. אויסער דעם וואָלט איך נישט וועלן, אַז מיין הויז זאָל אַריינפאַלן אין די הענט פון... דעריבער אויב עמעץ פון דער משפחה וועט בלייבן לעבן, דאָ אָדער אין אייראָפּע, זאָל ער זיך פאַרנעמען מיט דעם הויז — אָדער ער זאָל עס פאַרקויפן, אָדער אַליין עס ניצן. יעדנפאַלס אויב עס זאָל גע־לונגען אונדז צו בלייבןביים לעבן און די מלחמה זאָל נאָך לאַנג דויערן וואָלטן מיר ווייטער זיך נישט קענען געבן אַן עצה, ווייל פון זאַכן איז שוין אַלץ אויסגעשעפּט געוואָרן, אַזוי אַז פריער אָדער שפּעטער וואָלטן מיר געשטאָרבן פון הונגער.

אייגנטלעך האָב איך שוין אַריינגעקוקט דעם טויט אין די אויגן. עס האָט שוין געהאַלטן דערביי מען זאָל מיך דערשיסן. איך בין שוין געווען געבונדן און ממש דורך אַ נס געראַטעוועט געוואָרן. מיין פאַרברעכן איז באַשטאַנען אין פאַלגנדיקס: עס איז דורכגעפאָרן אַ צוג פון קראָקע און וויעליטשקע אין די גרויסע היצן, עס איז ממש געווען אַ גיהנום. עס זענען געווען צו 80 מאַן אין אַ משאַ־וואַגאָן. זיי האָבן געבעטן וואַסער פאַר די קליינע קינדער. אַזוי ווי איך וווין ביי דער באַן־סטאַציע זע איך יעדן דורכפאָרנדיקן צוג און דאָס האַרץ האַלט קוים אויס. האָב איך גענומען אַן עמער וואַסער און עס איז מיר געלונגען צוצוקומען צום וואַגאָן. פאַרשטייט זיך, אַז ג. (געשטאַפּאָ) האָט עס באַמערקט און זיי האָבן מיט מיר געוואָלט מאַכן אַ סוף. איך האָב זיך בכלל נישט געשראָקן, איך בין געווען אַזוי גלייכגילטיק, אַז איך האָב זיי אַפילו נישט געבעטן זיי זאָלן מיך באַפרייען. איך האָב געטראַכט, אַז עס איז בעסער אַזוי (שטאַרבן) איידער פאָרן אין אַזאַ צוג קיין בעלזשעץ. אָבער ווי איר זעט, איז דער שיקזאַל גאָר אַנדערש.

איך וויל נאָר איין זאַך זיך דערוויסן פאַרן טויט, צי עס לעבט נאָך אונדזער שולעק (שלום) און זיין משפחה, ווייל פון שבועות

## און די זון האָט געשײַנט

אָן האָבן מיר פון זיי נישט באַקומען קיין שום צייכן פון לעבן און פון אים שוין אַ יאָר צייט נישט.

ווען איך וואָלט געהאַט אַ פּאָר טויזנט זלאָטעס וואָלט איך אפשר געפּרוווט טאָן וואָס אַנדערע, מיט מיין געמבע (פּוילישע שפּראַך) וואָלט מיר געווען זייער לייכט, אָבער דאָ אָן אַ גראָשן און אַ באָר־וועסע, איז אוממעגלעך עפּעס אונטערצונעמען.

דאָס איז דער דריטער בריוו, לויט דער ריי וואָס איך שרייב, ווייל איך וויל איר זאָלט זיין אָריענטירט מער וויניקער אין וואָס פאַר אַ צייט מיר לעבן.

עס זענען דאָ פאַראַן עטלעכע קאַטוילישע משפחות, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט אונדז גאָר פיין, גאָר באַזונדערס מיין באַלעבאָסטע, וועמען מיר זאָלן קענען, מיט גאָטס הילף אַליין באַלוינען. אין קעגנ־פאַל בעט איך אייך וועגן דעם, איר זאָלט עס טאָן, ווייל ווען מען האָט אונדז פון אונדזער הויז פאַרטריבן, האָט זי אונדז אַריינגענומען צו זיך און זי באַגייט זיך מיט אונדז זייער גוט.

גענוג אויף היינט, אפשר וועל איך שפּעטער נאָך עפּעס צושרייבן.

איך קוש אייך האַרציק

ל אָ ל ע.

# צוריק אין געטאָ

מיר האָבן אָנגעהויבן די צוגרייטונגען צו קאָנען זיך אַרויסקריגן פון דאָרט. דאָס ערשטע האָב איך געשיקט די קראַנקע באַלעבאָסטע אין אַ נעבן־שטעטל צו אַ דאָקטאָר, אַז זי איז קראַנק און וויל פאָרן אין אַ שפּיטאָל אין קראָקע. זאָל ער איר געבן אַזאַ צייגניש און מיט דעם דאָקטאָרס צייג־ניש, נעמען ביים דאָרף־סאָלטיס אַ אידענטיפיקאַציע, אַז דאָס איז זי, די זעלביקע.

סיי דער דאָקטאָר, סיי דער סאָלטיס, האָבן גאָרנישט פאַרדעכטיקט. דאָס צוגרייטן האָט געדויערט דורך דער וואָך. דערווייל איז בטל געוואָרן די גזירה מיך אויסצובאַהאַלטן אין וואַלד.

דעם קומענדיקן זונטיק פאַרטאָג, נאָך איידער מענטשן שטייען אויף אין דאָרף, האָב איך זיך אָנגעטאָן אין דער פויערטעס קליידער. מיט אַ פאַר־בונדן פּנים, אַז די ציין טוען מיר וויי, בין איך מיט מיין באַגלייטעריו גע־גאַנגען דורך אומוועגן צו דער באַן. מיר האָבן געוואָלט אויסמיידן דאָס שטעטל, ווייל דער הויפּט־הענקער האָט זיך דאָרט נאָך אויפגעהאַלטן. פון די צוויי מענער, פויערים, איז איינער געגאַנגען הינטער אונדז און איינער פאַר אונדז אַ הונדערט שריט. די קראַנקע פרוי, וועמען כ'האָב האַרציק באַדאַנקט און באַצאָלט, האָט מיר פאַרזיכערט, אַז זי וועט קניען און בעטן ביז איר מאַן וועט קומען און איר זאָגן, אַז איך בין בשלום אַריבער דעם וועג.

דער מהלך צו דער סטאַנציע איז געווען אפשר אַ פופצן קילאָמעטער. מיר זענען מיט מזל אָנגעקומען צו דער באַן. אויף דעם וועג האָט איינער פון די פויערים מיר אָנגעוויזן אין דעם וואַלד דאָס אָרט, וווּ זיי האָבן גע־פלאַנט מיך צו באַהאַלטן. איך האָב געזען ביימער און וואָרצלען פון ביימער, אָפּגעשיילטע פון וועלפישע נעגל...

דאָס וואָס מיר האָבן געוואָלט אויסמיידן דעם הויפּט־רוצח און נישט גיין דורך דער שטאָט האָט מיך ליידער באַגעגנט ביי דער באַן. ס'איז געווען אַ שיינער זומערדיקער זונטיק אינדערפרי. אויף דער סטאַציע איז געווען זייער טומלדיק, און איך קום דעם רוצח אין פּנים אַריין. איך האָב מיך אָנגעהאַלטן אָן מיין באַגלייטער און זיך אַוועקגעדרייט אין אַן אַנדער זייט. איינער פון מיינע מענער־באַגלייטער זאָגט צו מיר: אַ שאָד די גאַנצע מי, אונדזער פּלאַן איז נישט געלונגען. איך האָב לעבן דער סטאַציע געזען אַ קירכע. נישט קלערנדיק קיין סך בין איך אַריין אין דער קירכע און גלייך אַרויף צום אויבנאָן, ווו עס איז אויף טרעפּלעך געשטאַנען אַ גאַנץ גרויסער הילצערנער גאָט. איך האָב מיך אַנידערגעוואָרפן אויף די קני, דעם קאָפּ אָנגעלענט אָן דער פיגור און האָב מיך אין דעם מאָמענט אויסגעטענהט מיט אונדזער יידישן גאָט: צי מוזסטו פאַר מיין אומקום, מיך נאָך מאַכן אומקומען אָט דאָ? אפשר גאָר געפינען דעם טויט אָט דאָ אויף דעם אָרט, ביי די פיס פון דעם אָפּגאָט, וואָס איז מיר גאָרנישט ניחא, אָדער ווילסטו מיר העלפן און דאָס פירסטו מיך גראָד דורך די וועגן?

אין דרויסן האָט זיך מיין באַגלייטערין צוזאַמענגערעדט מיט די צוויי פויערים, אַז זיי זאָלן באָכפּאָלגן דעם רוצח און ווען דער צוג וועט אָנקומען זאָלן זיי איר געבן אַ צייכן. זיי האָבן געזען, ווען דער צוג איז אָנגעקומען, אַז דער מערדער גייט צו די פּראָנט־וואַגאָנען פון צוג. האָבן זיי איר געגעבן אַ צייכן. זי האָט מיר געגעבן אַ רוף און מיר זענען אַריין אין לעצטן וואַגאָן.

די גאַנצע רייזע, אַן ערך פון אַ שעה, בין איך געזעסן אָנגעלענט אָן מיין באַגלייטערין אַלס קראַנקע מיט אַן אַרומגעבונדן פּנים. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין קראָקע, האָבן מיר גענומען דעם טראַמוויי קיין פּאָדגוזשע, צו איר אין הויז אַריין, ווו איך בין געווען אַ פּאָר טעג.

אויף דעם טראַמוויי, וואָס איז געווען זייער געפּאַקט מיט מענטשן האָב איך אין די ברייטע פויערישע קליידער, פאַרנומען צופיל פּלאַץ. מען האָט מיך באַליידיקט און געשאָלטן: פויערטע! כאַמקע! אַרויס פון דאַנען! נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר דיר! ווען זיי וואָלטן געוווסט דעם אמת!...

די פּאָר טעג ביי איר בין איך געווען באַהאַלטן דורך די טעג אין אַ קליידער־שאַנק און ביינאַכט אין דעם סטאָלער־ווערקשטאַט, ביז עס איז

געלונגען מיך אַריינצוקריגן אין דער געטאָ. דאָן האָט מען די זעלבע פרוי צוריקגעשיקט מיט די קליידער קיין ליזשענסק ווו מיין שוועסטערן טאָכטער איז געווען אויסבאַהאַלטן ביים לערער, כדי זי זאָל אויך אויף אַזאַ וועג קומען קיין קראָקע. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער איז זי שוין אויך געווען מיט אונדז אין געטאָ. דאָס איז שוין געווען פאַר די ימים־נוראים 1942.

אין אַ פיינער סביבה פון טייערע פריינד און שכנים, די רבנישע משפחה ק..... האָבן מיר ביים דאָוועגען דאָרט זיך גוט אויסגעוויינט און מיט זייער גלויבן אין אַ גוטן נייעם יאָר און אין זייער טרייסטן, איז מיר אַ ביסל לייכטער געוואָרן אויפן האַרץ. אָבער אויף ווי לאַנג, אַז מיט דער גאַנצער אמונה און גרייט, אין גאָטס נאָמען, אויף אַלץ, איז די טייערע משפחה מיט קינדס־קינדער, כמעט אינגאַנצן אומגעקומען.

## איינער פון די חסידי אומות העולם

עס איז כדאי איך זאָל דאָ דערמאָנען איינעם פון די חסידי אומות העולם. דאָס איז דער לערער, וועלכער האָט געהאָט אויסבאַהאַלטן מיין שוועסטערן־טאָכטער. ער שטאַמט פון אַ פּריצישער משפחה. זיין ווייב איז אויך געווען אַ לערערין. אַלט איז ער געווען אפשר פינף און צוואַנציק יאָר. די משפחה איז געווען פאַראָרעמט, די מוטער מיט אַ פּאָר טעכטער האָבן זיך געפונען נאָך אין אַ קליין גוט נעבן קראָקע, פון וועלכן זיי האָבן געצויגן אויף צו לעבן. דער זון, אַ לערער מיט אַ ברייטן קוק אויפן לעבן, אַ ליבעראַל, וויל אָבער נישט וויסן פון זיין אַלטן פאַרשימלטן יחוס. ער האָט ליב מענטשן בכלל און קאָן נישט פאַרטראָגן קיין אומרעכט. ער וויל נישט וויסן פון קיין ראַסן־אונטערשיד. ער איז אַ גוטער פּוילישער פּאַטריאָט, ער קען אָבער אַלע שוואַכקייטן פון זיין פאָלק. ער שעמט זיך נישט דאָס צו זאָגן און צו רעדן אָפן וועגן דעם. ראַסע און רעליגיע זענען ביי אים נישט קיין אָפּהאַלט צו טאָן טובות. ער אַליין, אַן אָרעמער מענטש, האָט צוגעלייגט זיין געלט אויף הוצאות, פּאַפּירן און אַנדערע זאַכן, כדי צו קאָנען אונדז העלפן.

באַקענט האָבן מיר זיך מיט אים, ווען מיר זענען געווען אין גראָד־זשיסק. ער האָט דאָרט געהאַט אַ מומע, אַן אלמנה נאָך אַ דאָקטאָר. ער האָט געוווינט אין דעם צווייטן שטעטל — אין ליזשענסק, נישט ווייט, און איז אָפט געקומען זי באַזוכן. מיר האָבן געהערט, אַז די פרוי האָט ביכער זענען אונדזערע קינדער אַהין געגאַנגען, זיך פאַרגעשטעלט, אַז מיר זענען פון קראָקע און האָבן אַליין מיטגעבראַכט ביכער צו לייענען. אויב זי וויל קאָן זי פון אונדז נעמען ביכער צום לייענען און זי זאָל אונדז אויס־באָרגן אירע. דורך איר האָבן מיר זיך באַפריינדעט מיט דעם גוטן פוילישן יונגנמאַן.

אונדזערע פוילישע העלפער זענען באַשטאַנען פון פאַרשידענע טיפּן. אַזעלכע, וואָס האָבן צוגעזאָגט, גענומען פאַרמעגנס און, אָדער אַליין גע־הרגעט און באַגראָבן די קרבנות, אָדער גלאַט זיי איבערגעגעבן צו דער געסטאַפּאָ. די צווייטע זענען געווען די גאָר הייליקע, וועלכע האָבן זיך געשראָקן פאַר זייער גאָט און ביי דעם געמאַכט פאַרמעגנס. זיי האָבן יאָ אויסגעהאַלטן דעם צוזאָג. אַ דריטע קאַטעגאָריע איז געווען גלאַט לייכט־זיניקע, אומפאַראַנטוואָרטלעכע, וואָס האָבן פיל נישט אַריינגעקלערט. דאָס זענען געווען הפקר־מענטשן, גענומען געלט, פאַרמעגנס און זיך געטראַכט: אויב עס וועט גיין גלאַטיק — איז גוט, און אויב נישט — איז אַלעמאָל פאַראַן אַ וועג פּטור צו ווערן פון די דאָזיקע קרבנות. אין מיינע דערפאַ־רונגען האָב איך געהאַט צו טאָן מיט די אַלע מינים טיפּן. די פאַרזאָרגערין פון מיינע קינדער האָט געהאַט אין זינען געלט. און ווי אַ זייער פרומע קריסטין געוואָלט כאַפּן יידישע נשמות. איך האָב אָבער אין איר אַריינגע־בראַכט אַ פּחד, אַז עמעצער פאָלגט איר נאָך און גיט אַכטונג אויף מיינע קינדער פון דער ווייטנס. זי האָט זיך זייער געשראָקן און ביי אַלע אירע אויסרעכענונגען האָט זי געמוזט אָנגיין מיטן אַכטונג געבן אויף די קינדער. דאָך ביז איך איר אויף דעם גאַנצן לעבן דאַנקבאַר.

אָבער דער יונגער מענטש, דער לערער מיט דעם נאָמען שעליגא זיג־מונט, האָט אַרויסגעוויזן אַ גאַנץ אַנדערע אָפּפערוויליקייט. נאָכדעם ווי מיר זענען שוין געווען אין געטאָ איז ער געקומען צו פאָרן בכדי אַריינצוקומען צו אונדז אין געטאָ. ער האָט אונדז געבראַכט דעם שליסל פון דער וווינונג,

וואָס זיין משפחה פון לעבן קראָקע האָט אויפגעהאַלטן אין קראָקע. ער האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז אויב עס זאָל זיין עפּעס אַ געפאַר, זאָלן מיר זיך אַרויסקריגן פון געטאָ און זיך אויפהאַלטן אין דער וווינונג און אים תּיכּף לאָזן וויסן. ביי אַ געוויסער אַקציע אין געטאָ, האָט טאַקע די וווינונג געראַטעוועט מיינע קינדער און מיין שוועסטערן־טאָכטער סאַבינאַ. ער האָט דאָרט אויך געהאַט צוגעגרייט עסן. פון זיינס אַ שוועסטער, וואָס איז געווען אין כּמעט דעם זעלבן עלטער ווי מיין שוועסטערן־טאָכטער, האָט ער צוגענומען די קען־קאַרטע, אָן איר וויסן, און זי געגעבן סאַבינען זי זאָל דאָס האָבן גרייט אין אַ נויט־פאַל.

דאַן האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אויף אַ פּלאַן ווי אַזוי אונדז אַלעמען צו ראַטעווען. ער האָט געפּלאַנט אונדז אַריבערצופירן צו זיינס אַ קוזין לעבן טאַרנאָפּאָל, וואָס האָט געהאַט גרויסע גיטער און וועלדער. אונדזער פּויליש רעדן און אויסזען קאָן אונדז נישט פאַרראַטן — האָט ער געזאָגט. ער האָט געזאָלט דערציילן דעם קוזין אַז זיינע פריינד, צוויי פּוילישע משפּחות, דאָס הייסט איך, מיין מאַן, קינדער און מיינע שוועסטערס קינדער, און מיין מאַנס ברודער און זיין משפּחה, זאָלן דאָרט אַהין קומען וווינען און אַרבעטן ביי אים, ווייל מיר, אַלס מיטגלידער פון פּוילישן אונטערגרונד, האָבן זיך פאַרזינדיקט קעגן דער דייטשער מאַכט און מוזן אַנטלויפן.

קענענדיק זיין קוזין ווי אַ גרויסן פּוילישן פּאַטריאָט האָט ער געוווּסט, אַז דאָס וועט זיך איינגעבן. ער האָט געזאָלט דאָרט אויסאַרבעטן אַלע פּאַפּירן און אונדז אַריבערפירן. ער איז געווען זיכער אין אַ גוטן רעזולטאַט. אַלע הוצאות האָט ער אַליין געדעקט. ער האָט זיך געלאָזט אין וועג קיין טאַרנאָפּאָל.

ביי זיך האָט ער געהאַט פאַרצייכנט פאַרשידענע נומערן, וואָס האָבן געמיינט די יאָרן פון יעדן. ער האָט אויך געהאַט פאַרשריבן דעם אַדרעס, ווו זיך צו קאָנען דורכשרייבן מיט אונדז, דורך אונדזערע פאַרבינדעטע. דעם נאָמען האָט ער זיך פאַרצייכנט לובלין, דלוגאָשאַ גאַס 14. אַהין האָבן געזאָלט קומען אַלע באַריכטן. ליידער איז ער ווייט מיט זיין פּלאַן נישט דערגאַנגען. מען האָט אים אין וועג אַריינגעזעצט. מיר האָבן אַ לאַנגע

צײַט נישט געוווּסט וואָס מיט אים איז געשען. זײַן ווײַב האָט בכלל פֿון דעם גאַנצן פּלאַן נישט געוווּסט. ער האָט איר נישט געטרויט.

מען האָט אים געהאַלטן אין אַרעסט לעבן לעמבערג אַ פּאָר וואָכן און אים שרעקלעך געפּײַניקט, אויסגעהאַקט אים די צײן ער זאָל זאָגן, וואָס באַדײַטן די נומערן און וואָס עס מײנט לובלין דלוגאָשאַ 14. אויף די נומערן האָט ער געזאָגט דאָס ער שרײַבט זיך אויף זײַנע אויסגאַבן. און דער אַדרעס איז אין לובלין אויף דער גאַס מיט דעם נומער, ווו ער האָט אַמאָל געהאַט אַ פֿרײַנד און אַז ער וויל פֿאָרן אין יענער געגנט אים באַזוכן. מען האָט אים מערדערלעך געשלאָגן ער זאָל זאָגן וועלכע ייִדן ער העלפֿט. אָדער צי ער אַרבעט פֿאַר דער אונטערגרונד. ער האָט אָבער געשוויגן און מען האָט אים אַרויסגעלאָזט. ער איז צוריקגעקומען אַ צעבראָכענער מענטש. ער האָט נישט אַזויפֿיל געליטן פֿון דעם, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען, נאָר פֿון דעם, וואָס זײַן פּלאַן אונדז צו העלפֿן איז דורכגעפֿאַלן. ער איז ווידער אַרײַנגעקומען צו אונדז אין געטאָ, ס'איז אים נישט געווען צו דערקענען. מיר האָבן אים געדאַנקט און געטרייסט. אַ צעבראָכענער האָט ער זיך מיט אונדז אָפּגעזעגנט.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זען אים נאָך דעם קריג. ער האָט זיך געמאַכט ביטערע פֿאָרווורפֿן פֿאַר נישט קאָנען אונדז ראַטעווען.

אָבער אויך נאָך דעם קריג איז מײַן לעבן ווידער געווען אין געפֿאַר און אַ דאַנק זײַן וואַכן איבער מיר האָט ער מיך אָפּגעראַטעוועט.

# א יונג מיידל ווערט אָפּגעראַטעוועט פון געטאָ־שפּיטאָל פאַר דער ליקווידאַציע פון געטאָ

אָנפאַנג מערץ 1943.

אין אויגוסט 1942, בין איך ווידער געווען מיט מיין מאַן, קינדער און מיין שוועסטערס צוויי קינדער אין קראָקעווער געטאָ. דעם וועג פון דעם שטעטל גראָדזשיסק ביז צו דעם קראָקעווער געטאָ, האָב איך שוין פריער געשילדערט.

נאָך אַ פּאָר וואָכן אָפּזיין אין געטאָ איז פאָרגעקומען די גרויסע אַקציע. עס איז געלונגען דורך ממש ברענענדיקע וועגן זיך אַרויסצוקריגן פון געטאָ מיט דער גאַנצער משפחה און זיך אויסבאַהאַלטן ביי דעם פּאָליאַק, דעם סטאָליאַר, אין אַ קאַמער. נאָך 2 טעג זיין ביים פּאָליאַק, זענען מיר ווידער אַריין אין דעם חרובן געטאָ. געוווינט האָבן מיר מיט מיין מאַנס ברודער, ווייב און צוויי קינדער און נאָך אַ דריטע פרעמדע משפחה מיט צוויי קינדער.

נאָך דעם גרויזאַמען חורבן, וואָס מיר האָבן געזען אין געטאָ, פון וואַנען מען האָט די מיינסטע מענטשן אַרויסגעפירט, איז דאָס געטאָ ווידער פאַרקלענערט געוואָרן. מען האָט ליקווידירט דעם אַזוי גערופענעם „קליי־נעם געטאָ" און אַלעמען צוזאַמענגעטריבן אין דעם אַנדערן, דעם „גרויסן געטאָ". די מרה־שחורה און טויט־שרעק איז נישט צו באַשרייבן. צו דעם צו בין איך געווען אָן אַרבעט, ווייל איך בין נישט געווען פון אָנהייב אָן אין געטאָ, און אָן אַן אַרבעטס־קאַרטע — האָט געמיינט טויט. נאָך פאַר־שידענע באַמיאונגען פון מענטשן האָט מען מיך, מיט נאָך אַנדערע פרויען, צוגעטיילט צו אַן אַרבעט — אויסצורייניקן די ליידיקע וווינונגען נאָך די אַרויסגעפירטע מענטשן. מיר האָבן געדאַרפט אַרויסטראָגן דאָס מעבל,

וואַשן די פענצטער און פּאָדלאָגעס אין אויסגעליידיקטן געטאָ, כדי די פּוילישע פאַמיליעס זאָלן קאָנען אַרייַן, פון די קוואַרטאַלן, וועלכע מ׳האָט ווידער געמאַכט ריין דייטש.

די אַרבעט איז באַשטאַנען אין נעמען אינדערפרי אויף אַ געוויסן פּלאַץ: לאָפּאַטעס, בעזעמער, עמערס אויף וואַסער און גיין פון הויז צו הויז און רייניקן. וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט ביי דער אַרבעט איז נישט איבערצוגעבן. מיר זענען אַריינגעקומען אין שטיבער, ווו עס איז נאָך געשטאַנען אויף דעם אויוון אַ ביסל נישט דערעסן געקעכץ. אָרעמע אָפּ־געטראָגענע מלבושים אויף די געלעגערס, אויף דער ערד, וואָס מענטשן האָבן נישט געקאָנט אָנטאָן, ווייל מען האָט זיי געטריבן נאַקעט און באָר־וועס. קינדער־זאַכן זענען געווען צעוואָרפן. דאָס ערגסטע, וואָס איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, זענען געווען די זיך אַרומוואַלגערנדיקע קינדער־שיכלעך, שפּילצייג, ליאַלקעס, פערדלעך און הינטלעך, וואָס האָבן אויף מיר געקוקט ווי לעבעדיקע, ווי פרעגנדיק מיט אַ פאַרוואורף: — ווו זענען אונדזערע קליינע חברים, ווו זענען זיי?

צוליב די קינדערשע זאַכן האָבן מיר היסטעריש געוויינט און זיך נישט געקאָנט צורירן צו דער אַרבעט, נישט געקאָנט זיך נעמען צום אָרעקרוימען און אַרויסוואַרפן די טליתים, סידורים, תפילין, וואָס די מענטשן האָבן געאיילט צו כאַפּן נאָך איין מאָל אַ דאַווענען.

די יידישע אויסוואורף־משרתים זענען געקומען נאָכקוקן צי מיר טוען די אַרבעט בשלימות, און האָבן אונדז געטראָפן אין אונדזער אָנמאַכט־צושטאַנד. דער רעזולטאַט — דראָאונגען מיט קאָנסעקווענצן. וואָס דאָס האָט באַדייט האָבן מיר גוט געוווסט. דאָס איז געווען איינע פון די מערסטנס שווידערלעכסטע אַרבעטן. איינמאָל זענען מיר געקומען אין אַ שטוב און געפונען אַ שלאָפנדיק קינד אונטער אַ צודעק. דאָס קליינע אומשולדיקע מיידעלע, אַ מלאכל, איז געלעגן מיט איר ליאַלקע אין די הענטלעך און געשלאָפן איר אייביקן שלאָף. די עלטערן האָבן דאָס קינד, איידער מען האָט זיי אַוועקגענומען, איינגעשלעפערט אויף אייביק, כדי עס זאָל נישט דאַרפן דורכגיין די אַלע פּיין און יסורים. די דאָזיקע באַגעגעניש האָט

מיך צעטרייסלט און געמאַכט אַ סוף צו מיין אַרבעט. איך האָב מער נישט געוואָלט לעבן און בין צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען.

דערווייל האָבן די צרות געיאָגט איינע די אַנדערע, אָבער מען האָט ווידער געמוזט אָנגיין מיטן ראַנגלען זיך צוליב די קינדער, מיינע און נישט מיינע. איך האָב מיט גרויס מי און פּראָטעקציע געקראָגן אַרבעט אין אַ באַקליידונגס־פאַבריק (ביים נייען) אויסער דעם געטאָ. געאַרבעט האָב איך צוועלף שעה אַ טאָג, איין וואָך ביי טאָג און איין וואָך ביי נאַכט. פון דער פרעמדער משפחה, וואָס האָט געוווינט מיט אונדז צוזאַמען, האָט די פרוי און זייער פופצן־יאָריקע טאָכטער געאַרבעט אויף דעם זעלבן פּלאַץ. דאָס האָט געהייסן דער בעסטער אַרבעטס־פּלאַן. זיי האָבן געהאַט אַ קיך פאַר די אַרבעטער און איין מאָל אַ טאָג געגעבן אַ ביסל עסן.

צוליב אָט דער אַרבעט מחוץ דעם געטאָ, האָב איך געהאַט די געלעגנ־הייט זיך צו קאָנען זען מיט באַקאַנטע פּאָליאַקן. צוליב פאַרשידענע צוועקן האָט מען זיי געוואָלט זען, פריער פון אַלץ — צו זוכן וועגן פאַר דעם קומענדיקן גרויסן אומגליק, וואָס מען האָט געוווּסט אַז עס וועט באַלד געשען. די באַראַקן־אַרבעט אין פּלאַשאָוו איז אָנגעגאַנגען. מיין שוועס־טערס טאָכטער סאַבינאַ האָט דאָרט געאַרבעט און אויך דאָרט געוווינט צוזאַמען מיט אַנדערע אין די נייע באַראַקן. אַנדערע גרופּן זענען פון געטאָ אויך געגאַנגען אַרבעטן אין פּלאַשאָווער לאַגער. איך האָב אַלעמאָל גע־זוכט אַ געלעגנהייט צו קאָנען צושיקן אין לאַגער פאַר מיין שוועסטערס טאָכטער עפּעס צו עסן.

אינצווישן האָב איך געפונען ביי מיין באַקאַנטער פּוילישער משפחה, דעם סטאָליער לובלין, אַ פּלאַץ פאַר מיין שוועסטערס זון, ראָמעק, דרייצן יאָר אַלט, אַלס לערן־יינגל אין וואַרשטאַט. איך האָב אויך געזוכט אַ פּלאַץ פאַר מיינע צוויי מיידלעך און געפונען. דערווייל זענען צייט און צרות געגאַנגען, און אָט איז געקומען דער באַפעל . דאָס געטאָ ווערט ליקווידירט, אַז אַלע ועלן אַריבער אין לאַגער פּלאַשאָוו. ווייטער, אַז אַלטע לייט און קינדער גייען ערגעץ אַנדערשוווּ. די בהלה איז געווען אַ שרעקלעכע, וואָס מען קאָן מיט ווערטער נישט איבערגעבן. מיין שוועגערין האָט געהאַט באַזאָרגט אַ פּלאַץ פאַר אירע צוויי יינגלעך. אין טאָג פאַרן ליקווידירן דאָס

געטאָ, איז אונדז געלונגען אַרויסצוקריגן אונדזערע קינדער פון געטאָ. ווי אַזוי?

דאָס הויז יוזעפּינסקאַ 4, וווּ מיר האָבן געוווינט אין געטאָ, האָט געהאַט אַ פּראָנט־טויער צו דער פרייער וועלט. דער טויער איז געווען פאַרמאַכט און נישט געטאָרט באַנוצט ווערן. מיר האָבן אָבער געהאַט אַ נאָכגעמאַכטן שליסל צוגעגרייט פאַר אַן עת־צרה. דעמאָלט, אין דעם גרויען פאַרטאָג, האָבן מיר באַנוצט דעם שליסל. מיר האָבן יעדעס קינד אַדורכגעשטופּט דורך אַ גאָר קליינע שפּאַרע. אין דרויסן האָבן שוין געוואַרט די צוגעגרייטע מענטשן, וואָס האָבן שנעל צוגענומען יעדעס קינד און געלאָפן אין פאַרשידענע ריכטונגען. אין דער לעצטער מינוט האָב איך אַ פּיר־צו געגעבן אונדזערע קינדער צו דעם טייערן שכן, דעם רב, און אים געבעטן ער זאָל זיי בענטשן. ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע ציטערדיקע הענט אויף זייערע קעפּלעך און האָט מיינע קינדער געבענטשט.

מיין מאַן איז געווען ווי געליימט אינגאַנצן, ער איז נישט געווען אימשטאַנד עפּעס צו טאָן אָדער זאָגן, און איך האָב געמוזט אויף דער הייסער מינוט מאַכן דעם באַשלוס. אָבער וווּ נעמט מען אַזויפיל העלדישקייט און מוט? און צי וועט דאָס געלינגען? מיר האָבן אויך געוווּסט, אַז מיר האָבן גאָרנישט אָנצוווערן... און, דאַנקען גאָט, איך האָב געוווּנען. ליידער האָט מיין מאַן נישט דערלעבט צו זען, אַז מיין קאַמף האָט זיך איינגעגעבן און אַז איך האָב געוווּנען.

ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט אונדזערע טייערע קינדער, האָב איך געזען ווי די פרוי, מיט וועלכער מיר ווױנען, ווײנט שרעקלעך און וויל זיך נעמען דאָס לעבן. דאָס יונגע מיידל אירס ליגט אין שפּיטאָל אויף טיפוס און פון דערפאַרונג האָבן מיר געוווּסט, אַז די ערשטע צום ליקווידירן זענען די קראַנקע. דאָ איז מיר געקומען אַ געדאַנק — איך זאָג צו דער מוטער: — ווייסט וואָס, קום לאָמיר צוגיין צום שפּיטאָל. געווען איז דאָס שוין אויף דער נאַכט. איך האָב איר געהייסן מיטנעמען אַ מאַנטל און אַ פּאָר שיך. אין דעם געטאָ־שפּיטאָל איז קיין צופיל באַדינונג נישט געווען. די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטערס, אַליין פאַרצווייפלטע, האָבן נישט געוווּסט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. מיר האָבן געטראָפן

אַ קראַנקן־שוועסטער, אַ מיידל פון ניי־סאַנדז, וואָס האָט געהאַט דינסט אין שפּיטאָל. איך האָב זי זייער געבעטן זי זאָל אונדז לאָזן זען דאָס מיידל ג. נישט וואַרטנדיק אויף איר דערלויבעניש, זענען מיר אַריינגעלאָפן און שוין געווען לעבן דער קראַנקער, אַרויפגעוואָרפן אויף איר דעם מאַנטל, אַרויפגעשלעפּט די שיך און מיט דער מוטער האָבן מיר זי געטאָן אַ נעם פוןביידע זייטן און טראָגנדיק זי אין דער לופטן, זענען מיר אַרויסגע־לאָפן מיט איר. די קראַנקן־שוועסטער איז געוואָרן צעטומלט, נישט גע־ווּסט, וואָס דאָ קומט פאָר, און ווען זי האָט געוואָלט פרעגן, זענען מיר שוין נישט געווען. מיר האָבן דאָס מיידל געבערענגט אַהיים און אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי אַזוי מיט דער הילף פון אַן אַרבעטס־קאַרטע, זי אַרויספירן מיט אונדז פון געטאָ. זי וועט ביים אַרויסגיין צו דער אַרבעט מיט אונדז שטיין אין דער ריי פון פינף און וועט זיין צווישן מיר און איר מוטער, כדי מיר זאָלן זי אונטערהאַלטן און העלפן גייך. זי איז געווען אַזוי שוואַך, אַז זי האָט זיך נישט געקאָנט שטעלן אויף די פיס. אַזוי איז טאַקע געווען. מיט די פעקלעך אויף די פּלייצעס, ווו מיר האָבן מיטגענומען עפּעס איבער־צוטאָן, האָבן מיר מאַרשירט פון געטאָ מיט איר אין דער מיט...

מיין לעצטער בליק איז נאָך געפאַלן אויף אַ קליין קינד, אפשר פון אַ יאָר דריי, וואָס האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אויף די פּוסטע געטאָ־גאַסן און געוויינט, מאַמע!... אָבער אַן ס.ס.־מאַן האָט עס מיט איין שאָס שטיל געמאַכט. איך האָב די מוטער פון דעם קינד געזען אָפּט אין לאַגער, און געמאַכט זיך ווי איך זע זי נישט. דאָס געוויין פון קינד הילכט מיר אייביק אין די אויערן.

ביים אָנהייב איז דאָס גיין מיט דעם קראַנקן מיידל געווען אַ האַלבע צרה. אָבער שפּעטער, נאָך אַ פּאָר קילאָמעטער גיין, האָט זי אַפילו זיך נאָכשלעפּן נישט געקאָנט. ווען מיר האָבן נאָכדעם זי געטראָגן אונטער די הענט, האָט זיך דאָס אָרעמע קינד געבעטן: — לאָזט מיך ליגן און איר גייט ווייטער. די מוטער, אויס רחמנות צום קינד, האָט געוואָלט נאָכגעבן און בלייבן מיט איר, אָבער איך האָב אַן איינגעשפּאַרטע געשריען, געזידלט און זיי געסטראַשעט אַז דער באַוואַכער קוקט, ער וועט זיי גלייך דער־שיסן. איך האָב נישט אויפגעהערט רעדן צו איר, מיט גוטן און מיט בייזן.

מיין האַרץ איז געווען צעבראָכן און האָט אין מיר געוויינט פון גרויסן פּיין. אַזוי האָבן מיר זי צוגעטראָגן ביז צום טויער פון לאַגער. דאָס טויער האָט זיך געעפנט און אונדז אַריינגעלאָזט. די וואַכלייט זענען געבליבן אין דרויסן־זייט. מיר האָבן זי אַנידערגעלייגט אויף דער ערד. די מענער, וואָס האָבן נאָך אונדז נאָכמאַרשירט האָבן אונדז געהאָלפן זי אַריינטראָגן אין אַ באַראַק, און מ׳האָט זי אַרומגעדעקט. אין אַ צייט אַרום איז געזונט געוואָרן און אַפילו דורכגעלעבט דעם לאַגער בערגען־בעלזען.

איר מוטער איז דאָרט אומגעקומען.

## די לאַגע אין לאַגער פּלאַשאָוו

אָנהייב מערץ 1943 זענען מיר אַריבערגעפירט געוואָרן אין לאַגער. די אַרבעטס־פּלעצער האָבן זיך געפונען אויסער דעם לאַגער, ווייל מען האָט ערשט געבויט די באַראַקן פאַר די פאַבריקן. דאָס אַריבערפירן האָט געדויערט אַ פּאָר חדשים, אַזוי, אַז אַ סך פון אונדז, שקלאַפן־אַרבעטער, זענען יעדן פאַרטאָג אַרויסגעפירט געוואָרן צו דער אַרבעט פון לאַגער אין שטאָט אַריין.

דער סיגנאַל פאַר דעם אַפּעל איז געווען 4 פאַרטאָג. מען איז געשטאַנען לאַנגע שעהן ביז מען האָט געציילט און ערשט אַרום 7 האָט מען יעדע אַרבעטס־אָפּטיילונג, צו פינף אין אַ ריי, אַרויסגעפירט פון לאַגער. מען איז געגאַנגען אין אַ קאָמענדע פון ציילן שריט לויט אַן אויסגעשריי פון פירער: — לינקס, צוויי, דריי, פיר. לויט דעם טאַקט האָט מען געמוזט אָנהאַלטן דעם שריט. יעדע פאָר שריט ביי די זייטן איז געגאַנגען אַן אוקראַינישער וועכטער מיט דער אָנגעשטעלטער ביקס, גלייך צום שיסן.

דעם ערשטן טאָג, ס׳הייסט צומאָרגנס, ביים מאַרשירן בכדי צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ, זענען די געשטאַפּאָ־לייט געשטאַנען אין געטאָ־טויער און געזאָגט צו אונדז: — נו, איצט גייט איר אָן שטערונגען צו דער אַרבעט, אייערע קינדער זענען אייך מער נישט אין וועג. (ווייל ביים אַרויסגיין פון געטאָ צו דער אַרבעט פלעגן נעבעך די אָרעמע, אויף הפקר איבערגע־

לאַזענע קינדער, נאָכלויפן די מאַמעס און וויינען. די יידישע פּאָליציי האָט זיי אַלעמען צעיאָגט בעת די מאַמעס האָבן מאַרשירט)...

מיר האָבן אויך געזען ווי די מוראדיקע רייניקונג אין געטאָ גייט אָן. מ׳האָט געהאַלטן אין איין פירן די לאַסט־אויטאָס מיט טויטע אין לאַגער אַריין צו די מאַסן־קברים (דער פּלאַשאָווער לאַגער האָט זיך געפונען אויף דעם נייעם קראָקעווער בית־הקברות), דאָס בלוט פון די הרוגים האָט גערונען דעם גאַנצן מהלך־וועג צום לאַגער. די סאַדיסטן האָבן זיך דערביי מיט אונדז געריצט — „מיר זענען איצט פריי פון די קינדער, זיי האַלטן אונדז נישט צוריק...״

דער בית־עולם אין פּלאַשאָוו האָט זיך געפונען אויף אַ גאָר גרויסן שטח. ס׳איז אַ זייער באַרגיקע געגנט מיט פיל טאָלן. זיי האָבן אויך צוגע־נומען צום לאַגער־שטח די אַרומיקע שטיין־האַקערייען און קאַלך־גריבער, וואָס האָבן געהערט צו יידן, און האָבן אָנגעפירט מיט דער עקספּלואַטאַציע פון דער שטיין־האַקעריי ווו די שקלאַפן האָבן געאַרבעט ביי שטיין־אויפ־רייסן. דאָ זענען איינגעשלונגען געוואָרן טויזנטער יונגע לעבנס.

אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ איז געווען אין פּאָדגוזשע, נישט ווייט פון געטאָ. דאָס אָפּהילכן פון אויפרייסן די בונקערס אין געטאָ און די שווידער־לעכע באַריכטן פון די יידישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן נאָך געאַרבעט אין געטאָ, האָבן געמאַכט יעדן שטום און געליימט. קיינער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט איינער צום צווייטן.

דער געטאָ־קעניג, שאַפּיראָ, מיט זיינע משרתים — די אָרדענונגס־דינסט, האָבן געהאַט די פּריווילעגיע צו וווינען אין געטאָ. מיינסטנס זענען דאָס געווען אויסוורפן, נאָר ס׳האָבן זיך צווישן זיי אויך געפונען יחידים מיט מענטשלעכע הערצער. זיי האָבן דעמאָלט געמיינט, אַז זייער לעבן איז פאַרזיכערט, אַזוי שטאַרק האָבן זיי זיך געפילט. אָבער נאָך דער אויס־רייניקונג פון די בונקערס און באַהעלטענישן, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען מיינע טייערסטע שכנים, די רבנישע משפחה ק.—— וואָס איז כמעט אינגאַנצן אומגעקומען, האָט מען תיכף געמאַכט אַ סוף צו די שטאַרקע מיט זייער אויסוורף־יחוס. זיי זענען ווי די אַנדערע הרוגים, געבראַכט געוואָרן אין די מאַסן־קברים.

# און די זון האָט געשײַנט

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אויף די קראָקעווער גאַסן אַ געיעג, ליידער אויך מיט דער מיטאַרבעט פון אונדזערע אייגענע מיטהעלפער, אויסצוכאַפּן די אַלע, וועלכע האָבן געזוכט זיך צו ראַטעווען אויף דער פוילישער זייט מיט אַרישע פּאַפּירן. מיר האָבן דערווייל נישט געהאַט קיין שום באַריכטן פון מײַנע און מיין שוועסטערס קינד און פון נאָך אַ קוזינעס אַ קינד. אויך מיין שוואָגער האָט נישט געהערט פון זיינע קינדער. די נייעסן האָבן אונדז אַלעמען דערשלאָגן און מיר זענען שיער פון זינען אַראָפּ, די הערצער האָבן אומאויפהערלעך געצאַפּלט אין פּחד, ביז איך האָב ענדלעך באַקומען אַ צייכן פון מײַנע קינדערס באַשיצערן, אַז מײַנע און אויך די אַנדערע קינדער, זענען געזונט. דאָס האָבן פאַר אונדז מעגלעך געמאַכט אונדזערע אַרבעטס־געבערס, צוויי ווינער דייטשן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער פאַבריק, ווו מיר האָבן געאַרבעט. זיי האָבן זיך, צוליב געוויסע סיבות, באַצויגן צו אונדז אַ ביסל מענטשלעכער ווי אין די אַנדערע פּלעצער. די היטער ביים פאַבריק־טויער זענען געווען יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן באַקומען אַ ווונק פון די יידישע פאָראַרבעטער אין דער פאַבריק, אַז אין געוויסע צייטן זאָלן זיי אַריינלאָזן אין פאַבריקס־הויף פוילישע הענדלער צו פאַרקויפן אונדז ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן. דאָס האָט מיך פּאָליאַטשקע אויסגענוצט און זיך גענומען עפּעס־וואָס צו פאַרקויפן. נאָך אַ פּאָר וואָכן, האָט זי זיך באַוויזן און געבראַכט די בשורה, אַז אַלע קינדער זענען גאַנץ און געזונט. די הויפּט־זאָרג מײַנע איז געווען מיין גרויסע טאָכטער, דעמאָלט צוועלף יאָר אַלט, אַז זי זאָל נישט דערקענט ווערן דורך עמעצן וואָס האָט זי געקענט זען אין קראָקע אָדער לעצטנס אין געטאָ. דער געדאַנק האָט מיך שטענדיק געעגבערט.

מיין מאַן און מיין שוועסטערס טאָכטער, סאַבינאַ, זענען נישט אַרויסגעגאַנגען פון לאַגער צו דער אַרבעט, ווייל זייער פאַבריק פון פּאַפּיר־פּראָדוקציע האָט זיך שוין געפונען אין לאַגער. זיי האָבן יעדן טאָג געוואַרט אויף מיין צוריקקומען פון דער אַרבעט. ליידער האָב איך זיי אַ לאַנגע צייט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. ביז איין געוויסן טאָג האָב איך זיי געבראַכט דעם דערוואַרטן גרוס פון די קינדער. אָבער צי איז שוין די געפאַר געווען אַריבער?

מיין האַרץ־קלעמעניש האָט אָנגעהאַלטן אַלע יאָרן. פון דעם וואָס די היטערין פון די קינדער האָט מיר דערציילט, האָב איך געוווּסט, אַז מיין עלטער קינד זיצט גאַנצע טעג אין אַ ווינקל אויף דער ערד, פאַרשטעלט מיט אַ קליידער־שראַנק און זעט נישט די ליכטשיין פאַר די אויגן, און מיין קליין קינד שפּילט זיך מיט איר קינד אין זעלבן עלטער, אָבער אין גאַס נעמט מען זי נישט אַרויס. פאַר די שכנים האָט עס געהייסן, אַז דאָס זענען יתומים פון איר ברודער, וועלכער איז געפאַלן אין קריג און די מוטער איז פאַרשיקט געוואָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. מעטריקעס האָב איך געהאַט פאַר זיי צוגעגרייט אויף דער פאַרזאָרגערינס מיידלשן נאָמען, דאָס הייסט — איר ברודערס נאָמען, אַרויסגעגעבן דורך אַ גלח פון אַ געוויסער פּאַראַפיע פאַר אַ גרויסער סומע געלט. אין אַ צייט אַרום האָבן עפּעס די שכנים געמאַכט באַמערקונגען וועגן די קינדער, האָט זי זיי געזאָגט, אַז זי גייט שיקן די קינדער צו איר מוטער אין אַ דאָרף, זיי זענען אירע אייניקלעך, זאָל זי זיך מיט זיי אַ ביסל פאַרנעמען... אַוועקגעפירט האָט זי זיי צו אירע פויערים. דאָרטן זענען זיי נעבעך געוואָרן אויסגעהונגערט, פאַרוואָרלאָזט און קראַנק. דאָס איז שוין געווען חדשים שפּעטער, ווען מען האָט שוין אויך מיין אַרבעטס־פּלאַץ געהאַט איבערגעפירט אין לאַגער און איך בין מער שוין אין שטאָט אויף אַרבעט נישט געגאַנגען.

ווי לאַנג איך בין אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט זיך מיט איר צו זען, און שטענדיק האָט זי אויסגעדריקט איר חרטה, וואָס זי האָט גענומען צו זיך מיינע קינדער. שטענדיק איז זי געווען בייז און אויפגערעגט, וואָס זי מיט איר קינד און איר גאַנצע משפּחה זענען איינגעשטעלט מיטן לעבן. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס איז אמת. איר גאַנצן כעס האָט זי אויסגעלאָזט צו מיין אָרעם קינד, מיין עלטערע טאָכטער. זי האָט זי געסטראַשעט מיט ארויסגעבן צו דער מאַכט, זי געשלאָגן און מיין אָרעם קינד האָט נישט געהאַט אַפילו פאַר וועמען זיך אויסצווויינען. דערצו איז דער מאַן געווען אַ שיכור און ווען ער האָט זיך אָנגעטרונקען האָט ער געשריען און דערציילט אַלץ וואָס אין שטוב. מיין צעווייטיקט האַרץ איז געווען אויסגעפּילט מיט מיינע קינדערס צרות. די קליינע האָט כמעט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָרט קומט פאָר. מיין גליק

איז אָבער געווען דאָס, וואָס זי איז געווען אַ פֿרומע קריסטין און זי האָט געהאָפֿט צו פֿאַנגען אין איר נעץ די צוויי אָרעמע נשמהלעך מיינע.

זי האָט מיין עלטערע טאָכטער געמאַכט קניִען און שווערן, אַז נאָך דעם קריג וועט זי מיט איר קליינער שוועסטער זיך שמדן. נאָך אין געטאָ, ווען מען האָט זיי צוגעגרייט צו לעבן אויף אַרישע פּאַפּירן, האָט מען זיי שוין דאַן געלערנט די קריסטלעכע תפילות און ווי אַזוי ריכטיק זיך צו צלמען. זי איז מיט זיי זייער אָפֿט געגאַנגען אין קירכע. מיין גרויסע טאָכ־טער, אפֿנים מיט ווייטיק אין איר קליין הערצל, און די קליינע, מיט אמת־דיקער איבערגעגעבנהייט און זיי זענען געווען גוטע קריסטינס.

דורכרעדנדיק זיך מיט מיין מאַן האָב איך צוגעטראָגן דער קריסטין אַ מעשה, אַז אויסער דעם וואָס זי היט מיינע קינדער, וואַכן אויף זיי און אויף אַנדערע קינדער, פּאָליאַקן פֿון דער אונטערגרונד פֿונעם קליינעם שטעטל, ווו מיר זענען געווען. איר האָב איך אויך געזאָגט, אַז אויב זי וועט וועלן מיינע קינדער עפּעס שלעכטס טאָן און שפּעטער זיך וועלן ריינוואַשן, זאָל זי וויסן, אַז די מענטשן פֿון דעם שטעטל זענען פֿאַרבונדן מיט דער קראָ־קעווער אונטערגרונד. דו ווייסט טאַקע גאָרנישט, האָב איך איר געזאָגט, אָבער זיי וויסן גענוי אַלץ פֿון מיינע קינדער און דיר. זאָל עפּעס געשען מיט די קינדער איז פֿאַראַן אַ טויט־אורטייל פֿאַר דיר, דיין קינד און פֿאַר דער גאַנצער משפּחה. דערפֿאַר פֿאַרלאַנג איך פֿון דיר, אַזוי ווי איך האָב דיר געגעבן אַ גרויס פֿאַרמעגן, אַז דו זאָלסט קויפֿן עסן און אָפּהיטן די קינדער און זיין אויף דער וואַך פֿון די אַנדערע קינדער, ווו זיי זאָלן נישט זיין. אַלס באַווייז וואָס וועט דיר דאָס באַשטעטיקן, וועט דיר עמעצער ברענגען מיין טאָכטערס אַ קליידל. די קנעפּלעך פֿון דעם קליידל זענען איבערגעצויגן מיט שטאָף, נאָר אונטער דעם שטאָף זענען איינגענייט די־מענטן (מיין עלטערע טאָכטער האָט געוווּסט, אַז מיר האָבן דאָס קליידל איבערגעלאָזט ביי מיין מאַנס אַ מיטאַרבעטערין, אַ פֿאַרלעסלעכע פֿרוי און זי האָט עס פֿון איר גענומען לויט ווי איך האָב איר פֿריער געהאַט אָנגע־זאָגט). דעריבער זאָלסטו געדענקען און באַוואַכן די קינדער און טאַקע אַלע, ווייל אויב מען זאָל חלילה כאַפּן איינס און פּייניקן, וועט עס זיך צוזאַמענברעכן און אויסגעבן די אַנדערע. דאַן ביסטו אויך פֿאַרלוירן.

נאָך דעם האַרבן רעדן מיט איר האָט זי אָנגעהויבן ציטערן, וויינען, זיך צלמען און שווערן, אַז זי וועט אַלץ טאָן וואָס אין אירע כּוחות. זי האָט מיר דערציילט אַ זאַך, וואָס איך האָב גאָרנישט געוווּסט — אַז זי איז אַמאָל געגאַנגען אין קירכע אַליין, איז צו איר צוגעקומען אַ מאַן און האָט איר געזאָגט, אַז זיין אויפגאַבע איז אונטערצושטיצן, דורך אַ געוויסן קאָמיטעט, מענטשן וואָס העלפן באַהאַלטענע יידן און האָט איר געגעבן אַ געוויסע סומע געלט (מיין האַרץ איז שטיין געבליבן פאַר שרעק). איך האָב מיך געשטאַרקט און זי געפרעגט: און דו האָסט נישט מורא געהאַט זיך צו אָנערקענען אַלס אַזאַ העלפערין? האָט זי מיר דערציילט, אַז ווען זי האָט אָפּגעוואָרפן זייך אָנבאָט, האָט ער זי באַרואיקט און געזאָגט אַז ער ווייסט יעדנפאַלס וואָס זי טוט און זי זאָל נעמען די שטיצע. ער האָט איר אויך געזאָגט, אַז זי זאָל קומען יעדן חודש אין דער זעלבער צייט, ער וועט איר ברענגען רעגולער די שטיצע. דאָס גייט שוין אַן אַזוי אַ פּאָר חדשים. איצט ווייסט זי, אַז דאָס איז איינער פון מיינע מענטשן... אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז עס איז נישט געווען קיין שפּיאָן פון די מערדער.

איך האָב נאָך דעם קריג געמאַכט אָנשטרענגונגען אויסצוגעפינען ווער דאָס איז געווען, אָבער אָן רעזולטאַטן. איין השערה האָבן מיר, אַז אין הויז, ווו מיין פאַרזאָרגערין האָט געוווינט מיט די קינדער, האָט זיך דאָרט אַריינגעצויגן אין אַ פינצטערן קעלער אַן אָרעמער שנאָרער, אַ לאָמער, אַן אָפּגעריסענער. מיין עלטערע טאָכטער, מיט איר אויסגעאַרבעטן חוש, האָט באַמערקט ווי שאָטנס שלייכן זיך אַריין צו דעם בעטלער און עס גייט אָן אַ געהיימע באַוועגונג. אויב זי איז אַמאָל אַרויסגעגאַנגען אין הויף ווו דער אָרעמער אַלטער איז געזעסן, האָט ער זי אין זיין בליק און אין די פּאָר ווערטער וואָס ער האָט גערעדט צו איר, זי באַדויערט און געוויינט אויף איר גורל, נישט לאָזנדיק זי פילן זיין חשד, אַז זי איז אַ יידישע. זי האָט ביי זיך געפילט, אַז דער מאַן איז נאָר בלויז פאַרשטעלט פאַר אַ בעטלער. אין אַ געוויסער נאַכט, האָט מען טאַקע אַרומגערינגלט דאָס הויז און אים פאַרנומען און פון קעלער אַרויסגענומען ראַדיאָ־איינריכטונגען און געדרוק־טע פּאַפּירן. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ גרויסע אונטערגרונד־

נעסט. וואַרשיינלעך האָט ער געהאַט אַ האַנט אין דער שטיצע פאַר מיינע קינדער.

נאָך דעם בייזן־גוטן שמועס וואָס איך האָב געהאַט מיט איר, האָט זי מיר צוגעזאָגט צו לאָזן זען די קינדער. אָבער ווי אַזוי?

אין דער צייט, ווען מען פירט אונדז אין לאַגער פון דער אַרבעט, גייען מיר פאַרביי אַ קירכע, ווען זי דורכגיין מיט די קינדער אין דער קירכע אַריין. איינמאָל טאַקע האָב איך געזען ווי זי האַלט מיין קליין קינד און איר קינד ביי די הענטלעך ביים אַרויפגיין אין קירכע אַריין. דאָס איז געווען זומער 1943. אין צוויי וואָכן שפּעטער זענען מיר אויף דעם וועג דורכגעגאַנגען די בערגיקע געגנט אין פּאָדגוזשע, וואָס מען רופט קשע־מיאַנקעס. זומער־צייט זיצן דאָרט געוויינלעך מענטשן אויף די בערג. האָט זי געבומען די קינדער דאָרט אַהין צום שפּילן זיך אויף די בערג, ווו מיר דאַרפן דורכגעפירט ווערן. די קליינע קינדער, האָבן זיך געשפּילט נישט וויסנדיק וואָס דאָ קומט פאָר. מיין עלטערע טאָכטער האָט אָבער יאָ גע־ווסט און אַראָפּגעקוקט אויף די טויזנטער דורכמאַרשירנדיקע מענטשן־שקלאַפן. איך האָב זיך פאַרזיכערט דאָס זען די קינדער און בין געגאַנגען אין עק פון דער שערענגע. לעבן מיר איז געגאַנגען אַ טייערע פריינדין מיינע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין ראַטעווען מיין עלטער קינד, זי האָט מיך אין דער שטיל כסדר געמונטערט. מיין בליק האָט זיך באַ־געגנט מיט מיין עלטערן קינדס בליק. איך האָב געזען מיין קליין קינד אַרומלויפן. וואָס אין אַ מאַמעס האַרץ טוט זיך אָפּ אין אַזעלכע מינוטן! צי קאָן מען דאָס גאָר אויסדריקן? און וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם צע־בראָכענעם הערצל פון מיין עלטער קינד? געזען מיך, ווען זי האָט נישט געטאָרט זען מיך?... און דערצו אין דעם לאַגערישן אויסזען?... איך האָב אין די מינוטן נאָר געבעטן צו גאָט, אַז זי זאָל געשטאַרקט ווערן און זיך נישט פאַרראַטן פאַר די אַרומיקע און נישט קראַנק ווערן פון דערשיטערונג. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב געזען מיינע קינדער ביז ענדע אויגוסט 1946, נאָך דער באַפרייאונג ווען איך האָב זיי צוריק געפונען.

דערווייל האָט מיין עלטער קינד קיין צרות נישט געפעלט. זי האָט

געאַרבעט ווי אַ שקלאַף און באַקומען קוים די נשמה צו דערהאַלטן און דערצו געקראָגן געשלאָגן. די רעטערין האָט אָבער געהאַלטן וואָרט און זיי דערהאַלטן ביים לעבן. אַ צייט האָט זי זיי געהאַלטן אין דערפער ביי קרובים, וועלכע האָבן געגלייבט אין דעם, אַז זיי זענען יתומים פון איר ברודער. דאַן האָט זי זיי צוריקגענומען קיין פּאָדגוזשע. מיין דרייצן־יאָריק אויסגעמאַטערט קינד האָט זי אַוועקגעגעבן אַלס אַ משרת צו אַ פּראָסטע פּוילישע משפּחה מיט אַ פּאָר קליינע קינדער. דאָרט האָט דאָס קינד געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות. ווינטער געטראָגן וואַסער און קוילן אויף דעם פערטן שטאָק, געוואַשן וועש און פּאָדלאָגעס און צו דעם זענען זיי געווען באַקאַנט מיט אַ געסטאַפּאָ־מאַן, וועלכער איז דאָרט שטענדיק אַרויפגעקומען, געבראַכט זיי מתנות פון יידישע זאַכן און דערציילט זיינע שרעקלעכע אויפטועז ביים פייניקן יידן. זי האָט זיך צו דעם צוגעהערט און דאָס אָנגעווייטיקטע קינדערשע הערצל האָט דאָס אויסגעהאַלטן און נישט געפּלאַצט. זי איז געווען אַזוי צעווייטיקט און שוואַך, אַז איינמאָל, טראָגנדיק קוילן פון קעלער, איז זי אַראָפּגעפאַלן מיט די קוילן און איז באַשעדיקט געוואָרן. זי איז געווען זייער קראַנק, אָבער איין זאַך האָט זי געהאַט אין זין וואָס האָט זי געשטאַרקט זי זאָל נישט פאַרלירן דאָס באַוווסטזיין; אַז זי טאָר זיך נישט פאַרראַטן מיט עפּעס אַ וואָרט.

לאַנג קרענקען האָט זי נישט געקאָנט. ווען זי האָט נאָר זיך קוים געשטעלט אויף די פיס, האָט זי ווידער שווער געאַרבעט, אַז אַפילו דער געסטאַפּאָ־מאַן האָט זי באַדויערט, צוליב איר שלעכטן און קרענקלעכן אויסזען. דאָרט האָט זי אָפּגעשקלאַפט ביז צו דער ענדע און אַ ביסל נאָך דעם קריג.

אין יאַנואר 1945, ווען ס'איז אָנגעגאַנגען די שלאַכט מיט די רוסן, ווען אַלץ איז געווען צעשטערט און עס איז קיין וואַסער נישט געווען, איז דאָס קינד אין די דאָזיקע געפאַרן געגאַנגען באָרוועס אַריבער דער פאַרפרוירענער ווייסל קיין קראָקע נאָך וואַסער. די בריק איז געווען צעשטערט און זי האָט נישט געהאַט קיין שיך. די פאַרזאָרגערין מיינע האָט פון איר צוגענומען יעדן גראָשן, וואָס די טאָכטער מיינע האָט געקראָגן באַצאָלט, פאַרן עסן פון איר קליינער שוועסטער. דאָ, ווו איך האָב אַזויפיל האָב און גוטס איבערגעלאָזט, איז אויך געווען אַ פאַרמעגן פון מיינע אַ פריינדין, וואָס האָט קיין

קינדער נישט געהאַט. זי האָט מיך באַשווירן, אַז איך מוז נעמען דעם צייכן און אַדרעס פון איר פריינד, אַ פּאָליאַק, ווו זי האָט איבערגעלאָזט די ווערט־זאַכן. אויב מיין פאַרזאָרגערין וועט דאַרפן זאָל זי אַהינגיין און נעמען. זי האָט טאַקע אַזוי געטאָן. (ליידער זענען מיינעביידע טייערע פריינדינס נישט מער צווישן די לעבעדיקע).

פונדעסטוועגן בין איך דער קריסטין דאַנקבאַר און פאַרפליכטעט דאָס גאַנצע לעבן מיינס. ווי זי זאָל נישט האָבן געהאַנדלט האָט זי דאָך איר שליחות געטאָן און אָפּגעראַטעוועט אַלע קינדער.

איך וויל דאָ דערציילן וועגן מיינע צוויי פריינד וועמען איך געדענק אַלעמאָל צום גוטן, צוויי טייערע נשמות. די ערשטע רוזשקאַ, אַ פרוי פון אַן אינזשיניער, אַ שכנה פון פיל יאָרן. זי האָט נישט געהאַט קיין אייגענע קינדער. מיר האָבן איר פאַרטרויט די פּלענער וועגן אויסבאַהאַלטן אונדזערע קינדער און האָבן טאַקע אין אַ פאַרטאָג, ווי איך האָב פריער דערציילט, פאַרן ליקווידירן דאָס געטאָ, אַרויסגעשיקט די קינדער דורך דעם הינטער־טויער. קומענדיק צו דער אַרבעט אינדערפרי האָב איך איר דערציילט דערפון. פּלוצים, אַרום 11 אַזייגער, האָט זיך מיין עלטער קינד אַריינגע־קריגן אין מיין אַרבעטס־פּלאַץ מיט אַ געוויין, אַז זי וויל צוריקגיין מיט דער אַרבעטס־גרופּע אין געטאָ אַריין. זי האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן און דערציילט די אומפריינדלעכקייט און די באַליידיקונגען, וואָס זי ליידט שוין פון דער באַשיצערין. דאָס האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט. איך האָב איר אויסגערעדט, אַז זי איז שוין אַ דערוואַקסענע און דאַרף פאַרשטיין, אַז זי דאַרף זיין מיט דעם קליינעם קינד און אויף איר אַכטונג געבן. איך האָב זי געקושט און געבעטן, אָבער דאָס קינד האָט נישט געקאָנט באַשליסן וואָס צו טאָן. איך האָב שוין אָנגעהויבן זיך איינברעכן צוזעענדיק דעם קינדס יסורים, אפשר זאָל איך זי דאָך צוריקנעמען אין געטאָ? זאָל זי נאָך דאָ זיין מיט מיר און מיין מאַן, אפשר איז די געפאַר נאָך נישט אַזוי נאָענט? אָבער מיין טייערע פריינדין האָט געזען וואָס דאָ קומט פאָר. איך האָב זיך מיט איר באַראַטן. מאַכנדיק זיך שטאַרק, האָט זי אָנגעהויבן כלומרשט שרייען אויף מיין קינד און מוסרן, אַז זי איז נישט דאַנקבאַר, מישטיינס־געזאָגט, וואָס איך טו פאַר איר. לסוף האָט זי איר געזאָגט: —איצט גיי

צוריק און אין אַ צוויי טעג שפּעטער וועלן מיר דיך צוריק נעמען אין געטאָ. אין דעם גהינום האָסטו אַלעמאָל צייט צוריק צו גיין. דאָס קינד איז, מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ, נישט אויסרעדנדיק אַ וואָרט, אַרויסגעלאָפן און אַוועק צוריק אין איר באַהעלטעניש. ווען נישט מיין פריינדינס שכל און אירע „בייזע" רייד צו מיין קינד (ווייל איך האָב נישט געהאַט דעם כוח צוצוזען מיין קינדס פּיין), וואָלט איך אפשר געווען נאָכגעגעבן. מיט איר שכל און האַנד־לונג, האָט זי מיר געהאָלפן ראַטעווען מיין קינד. ווייל דעם נאָענטסטן מאָרגן איז שוין פון געטאָ נישט געווען קיין אַרויסגאַנג. דאָס איז געווען דעם 13טן מערץ 1943. דאָס שרעקלעכסטע איז געשען — די ליקווידאַציע פון קראָקעווער געטאָ.

מיין טייערע צווייטע פריינדין, איז געווען האַלינאַ. געקענט האָב איך זי פון איר געשעפט פון פרויען־זאַכן. איך בין דאָרט געווען אַן אָפטע איינקויפערין. זי איז מיט אונדז געווען אין געטאָ און אין די לאַגערן, מיר זענען געווען זייער באַפריינדעט. אויך זי האָט קיין קינדער נישט געהאַט. זי און איר מאַן זענען ווערט געווען, אַז מיר זאָלן זיי אָנפאַרטרויען אונדזערע פלענער וועגן ראַטעווען די קינדער. געוויינלעך האָט מען אַזעלכע זאַכן נישט דערציילט, אַפילו נישט צו קיין אייגענע. אָט די האַלינאַ איז געווען די יעניקע, וואָס האָט מיך כמעט געצווונגען צו נעמען אירע זאַכן פאַר מיינע קינדער און האָט צו מיר שטענדיק גערעדט, דאָס זי ווייסט, אַז מיר וועלן נישט איבערלעבן, — נאָר דו מוזט לעבן פאַר דיינע קינדער — האָט זי מיך שטענדיק דערמוטיקט. — איך וויל נאָר איין זאַך דו זאָלסט וויסן, אַז אויב עס איז מיר אַפילו באַשערט צו בלייבן לעבן, איז פאַר וועמען? צוליב וואָס? (זי איז געווען פיל עלטער פון מיר) דעריבער שווער איך מיט מיין גאַנצן האַרצן, אַז אַלע מיינע יאָרן וואָס איך דאַרף נאָך האָבן שענק איך דיר אַוועק, דו זאָלסט קאָנען לעבן פאַר דיינע קינדער, איך האָב אַ האָ־פענונג, אַז זיי וועלן בלייבן לעבן.

די צוויי טייערע געשטאַלטן באַגלייטן מיך שטענדיק און זענען מיט מיר באַהעפט. אַן אייביקע ליכטיקייט גייט אין מיר שטענדיק אויף צוליב די דאָזיקע טייערע נשמות.

## און די זון האָט געשיינט

ענדע זומער 1943.

מען רעדט אין לאַגער אין פּלאַשאָוו, אַז מען וועט אונדז מער צו דער אַרבעט נישט אַרויספירן. אַלע באַראַקן פאַר די פאַבריקן זענען גרייט. די יללה און די אימה זענען געווען גרויס, ווייל די אַרויסגייענדיקע האָבן דערהאַלטן דאָס לעבן פון די אַנדערע אין לאַגער. יעדער האָט געבראַכט עפּעס עסן פאַר די, וואָס זענען נישט אַרויס. איך האָב יעדעס מאָל עפּעס געבראַכט פאַר מיין מאַן און מיין שוועסטערן־טאָכטער סאַבינאַ. זיי האָבן שוין געוואַרט הונגעריקע מיט ציטערדיקע הערצער. צי וועט מיר אויך היינט געלונגען?... יעדער האָט מיטגענומען אַ פּאָר זלאָטעס פון געטאָ, כדי עפּעס צו קויפן ביי די פּאָליאַקן וואָס האָבן באַזוכט די אַרבעטס־פּלעצער. קרבנות זענען געווען אין די טויזנטער, סיי פון די אריינקומענדיקע פון דרויסן, פון דער אַרבעט ביים אַריינשמוגלען עפּעס עסן, סיי אינעווייניק, אין לאַגער זענען געווען מאַסן קרבנות. יעדן טאָג, קומענדיק פון דער אַרבעט, נענטער צום לאַגער, האָט דאָס האַרץ זיך געוואָרפן און אין מוח האָט געהעמערט: ווער און וויפל היינט?

דער רוצח געט, דער קאָמאַנדיר פון לאַגער, האָט געהאַט זיין טעגלעך פאַרגעניגן אַרומצולויפן אין לאַגער און שיסן ווענען ער האָט געזען. לרוב זענען דאָס געווען קרבנות וואָס האָבן געאַרבעט אין דרויסן ביי באַראַקן־בוי, ביי די שאָסייען, אין דער שטיין־האַקעריי, אָדער מענטשן וועלכע זענען געגאַנגען אין טואַלעט פון די אַרבעטס־פּלעצער. יעדן טאָג האָט ער אָנגעזעטיקט זיין וועלפישן אַפּעטיט מיט יידיש בלוט.

איינמאָל פאַרנאַכט האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז דורך דער נאַכט מוזן אַלע פרויען אָפּשערן די האָר און אַלע מענער מוזן אין מיטן פון קאָפּ אויסראַזירן אַ שטרייף פון צוויי פינגער די ברייט, פאָרנט צי פון הינטן. און די מענער, טויזנטער מענטשן, מוז יעדער פון זיי האָבן אויף די קליידער געפאַרבטע פאַסן מיט געלן פאַרב. דאָס זאָלן זיין צוויי פינגער ברייטע פאַסן אָפּגעטראָטן איין פאַס פון צווייטן מיט פיר פינגער. די מהומה איז געווען שרעקלעך. אַ גאַנצע נאַכט איז מען געשטאַנען אין דער ריי און שקלאַפן מיט די געהעריקע מכשירים האָבן יעדן באַפּוצט לויט די פאָרשריפטן.

אַ צווייט מאָל האָט ער אַרויסגעגעבן אַ נאַכט־באַפעל, אַז אַלע פרויען מוזן אינדערפרי זיך שטעלן צום אַפעל אין ווייסע טיכלעך. ווו זאָל מען אָבער באַשאַפן ווייסע טיכלעך? ווער עס האָט נאָך געהאַט אַ העמד האָט מען עס צעריסן אויף שטיקער, כדי צו האָבן ווייסע טיכלעך.

שמייסן אויפן נאַקעטן לייב, ווען דער גאַנצער לאַגער איז געשטאַנען אויף דעם אַפעל, פאַר נישט באַגאַנגענע זינד, איז געוואָרן דורכגעפירט מיט גרויסע צערעמאָניעס. צערייסן מענטשן מיט זייערע וועלף־הינט, איז ביי די לאַגער־הערשער געווען אַ צייט־פאַרטרייב. געווען אין לאַגער נאָך אַ שפּיל: צו נעמען מיט די הייב־קראַנען די מענטשן וואָס אַרבעטן דאָרט, זיי אַנשעפּן צוזאַמען מיט ערד און זיי לעבעדיק פאַרשיטן מיט דער ערד אין די גריבער.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אונדז טאַקע מער נישט אַרויסגעלאָזט מחוץ דעם לאַגער, נאָר געפירט אין לאַגער צו דער אַרבעט. די פאַר־צווייפלונג איז געווען שרעקלעך, נאָר מען דאַרף ווייטער קעמפן.

## טראַגעדיע אויף דער „אַרישער" זייט מיט אַן אָפּגעשניטענעם פוס

ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט איז מיין קריסטין געקומען צו מיר מיט דער שרעקלעכער בשורה, אַז אַלץ איז פאַרלוירן; אַ גרויס אומגליק איז געשען. מיין שוועסטערס יינגל, דער דרייצן־יאָריקער ראָמעק, וואָס זייַן שוועסטער סאַבינע איז געווען מיט מיר אין לאַגער און די גאַנצע איבעריקע משפחה איז שוין געווען פאַרניכטעט אין בעלזשעץ, איז געפאָרן אין טראַמווייַ און ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עמעץ קוקט אויף אים פאַר־דעכטיקט, איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון טראַמווייַ, וועלכער האָט אים אָפּ־געשניטן אַ פוס. דאָ האָט מען דאָך זיכער געקאָנט זען ווער ער איז און זיכער וועט ער אַרויסגעבן די אַנדערע.

איך האָב גלייך אויפן אָרט אַוועקגעחלשט. קומענדיק אַ ביסל צו זיך האָב איך געהייסן תיכף אַוועקשיקן אַלע מיינע איבעריקע קינדער פון

שטאָט און גלייך לאָזן וויסן די אַנדערע קינדער צו טאָן דאָס זעלבע. אַז דעם אומגליקלעכן קינדס לעבן איז פֿאַרשפּילט, אין דעם האָב איך שוין נישט געצווייפלט. איך האָב זי געהייסן, דורך אומוועגן, געוויר ווערן וואָס מיט דעם קינד איז געשען, זי זאָל יעדן טאָג מיר ברענגען אַ באַריכט.

דאָס צווייטע מאָל האָט זי מיר איבערגעגעבן דעם באַריכט דורך אַ פּוי־ליש מיידל, וועלכע האָט אַ סך יאָרן געאַרבעט מיט מיין מאַן צוזאַמען. דאָס מיידל האָט געהייראַט אַ מאַן וואָס האָט געהאַט אויף אַ הויפּטגאַס אַ פּרויען־סאַלאָן, און אין פּראָנט פֿון זיין געשעפֿט איז דאָס אומגליק געשען. ער האָט דאָס יינגל געקענט און אַלס אָרנטלעכער מענטש געשוויגן, נישט געטאָן קיין גוטס און אויך נישט קיין שלעכטס. פֿון זיין געשעפֿט האָט ער אַלץ אָבסערווירט. ווען די פּאָליציי איז אָנגעקומען מיט דעם אַמבולאַנס און אים געוואָלט אויסטאָן די בלוטיקע קליידער, האָט ער געקאָפּעט מיט דעם אַנ־דערן פֿוס, געשפּיגן און נישט צוגעלאָזט קיינעם צו זיך. די שפּיטאָל־קאַרעטקע איז געקומען און געוואָלט אים העלפֿן, האָט ער אויך נישט גע־לאָזט. זיי האָבן אים גענומען אין שפּיטאָל און ער, אַ קלוג קינד, וועלכער האָט געוווּסט זיין ביטערן סוד, האָט זיך מיט אַלע כוחות געהאַלטן נישט צו פֿאַרלירן דאָס באַוווּסטזיין.

אין לאַזאַר־שפּיטאָל, וווּהין מ׳האָט אים געבראַכט, האָט די קראַנקן־שוועסטער אים תּיכּף גענומען צוגרייטן צו דער אָפּעראַציע. דאָס קינד האָט נעבעך געזען, אַז איצט וועט ווערן אויפֿגעדעקט זיין סוד, האָט ער אָנגעה־הויבן וויינען און בעטן די שוועסטער זי זאָל אים ראַטעווען. — דאָס גייען מיר דאָך טאַקע טאָן — האָט די שוועסטער געזאָגט. אָבער ער האָט איר געזאָגט, אַז ער איז אַ יתום און אַ ייִד און זי געבעטן עפּעס צו טאָן פֿאַר אים. די שוועסטער, מיט אַ מענטשלעך האַרץ, האָט אַליין אָנגעהויבן צו וויינען. זי האָט אים באַרואיקט און צוגעזאָגט אַלץ צו טאָן פֿאַר אים, כּדי אים צו באַשיצן. זי האָט אים ביי דער אָפּעראַציע אַזוי פֿאַרדעקט, אַז דער דאָק־טאָר האָט נישט געזען, אַז ער איז אַ ייִד. שפּעטער האָט די שוועסטער צוגע־צויגן דעם דאָקטאָר צו דעם סוד און זיי ביידע האָבן איבער אים געוואַכט. דאָס אַלץ בין איך שפּעטער געוויר געוואָרן. אויך די קראַנקן־שוועסטער

איז געווען אַ יידישע און דער דאָקטאָר פאַר וועלכן זי האָט געאַרבעט, איז געווען איר באַשיצער.

יעדן טאָג האָב איך געוואַרט צו הערן וואָס ביים ייִנגל קומט פאָר. דערווייל איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פלאַן ווי אַזוי אים עפעס צושיקן און אויסגעפונען וואָס ער טוט. איך האָב געהייסן מיין קריסטין זי זאָל גיין אין שפיטאָל, דורכגיין די גאַנצע קראַנקן־שטוב, ווי זי וואָלט עמעצן געזוכט, און זען פון דערווייטנס, צי דאָס קינד איז באַוואַכט פון דער פאָליציי. אין אַזעלכע פאַלן האָבן די דייטשן געהייסן אויסהיילן דעם קראַנקן און דערנאָך אים דערשיסן און ביז דעמאָלט פלעגט פאָליציי היטן דעם חולה. די פרוי האָט אַזוי געטאָן. זי איז געגאַנגען פון דער אַנדערער זייט פון דעם גרויסן שפיטאָל־צימער און נישט צוגעגאַנגען צו אים, נאָר צו אַ צווייט בעט נעבן אים. זי האָט כלומרשט געפרוווט ביי אַ צווייטן קראַנקן עפעס פרעגן און זיי האָבן זיך נאָר באַגעגנט מיט די אויגן. ווען איך האָב דאָס דערהערט האָב איך אַליין זי נישט געהייסן גיין, נאָר זי זאָל מאַכן אַ פעקל מיט עסן און צוגיין ביז צוויי גאַסן פאַר דעם שפיטאָל און צושיקן אַ קינד פון דער גאַס און אים געבן עפעס פאַר דעם וועג, מיטן אויסרייד, אַז זי מוז וואַרטן אויף עמעצן, און אים הייסן צוטראָגן דאָס פעקל צום בעט און ברענגען אַ פאָר ווערטער פון דעם קראַנקן. איך האָב אָנגעוואָנדן אַזאַ פאָרזיכטיקייט, ווייל איך האָב נאָר געלעבט מיט שרעק, צי מען שפיאָנירט איר נישט נאָך.

דערווייל האָט מען אונדז מער נישט אַרויסגעלאָזט צו דער אַרבעט און דער קאָנטאַקט איז איבערגעריסן געוואָרן. דאָך האָב איך נישט גערוט און ווידער געקראָגן אַ פאַרבינדונג. צו אונדז אין דער שניידער־פאַבריק האָט מען אַריינגעבראַכט מאַטעריאַלן פון דער שטאָט. איך האָב אַמאָל געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען אַ בעל־עגלה (אַ קריסט), וואָס איז אַריינגעקומען מיט די וועגענער און אים געבעטן איבערגעבן צו מיין באַקאַנטן סטאָליער אַ פאָר ווערטער. זיי האָבן שוין געוווסט ווי אַזוי ווייטער דאָס איבערצוגעבן און מיר אויך צושיקן אַ פאָר ווערטער. איך האָב אָבער נאָך אַלץ נישט געוווסט, צי דאָס קינד איז שוין אַרויס פון שפיטאָל, ווו ער געפינט זיך, צי מיינע אַנדערע קינדער זענען צוריק אין שטאָט און אַז מיין עלטער

קינד איז געגאַנגען זיין אַ משרת. מיטאַמאָל האָב איך דורך דעם קאָנטאַקט געקראָגן אַ בריוול געשריבן פון מיין עלטערן קינד, ווו ס'איז געווען ביי־געלייגט אַ בילדל פון דעם יינגל אַרומגייענדיק אויף דער גאַס אויף קוליעס. מיר האָבן פאַר גרויס גליק זיך אויסגעוויינט. מיין שוועסטערן־טאָכטער סאַבינאַ, די שוועסטער פון דעם יינגל, האָט בכלל נישט געוווּסט פון דעם גאַנצן אומגליק. איך האָב עס איר נישט דערציילט — צוליב וואָס זי אויך מצער זיין, אַז העלפן קאָן זי נישט.

מיט זיין אַרויסגיין פון שפּיטאָל, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי פּראָבלעם פאַר דער פאַרזאָרגערין, ווו טוט מען אַהין אַ קינד אַן אינוואַליד? זי האָט אָבער אויסגעזוכט אַן אַלטע אָרעמע בעטלערין וועמען זי האָט געקענט און געוווּסט, אַז זי האָט עפּעס ערגעץ אַ שטיבל. זי האָט איר דערציילט פון אירס אַ משפּחה־יינגל, אַ יתום אָן אַ פוס, אַז ער האָט נישט ווו צו זיין. זי זאָל אים לאָזן שלאָפן אויסגעבעט אויף דער ערד און זי וועט איר דער־פאַר באַצאָלן. אַזוי איז טאַקע געווען. די אַלטע, נישט וויסנדיק ווער און וואָס, האָט אים באַדינט און געוואַשן ביז ער איז געקומען אַ ביסל צו זיך.

ווען ער האָט זיך געפילט בעסער, האָט ער געטראַכט עפּעס־וואָס צו טאָן פאַר דער אַלטער בעטלעריק, כדי זי זאָל אים וועלן ווייטער האַלטן. אַ קלוגער איז ער געווען, האָט ער איר געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז ער וועט קויפן אַ ביסל הייליקע בילדלעך, אַז זיי זאָלן גיין פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט און פאַרקויפן די בילדלעך. ער, ווי אירס אַן אייניקל, אַ יתום, אַן אינוואַליד — וועלן מענטשן רחמנות האָבן און דאָס גאַנצע געלט זאָל זי זיך נעמען. אויס רחמנות וועלן מענטש זיי געבן אויך עסן און שלאָפן. ער האָט געוווּסט, אַז דער וועג איז דער זיכערסטער פאַר אים, יעדן טאָג אויף אַן אַנדער אָרט.

אַזוי איז טאַקע געווען. זיי זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע, גראָד אין דער צייט ווען עס איז דאָרטן, אין יאָר 1944, אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפשטאַנד. איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, אַז אַ גלח האָט זיי, אין וואַרשע בעת די שיסערייען, אַריינגעלאָזט אין אַ קעלער לעבן דער קירכע, ווו זיי זענען געווען אַ פּאָר טעג, ביי דער אָבלאַווע, וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט אויף די פּאָליאַקן, זיי אַוועקצושיקן קיין דייטשלאַנד, זענען זיי

איך געווען פֿאַרנומען. די אַלטע האָט געבעטן און אָנגעוויזן אויף דעם קינד מיט איין פוס, מען האָט זיי פון טראַנספּאָרט אַרויסגעלאָזט. דאָס איז געווען די לעצטע ידיעה, וואָס איך האָב געהאַט, אַז ער איז געפֿאָרן קיין וואַרשע. מען האָט געהערט אין לאַגער וואָס עס האָט זיך געטאָן אין וואַרשע און דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר געוואָרפן — וואָס איז מיט אים דאָרט געשען?

איידער ער האָט זיך געלאָזט אין וועג מיט דער אַלטער פרוי, האָב איך געהאַט אַ באַריכט, אַז ער דאַרף אַ פּאָר הויזן. דאָס איז נישט געווען קיין קלייניקייט אין יענער צייט.

איך האָב געאַרבעט ביים נייען מיליטער־מלבושים. איך האָב פשוט צוגעגנבעט אַ פּאָר הויזן, אַריינגעלייגט אין דער מענאַשקע פאַר זופּ, און גייענדיק פון דער אַרבעט איז מיר געלונגען צו זען דעם פוילישן בעל־עגלה, און מיט אים האָב איך זיי אַרויסגעשיקט צו מייך קאָנטאַקט אין שטאָט. מיר איז אויך געלונגען צוצונעמען פון אויסגעליידיקטן באַראַק, ווייל מ׳האָט געהאַלטן אין איין אַרויסשיקן טראַנספּאָרטן, צוויי גוטע דעקן און אַ שניידער האָט מיר געהאָלפן מאַכן פון זיי מאַנטלען פאַר מיינע קינדער און דער קריסטינס קינד. אויך דאָס האָב איך דורך דעם זעלבן וועג אַרויסגעשיקט. כדי צו טאָן די אַלע זאַכן האָט מען, חוץ דאָס איינ־שטעלן דאָס לעבן אויך געדאַרפט האָבן געלט, איבערהויפּט צו פאַרזאָרגן עפּעס עסן חוץ די „פּאַרציעס״ וואָס מען האָט באַקומען. מיין פליכט איז געווען צו העלפן מיין זייער צעבראָכענעם מאַן און מיין שוועסטער־טאָכטער סאַבינאַ. עס זענען נאָך געווען מענטשן, וואָס האָבן אַריינבאַקומען אין לאַגער הילף דורך פאַרשידענע וועגן, דער עיקר פון די קוואַלן ווו זיי האָבן איבערגעלאָזט גרויסע פאַרמעגנס. איך האָב אָבער נישט געקאָנט פאַרלאַנגען פון דעם אַוועקגעגעבענעם האָב און גוטס. איך האָב געטראַכט וויאַזוי עפּעס צו העלפן אינערהאַלב דעם לאַגער, כדי צו מאַכן אַ ביסל גרינגער די קינדער. איך האָב מיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר די מיינסט־ריזיקאַלישע זאַכן. איך האָב אָנגעהויבן צו האַנדלען אין לאַגער, און אָט ווי אַזוי דער האַנדל האָט אויסגעזען.

# דער „האנדל" אין לאגער

עס איז נאָך געווען אַ גאַר קליינע צאָל מענער, וועלכע זענען אַרויס־געגאַנגען צו אַן אַרבעט. אַנדערע האָבן געהאַט קאָנטאַקט מיט די אַריינ־קומענדיקע בעל־עגלות אָדער מיט יידישע פּאָליציאַנטן, וועלכע זענען אַרויסגעגאַנגען אין שטאָט מיט פאַרשידענע שליחותן. אָט די אַלע האָבן אַריינגעשמוגלט אַ ביסל עסנוואַרג ווי צוקער, ברויט, ציגאַרעטן, אַמאָל אַ פּאָר ציבעלעס און דאָס גלייכן.

אין מיין מאַנס באַראַק האָב איך זיך באַקענט מיט אַ יונגן בחור, וועלכער האָט גענומען פון די שמוגלערס די סחורה צו פאַרקויפן, אַ זייער גוט קינד. ער האָט געזען ווי מיר מוטשען זיך מיט מיין מאַנס קרענק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ביי אים זענען פאַראַן זאַכן צו פאַרקויפן און ער איז גרייט מיר עפּעס געבן צו פאַרקויפן און צאָלן זאָל איך אים, ווען איך וועל עס האָבן פאַרקויפט. ער האָט מיר יעדעס מאָל געגעבן אַ קילאָ צו־קער. אין מיין באַראַק איז די באַראַקן־עלטסטע געווען זייער אַ גוטע נשמה. זי האָט מיך אויך געקענט פון פריער. האָט זי מיר געבאָרגט די וואָג (יעדע באַראַקן־עלטסטע האָט געהאַט אַ וואָג צו וועגן די שפּייז־פּאָרציעס). פּאַפּיר האָט מיר מיין מאַן און שוועסטערן־טאָכטער געבראַכט בגנבה פון דער פּאַפּיר־געמיינשאַפט, וווּ זיי האָבן געאַרבעט. ווען יעדער איז שוין געשלאָפן האָב איך גענומען די וואָג און ווינקל אויסגעוויגן דעם קילאָ צוקער צו איינציקע דעקאָס אַ פּאָרציע. דאַן דאָס אַריינגעלייגט אין דער זופּ־מענאַשקע און מיטגענומען צו דער אַרבעט. דאָרט, ביים מיטאָג־איבעררייס, האָב איך עס פאַרקויפט צו די מענטשן. פאַר דעם פאַרדינסט האָב איך צוגעקויפט אַ שטיקל ברויט, וואָס אַן אַנדערער ווידער האָט פאַרקויפט. איך האָב געטאָן אַלע מעגלעכקייטן צו געבן מיין מאַן און מיין שוועסטערן־טאָכטער אַ שטיקל ברויט. מיינסטנס האָבן זיך אונדזערע

אַרבעטס־שיכטן נישט געגלייכט, ווייל איך האָב געאַרבעט בייטאָג און זיי ביינאַכט. (די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען 24 שעה, 12 שעה יעדע שיכט. איין וואָך ביינאַכט און איין וואָך בייטאָג). האָב איך איבערגעלאָזט די שפייז אין אַ ווינקל אויף זייערע נאַרעס און זיי האָבן שוין געוווּסט ווּ צו געפינען און זיך דערהאַלטן דאָס חיות. דאָס זעלבע האָב איך געטאָן אין די פאַרטאָגן, אויפגעשטאַנען פריער ווי יעדער, פאַר דעם וועק־סיגנאַל, געלאָפן לעבן דער קיך, ווּ עס זענען שוין געשטאַנען הייסע קעסלען מיט דער שוואַרצער פליסיקייט, וואָס האָט זיך גערופן קאַווע. געקריגן דאָרט אַ ביסל און צוגעלאָפן צוביידע זיי זאָלן נעמען אַ שלונג פון דער הייסער פליסיקייט. מיינסטנס האָב איך געמוזט וועקן מיין שוועסטערן־טאָכטער, ווייל ווי אַן אויסגעהאָרעוועט יונג קינד איז זי געשלאָפן ווי אַ שטיין. איך האָב זי ממש געמוזט אַראָפּשלעפּן פון דער נאַרע, זי זאָל חלילה נישט פאַרשפּעטיקן דעם אַפּעל.

דאָס האַנדלען איז מיר זייער שווער אָנגעקומען, עס האָט געלויערט דער פחד געכאַפּט צו ווערן — דאָס פאַרקויפן האָט געשמעקט מיט געפאַרן. אָבער מיינע גוטע פריינדינס האָבן מיר אַ סך געהאָלפן, איבערהויפּט מאַ־ראַליש. איך בין אַזוי אָנגעגאַנגען ביז מאַי 1944, ווען מען האָט מיר אַוועק־גענומען מיין ליבן מאַן קיין אוישוויץ. מען האָט אויך אַוועקגעשיקט מיין מאַנס צוויי ברידער און אַנדערע פון די לעצטע משפחה־מענטשן. און וועמען נישט? וואָס אַמאָל איז געוואָרן ווייניקער מענטשן אין לאַגער. מיט עסן איז די לאַגע געוואָרן בעסער. אונדזערע אַרבעטס־געבער האָבן געגעבן אַן עקסטרע פאָרציע ברויט פאַר אויסאַרבעטן פולע קאָנטינגענטן. דאָס האָט אַ ביסל פאַרגרינגערט די הונגער־לאַגע אין לאַגער. דאָס באַקומען אַן עקסטראַ שטיקל ברויט האָט גורם געווען, אַז איך וואָס האָב קיינמאָל נישט געמאַכט דעם פולן קאָנטינגענט, האָט אויך אָנגעהויבן מאַכן די פולע נאָרמע: אַכט פאַר הויזן אָדער אַכט בלוזעס אַ טאָג.

איך האָב באַשלאָסן, אַז פון מיין פּראָדוקציע זאָלן די מערדער נישט האָבן קיין נוצן. כאָטש מיינע פאָראַרבעטער, באַקאַנטע קראָקעווער שניי־דערס, האָבן מיך באַליידיקט און געסטראַשעט איבערצוגעבן צו דער מאַכט, אָבער צו טאָן מיר שלעכטס זענען זיי נישט דערגאַנגען. איך האָב אַלץ

געטאָן, אַז אַ שטיקל אַרבעט פֿון מײַן האַנט זאָל אַ רוצח נישט קאָנען אָנ־טאָן. יעדעס שטיקל אַרבעט איז געווען שלעכט געמאַכט. הויזן — איין פֿוס לענגער ווי דער צווייטער, אַרבל — דאָס זעלבע, טאַשן האָב איך פֿאַרנייט נישט צו קאָנען באַנוצן, אַרײַנגעשניטן אין מלבוש מיט דער שער אין פֿאַרשידענע ערטער. דאָס איז געווען מײַן וואָפֿן, מיט וואָס איך האָב געקעמפֿט מיט די נאַציס. יעדער האָט געדאַרפֿט זײַן אַרבעט באַצייכענען, אָבער פֿיל האָבן דאָס פֿאַרנאַכלעסיקט און איך בתוכם. מען האָט טאַקע פֿיל אַרבעט צוריקגעשיקט, אָבער אונדזערע אַרבעטס־געבער האָבן זייערע אַרבעטער קיין שלעכטס נישט געוואָלט טאָן. עס האָבן אַרומגעקרייזט שפּ־טשערייען, אַז זיי אַליין, עסטרייכישע דייטשן, טוען אַנדערע געהיימע אַרבעטן, כדי צו שעדיקן די נאַציס. דערביי איז אויך געווען אַ ראָמאַנטישער פֿאַקט: איינער פֿון די אייגנטימער האָט זיך פֿאַרליבט אין אַ שקלאַפֿן־מיידל, וועלכע האָט דאָרט געאַרבעט; אירע שוועסטער און מוטער האָבן אויך דאָרט געאַרבעט, בעסער געזאָגט: נישט געאַרבעט. מיר האָבן אַזוי אַרום געהאַט אַ לאַגער־אסתר... ער איז איר אפֿילו נאָכגעפֿאָרן אין אוישוויץ און ווי כ׳האָב געהערט, האָט ער די גאַנצע משפּחה פֿון דאָרט אַרויסגע־ראַטעוועט, אַלע האָבן איבערגעלעבט.. דעריבער האָבן מיר זיך נישט צופֿיל געשראָקן פֿאַר אונדזערע יידישע שקלאַפֿן־טרײַבער.

נאָך דעם קריג האָב איך באַגעגנט צוויי פֿון אונדזערע אונטערי־אָגער אין לאַגער, וועלכע זענען געבליבן לעבן. זיי האָבן זיך געפֿרייט מיך צו זען. איך האָב זיי אָבער געזאָגט, אַז דער אַפּעטיט מיט זיי צו רעדן, איז מיר נאָך פֿאַרגאַנגען איך פֿלאַשאָווער לאַגער און איך וויל זיי נישט זען.

איינער פֿון זיי, אַ גוטער קראָקעווער שניידער, ביי וועמען מײַן מאַן האָט זיך געניייט זײַנע מלבושים, האָט מיט זיך מיטגעבראַכט קיין קאַנאַדע אַ דייטשישע שיקסע און מיט איר חתונה געהאַט.

# אַ יידיש יינגל אין אַן ס.ס.־אוניפאָרם

געהאַט האָב איך, חוץ די שוין דערמאָנטע קינדער, נאָך אַ קינד אויף דער אַרישער זייט. אַ זונדל פון אַ שוועסטער־קינד, אויך אַלט דרייצן יאָר. מיינע קינדער האָבן מיר דערציילט פון אים און אַמאָל האָב איך אים געזען ביים מאַרשירן פון דער אַרבעט. קיינעם האָט ער שוין אויף דער וועלט נישט געהאַט. ער האָט מיך געוואָלט זען און געוואַרט אויף דעם וועג. דאָס האַרץ האָט מיר וויי געטאָן, ווען איך האָב אים דערזען אַן אָפּגעריסע־נעם, איך שמאַטעס, די הויזלעך אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך, זיי זאָלן פון אים נישט אַראָפּפאַלן. זיין פאַרזאָרגער ביי וועמען די עלטערן האָבן אים איבערגעלאָזט, איידער מען האָט זיי אַוועקגעפירט האָט אים גע־סטראַשעט, אַז ער גייט אים אויסגעבן, איז ער אַנטלאָפן און געשלאָפן אונטער אַ בריק ביי דער ווייסל. פּלוצים האָבן מיינע קינדער אויפגעהערט צו הערן פון אים ביז ער איז איינמאָל געקומען באַזוכן מיין שוועסטער־זון ביי דער אַלטער בעטלערין. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ס.ס.־אוניפאָרם, און אָט וואָס עס איז מיט אים בכלל געשען:

ער האָט געהערט פון פּוילישע קינדער, עלנדע ווי ער, אַז מען קאָן זיך מעלדן צו דער היטלער־יוגנט. זיי גיבן אָנצוטאָן, עסן, ווו צו שלאָפן און אַרבעט. נישט האָבנדיק ווו זיך אַהינצוטאָן איז ער אַוועק צו זיי. ער האָט געוויזן זיינע פּוילישע פּאַפּירן, געזאָגט, אַז ער איז אַ יתום פון אַ פאָלקס־דייטש און מען האָט אים צוגענומען. האָבנדיק וואָס צו עסן, אַ שיין בלאָנד יינגל איז ער געווען, הויך געוואַקסן מיט ליכטיקע אויגן, און דערצו גע־קאָנט רעדן דייטש — האָבן אים אַלע ליב געהאַט. נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען ביי די דאָזיקע יוגנטלעכע געפרעגט ווער עס וויל פרייוויליק גיין אין מיליטער און ווערן געשיקט נענטער צום רוסישן פראָנט. ער איז געווען זייער „פּאַטריאָטיש״ און צוזאַמען מיט אַנדערע זיך געמאָלדן פריי־

ווייליק. קיינער האָט אים בכלל נישט פאַרדעכטיקט, ער האָט געוווּסט ווי זיך צו היטן.

איינמאָל, אין אַ שמועס, האָט אים איינער פון די היטלער־יוגנט גע־זאָגט אַז ער איז „געשייט ווי אַ יודע". האָט ער זיך נישט פאַרלוירן נאָר אים געזאָגט, אַז אַלע אַנדערע זאָלן הערן — אַז ער ווינטשט זיך נישט ער זאָל איבער אים מאַכן אַזעלכע שפּאַסן און אים פאַרגלייכן צו אַ יודע. דאָס מאָל שענקט ער אים, נאָר אַ צווייט מאָל וועט ער אים מעלדן צום ראַפּאָרט. יענער האָט זיך פאַר אים אַנטשולדיקט. אַ צייט שפּעטער, האָט מען אים געשיקט צום פראָנט לעבן סמאָלענסק. דעמאָלט האָבן די דייטשן געליטן אַ מפּלה און זיך אין דער גרעסטער שנעלקייט צוריקגעצויגן. אויף אַ טורעם פון אַ געביידע האָט מען איבערגעלאָזט צוויי יוגנטלעכע זיי זאָלן שיסן אויף דעם רוסישן פּאַטראָל, וואָס דאַרפן אַריינקומען. די צוויי יונגע שקצים האָבן זיך זייער געשראָקן, האָט ער פּלוצים אַ זאָג געטאָן צו איינעם: אויב דו ווילסט, וועל איך בלייבן און דו לויף. יענער איז אין איין אויגנבליק אַנטלאָפן איבערלאָזנדיק אים אויף זיין פּלאַץ. דער צווייטער האָט אינגאַנצן געציטערט פון פּחד, איז ער אויך צו אים צוגעטרעטן: — זעסט, איך שרעק זיך נישט אַפילו אַליין צו קעמפן מיט די רוסן. קיינער זעט נישט, אויב דו ווילסט, קאָנסטו אויך לויפן. קיינער איז איבעריקנס מער נישטאָ, דו דאַרפסט זיך נישט שרעקן און איך וועל בלייבן דאָ, אָדער אויסקעמפן אָדער שטאַרבן פאַר דעם פאָטערלאַנד.

ווען די רוסן זענען אַריין, האָט ער פון זיך אַראָפּגעצויגן וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך און איז אַרונטער פון טורעם. ער איז צוגעגאַנגען צום ערשטן רוסישן סאָלדאַט און געפרעגט אויב עס געפינט זיך אַ ייד צווישן זיי. מען האָט אים אָפּגעפירט אין דער קאָמענדאַנטור, ווו מען האָט אים אויסגעפאָרשט און זיך איבערצייגט אַז ער איז אַ ייד. ער איז געווען געראַטעוועט.

עס לאָזט נישט אָפּ דער געדאַנק: אויב גאָט האָט אַזויפיל פאַרבאָר־גענע וועגן, אַזויפיל פאַרהוילענע שטעגן, פאַרוואָס האָט ער נישט געפירט דורך זיי כאָטש אַ טייל פון אונדזערע קדושים? אָבער קיין ענטפער איז אויף דעם נישטאָ!...

### בערטאַ פערדערבער־זאַלץ

*

איך וויל דאָ ווידמען אַ לויב מיין טייערן מאַן. זיין גאַנץ לעבן איז ער געווען איבערגעגעבן זיין פאָלק; אַ טייערער און געטרייער פאָטער, מאַן, זון און ברודער. ער האָט געטאָן אַלץ בכדי צו העלפן דעם הייליקן צוועק, דער אונטערגרונד. ער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט זיינע צוויי ברידער אין דער פאַפיר־אויסאַרבעטונג־פאַבריק, אָדער ווי מען האָט דאָס גערופן: „די פאַפיר־געמיינשאַפט". אויך אונדזער טאָכטער רחל, דעמאָלט נאָר צוועלף יאָר אַלט, האָבן מיר געמאַכט אויסזען עלטער, אָנגעטאָן זי אין קליידער פון דערוואַקסענע, שיך מיט הויכע קלעצלעך, די האָר פאַר־קעמט ווי ביי דערוואַקסענע, און זי אַריינגעפירט אַרבעטן אין דער „פאַ־פיר־געמיינשאַפט" אין געטאָ (ערשט ביי 16 יאָר האָט מען געמעגט אַר־בעטן). דאָס איז אַלץ געווען קורץ פאַרן אַרויסשיקן זי אויף דער אַרי־שער זייט.

די מענטשן פון דעם אונטערגרונד האָבן געוווּסט און געקענט מיין מאַן מיט זיין איבערגעגעבנקייט פאַר דעם גרויסן סוד. ער האָט געהאַט די אויפגאַבע זיי צו באַזאָרגן מיט פאַפיר, טינט און פאַרב פאַר פאַרשידענע דרוק־זאַכן, צייטונגען, וואָס מען האָט אין געהיים אַרויסגעגעבן. ביזן יאָר 1942 האָט מיין מאַן צוזאַמען מיט זיינס אַ געהייראַטן ברודער אויסגעפירט די געהיימע אַרבעט נאָר אין אַ קליינעם פאַרנעם, ביסלעכווייז פלעגן זיי אַרויסטראָגן די נויטווענדיקע פאַפירן. אָבער ווען די צרות האָבן זיך פאַר־שטאַרקט און פאַרשנעלערט זייער טעמפּאָ, האָבן זיי פאַרגעגרייט פלענער פאַר פאַרגרעסערן דעם רעזערוו פון פאַפיר־מאַטעריאַלן. אין אַ געוויסן מאָמענט איז זיי געלונגען אַרויסצוגעבן פאַר דער אונטערגרונד אַ גאַנצן לאַסט־אויטאָ מיט סחורה, וואָס איז אַריבערגעפירט געוואָרן אויף אַ פאַר־וואָרלאָזטן פלאַץ אין אַ בונקער, וואָס איז דערצו געווען צוגעגרייט.

דערווייל האָט מען אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַרויסטראָגן דאָס פאַפיר פון דעם געטאָ־בונקער, וואָס איז געווען זייער וויכטיק פאַר דער פאַר־צווייגטער אונטערגרונד־אַרבעט, ווייל מ'האָט עס אויך פאַר קיין געלט נישט געקאָנט קריגן. מען האָט אָבער ליידער, אויפגעדעקט די באַהעלטע־

ניש און די מערהייט פון דער סחורה האָט מען צוריק געבראַכט אין פֿאַב־ריק. די אינעווייניקסטע פֿאַבריקס־אַרבעטער האָט מען נישט פֿאַרדעכ־טיקט, די שפּורן זענען נישט אויפֿגעדעקט געוואָרן. זיי זענען אָבער געווען נידערגעשלאָגן. מען האָט געוווסט, אַז נאָך איינמאָל אַזאַ גניבה איז אומ־מעגלעך דורכצופֿירן.

דער דריטער און דער ייִנגסטער ברודער פֿון מיין מאַן, נאָך אַ בחור, אַ גוטע נשמה, געגלויבט אין אַלץ און אַלעמען וואָס מענטשן האָבן אים געזאָגט, איז אַמאָל געקומען צו מיין מאַן, ווי צום עלטסטן ברודער, (נאָכ־דעם ווי זייערע עלטערן און אַלע אַנדערע קרובים זענען שוין געווען אָוועקגעשיקט קיין אוישוויץ) און דערציילט, אַז זיינער אַ פֿריינד איז אַריינגענומען געוואָרן אין דער אָרדענונגס־דינסט, אָדער געטאָ־פּאָליציי און עס איז דאָ נאָך פּלאַץ פֿאַר אַנדערע. דורך געוויסער פּראָטעקציע, האָט ער איבערגעגעבן, קאָן ער אויך אַריינגענומען ווערן און דער פֿריינד רעדט אים זייער צו; ער גלויבט, אַז דורך דעם וועג וועט ער קאָנען העלפֿן מענטשן, איבערהויפּט אונדז, אַלע זיינע נאָענטע.

מיין מאַן איז געוואָרן פֿאַרציטערט און אים געזאָגט, אַז ער גלויבט אין זיין גוטן ווילן צו וועלן העלפֿן און אַז אין דער דאָזיקער אַרבעט זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אַ סך ערלעכע און גוטע מענטשן ווי ער, אָבער איצט מוזן זיי אַלע גיין אין שפּאַן לויט דער קאָמענדע פֿון אַנדערע, אויב נישט — ווערן זיי „באַזייטיקט"... און אַז די בייזע כּוחות האָבן די אויבער־האַנט און ער זאָל זיך נישט וואַגן וועגן דעם אפֿילו צו טראַכטן. ער האָט אים דערקלערט, אַז שאַנסן דורכצולעבן זענען ווייניק. אויב געוויסע טיפּן וועלן טאַקע בלייבן לעבן אויף דעם חשבון פֿון אַנדערע קרבנות, צי וואָלט ער געוואָלט אַזאַ לעבן? אויב ער וועט יאָ באַשליסן דאָס צו טאָן, זאָל ער זיך אין אונדזערע דלתּ אַמות מער נישט ווייזן. מיין מאַן האָט פֿאַר גרויס ערגערניש געקלאַפּט מיט דער פֿויסט אין טיש.

דער בחור האָט זיך צעוויינט און אַרויסגעזאָגט: — איך האָב געמיינט נאָר צו העלפֿן. מער איז וועגן דעם נישט גערעדט געוואָרן. ליידער זענען אַלע דריי ברידער אומגעקומען.

בערטאַ פערדערבער־זאַלץ

*

כדי אונדז, די קרבנות, צו צעמישן און אָפּנאַרן, האָבן די רוצחים גע־רופן די לאַגערן, די פאַרניכטונגס־פלעצער און קרעמאַטאָריעס מיט פאַר־שידענע נעמען. לויט דער פאַרשידנאַרטיקייט פון די נעמען, האָט מען טאַקע געקאָנט פאַרפירט ווערן און טראַכטן: אפשר איז פאָרט דאָ אָדער דאָרטן אַנדערש ווי אין יענעם לאַגער? געווען איז דאָס אָבער דאָס זעלבע: פּיין און טויט...

די נעמען זענען געווען:

קאָנצענטראַציע־לאַגער, צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגער, אַרבעט־דערציאונגס־לאַגער, יודען־לאַגער, יודען־אַרבעטס־לאַגער, געמיינשאַפטס־לאַגער, פּאָליציי־געפאַנגען־לאַגער, שוצהעפטלינגס־לאַגער, ציוויל־לאַגער, דורכגאַנגס־לאַגער, זאָנדער־לאַגער, יודען־אומזידלונגס־לאַגער, געפאַנגען־לאַגער, קריגס־געפאַנ־גען־לאַגער, פליכטלינג־לאַגער, אויפפאַנגס־לאַגער, יודען־צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגער, אויסזידלונגס־לאַגער, אינטערנירונג־לאַגער, אָנהאַלט־לאַגער, זאַמל־לאַגער, און נאָך און נאָך אַזעלכע פאַרפירערישע נעמען, וואָס האָבן געפירט אין איין דעם זעלבן וועג... זיי האָבן אָבער דאָס נישט אָנגערופן מיט איין ריכטיקן נאָמען: „גלאָבאַלער פאַרניכטונגס־ און טויטן־לאַגער".

# מיר באקן מצות אין לאגער

פלאַשאָוו־לאַגער, מערץ, 1942.

דאָס לעבן אין לאַגער גייט אָן מיט צרות. עס איז גראָד אַ שיינער פעב־רואַר־טאָג. ס׳איז נישט צו קאַלט צו שטיין אויף דעם אַפּעל־פּלאַץ. געוויינ־לעך קומען מיטן יונגן פרילינג נייע האָפענונגען, נאָר דאָ איז נישט דער פּלאַץ פאַר דעם. מען לעבט מיט מינוטן. שעהן — זענען שוין אַ גרויסער לעבנס־מהלך. מען קעמפט נאָך פאַר נאָכשלעפּנדיקע צייטן פון לעבן.

מיין מאַן דערציילט מיר, אַז דאָס יינגל וואָס פאַרקויפט טיילמאָל עפּעס, האָט אים אָנפאַרטרויט, אַז עמעץ פון דער לאַגער־בעקעריי, וועט אים ברענגען אַ קילאָ מעל. עס אַרבעטן דאָרטן לאַגער־מענטשן, האָט איינער צוגעזאָגט „אָרגאַניזירן״ אַ קילאָ מעל. (אויפן לאַגער־לשון האָט גניבה גע־הייסן „אָרגאַניזירן״). אויב איך קאָן עפּעס טאָן מיט דעם, זאָגט מיין מאַן, וועט ער עס מיר פאַרקויפן. איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק און איך זאָג:

— פאַרוואָס נישט באַקן מצות? עס גייט דאָך צו פּסח?

מיין מאַן האָט געמיינט, אַז איך בין אַראָפּ פון זינען, וואָס וואָלט אויך נישט געווען קיין וווּנדער. ער האָט אָבער באַמערקט מיין ערנסטן פּנים־אויסדרוק, האָט ער מיט טרויער און גוטמוטיקייט, כדי מיר נישט וויי טאָן, געזאָגט: דו חלומסט נישט אַמאָל אויף דער וואָר?

איך האָב אָבער אָנטשלאָסן געענטפערט: איך נעם דאָס מעל פונעם יינגל, איך וועל זען. (דאָס מעל איז געווען שוואַרץ, ביטער און געמישט האַלב מיט האָלץ־זעגעכץ.)

איך האָב מיך אָנגעהויבן גרייטן צו דעם גרויסן אַקט. קודם כל האָב איך געבעטן אַלע פריינד און באַקאַנטע זיי זאָלן אויפהייבן יעדע שטיקל האָלץ־שפּענדל וואָס זיי וועלן זען. דאָס האָב איך פאַרשטעקט אויף מיין געלעגער. דאַן האָב איך געבעטן די באַראַקן־עלטסטע, אַ טייערע נשמה, זי זאָל מיר דערלויבן עפּעס צו טאָן ביים אויוון ביינאַכט, ווען יעדער

וועט שוין שלאָפן. דאָס הייצן אין די באַראַקן איז געווען דערלויבט ביז סוף מערץ, אַזוי, אַז מען האָט אין די שפּעטע אָוונטן געוויינלעך געזען פון די באַראַקן־קוימענס שלענגלען זיך דינע רויכלעך פון די אויסגייענ־דיקע אויוונס, וואָס האָט נישט אַרויסגערופן קיין פאַרדאַכט.

עמעצער אין באַראַק האָט געהאַט אין זיין פאַרמעגן אַ פלאַש, האָב איך עס מיר געבאָרגט און צוגעגרייט אַ פלאַש וואַסער. 9 אַזייגער אָוונט, ווען מען האָט אין לאַגער געגעבן דעם טרומייט־סיגנאַל צו גיין שלאָפן און אויסלעשן די ליכט און אַ קליין נאַכט־לעמפּל איז נאָך געבליבן לייכטן, האָב איך אַריינגעגעבן דאָס מעל אין מיין מענאַשקע פון זופּ, אַריינגעגאָסן דאָס וואַסער פון דער פלאַש און געמאַכט אַ טייג. די אָנגעזאַמלטע קליינע שטיקלעך האָלץ האָב איך געלייגט אויף די נאָך ברענענדיקע שטיין־קוילן פון אויוון, און אויף דער ערד, אויף אַ פּאַפּיר, אויסגעוועלגערט מיט דער ליידיקער פלאַש קליינע מצהלעך. איך האָב זיי אַרויפגעלייגט אויף דער הייסער אייזערנער אויוון־פּלאַטע און אַזוי געבאַקן מצות. ס׳האָט ביי מיר גענומען כמעט אַ גאַנצע נאַכט. איך האָב „אויסגעבאַקן״ אַן ערך 50 קליינע מצהלעך. דאָס גרויסע פאַרמעגן האָב איך אַריינגעלייגט אין דער זעלבער זופּ־מענאַשקע און אין ברויט־זעקל און מיטגענומען צו דער אַרבעט. דאָרט האָב איך די מצות איינגעטיילט יעדן אַ פּאָר, פּאַר וועלכע זיי האָבן מיר באַצאָלט. אין אָוונט האָב איך אויך מיטגענומען אַ פּאָר פּאַר מיין מאַן און שוועסטערן־טאָכטער. ווען איך האָב באַצאָלט דעם יינגל פאַר דאָס גע־באָרגטע מעל האָב איך אים געזאָגט ער זאָל מיר ווייטער ברענגען. אַזוי בין איך אָנגעגאַנגען ביז ענדע מערץ מיט דעם באַקן מצות. יעדן טאָג, ווען כ׳האָב פאַרטיילט צו מיינע פאַרטרויטע אָפּנעמער די מצות, האָבן זיי אויפגעגעסן די פריערדיקע און געהאַלטן אין זאַפּאַס די פרישערע. ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט מיר די באַראַקן־עלטסטע געזאָגט, אַז מען וועט מער נישט ברענען דעם אויוון. דעמאָלט האָב איך פאַרטיילט די לעצטע מצות מיט דעם אָנזאָג, אַז דאָס זענען שוין די פּסחדיקע מצות און אַ טייל האָט טאַקע די מצות געהאַלטן פאַר פּסח. אין דעם רישעותדיקן גיהנום־לאַגער האָבן מענטשן געגעסן פּסח מצות, ווי אונדזער סימבאָלישער זכר פון אויס־לייזונג, אין וואָס פיל האָבן נאָך געגלויבט.

באַלד נאָך פּסח, מאַי 1944, איז געקומען אין לאַגער ד״ר בלאַנקע פון אוישוויץ. אַלע מענער און פרויען האָבן זיך געמוזט אויסטאָן פאַר אים נאַקעט און דורכגיין זײַן „סעלעקציע״. ער האָט אויסגעקליבן דרײַצן הונדערט מענטשן און פאַרשריבן זייערע נעמען. מײַן מאַן איז געווען צווישן די אומגליקלעכע. די סיבה פון אָפּקלײַב האָט קיינער נישט געוווּסט, נאָר איין זאַך איז געווען קלאָר: עס איז נישט צום לעבן.

ווידער האָבן די דײַטשן פאַרשפּרייט ליגנערישע מעשׂיות: אַז מען וועט די מענטשן שיקן אין אַ לאַגער פאַר לײַכטער אַרבעט, ווײַל זיי זעען אויס שלעכט...

## מײַן מאַן איז פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט

אין יאָר 1943, נאָך די יאָרן פון געטאָ און לאַגער־צרות, נישט האָבנדיק די געהעריקע באַשפּײַזונג האָט מײַן מאַן געקראָגן מכּות (פורונקלס) אין פאַרשידענע טיילן פון לײַב. ספּעציעל האָבן די צרות זיך פאַרשפּרייט אין די ערטער פון דיקן פלייש. מיט מײַן מי און די באַמיאונגען פון אַנדערע, האָט מען אים קוים אַרײַנגענומען אין דעם לאַגער־שפּיטאָל. (גערופן האָט מען עס „רעוויר״). אין באַראַק האָט ער נישט געקאָנט ליגן אָן זיך צו שטעלן צוויי מאָל אַ טאָג צום אַפּעל. אַ דאָקטאָר, וועלכער איז מיר געגאַנגען אויף דער האַנט, האָט מיר געזאָגט, אַז זײַן צושטאַנד איז אַ זייער געפערלעכער. מײַן מאַן האָט אויך, אָן בלוט און אָן וויטאַמינען, פאַרלוירן זײַנע ציין. איין מיטל האָט אים געקאָנט ראַטעווען, מען זאָל מאַכן פון די מכּות, פון זײַן אייגענעם אייטער, אַ סערום, און דאָס אים צוריק אײַנשפּריצן. אָבער דאָס קאָן מען אין לאַגער נישט מאַכן, קיין לאַבאָראַטאָריע איז נישטאָ און בכלל איז דאָך דער „רעוויר״ נישט צו העלפן די מענטשן, נאָר זיי דאָרט אומצוברענגען. איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, אַז די רוצחים האָבן כּאָראָדנעט יעדן קראַנקן צו געבן טויט־ברענגענדיקע אײַנשפּריצונגען.

אין איין טאָג, ווען מיר זענען נאָך אַרויסגעגאַנגען פון לאַגער צו דער אַרבעט, איז געקומען אַן אָרדענונגס־דינסטמאַן פון לאַגער און האָט אונדז

דערציילט, אַז דער „רעוויר“ איז אויסגערוימט. מען האָט אַלע קראַנקע פֿאַרברענט. ביי דער אַרבעט בין איך שיעור פֿון זינען נישט אַראָפּ. מיין פֿאַרצווייפֿלונג האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. צוריקגעקומען אין לאַגער אַריין האָב איך געטראָפֿן מיין מאַן און נאָך איין קראַנקן אין גאַנצן שפּיטאָל־באַראַק, זיי האָט מען איבערגעלאָזט, מען האָט נאָר גענומען קראַנקע מיט היץ און מיט אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

איך האָב געבעטן דעם דאָקטאָר ער זאָל מיר געבן דעם אייטער, עס מיטגענומען צו דער אַרבעט, געבאָרגט געלט פֿון מיינע פֿריינד און דורך אַ קאָנטאַקט אַרויסגעשיקט אין אַ לאַבאָראַטאָריע. איך צוויי טעג שפּעטער האָב איך געהאַט די מעדיצין. איך האָב אַרויסגענומען מיין מאַן פֿון „רעוויר“ און דער דאָקטאָר האָט אים יעדן טאָג, באַהאַלטערנערהייט, געגעבן אַן איינשפּריצונג. יעדן אָוונט נאָך דער אַרבעט, האָב איך אים געוואַשן די וווּנדן און געטוישט די באַנדאַזשן, געמאַכט פֿון אַ העמד וואָס איך האָב צעריסן. ביי דער אַרבעט האָב איך דאָס צוזאַמענגענייט אויף דער מאַשין. יעדן אויף דער נאַכט האָב איך געוואַשן די אומריינע באַנדאַזשן אין דעם טואַלעט־צימער, אויסגעטרוקנט זיי אונטערלייגנדיק אויף מיין געלעגער, אַזוי יעדן אָוונט אים געטוישט אויף ריינע. אַזוי האָב איך אים אויסגעהיילט פֿון דער קראַנקייט. אָבער עס זענען אים געבליבן צייכנס פֿון די וווּנדן אינעם דיקן פֿלייש. אויסטוענדיק זיך צו דער סעלעקציע, איך אָנהויב מאַי, ווען עס איז נאָך געווען זייער קאַלט, האָבן די צייכנס זיך זייער אָנגעזען. ער האָט שוין געהאַט דורכגעגאַנגען די סעלעקציע און נישט פֿאַרהאַלטן געוואָרן. פּלוצים האָט אָבער דער רוצח דערזען די צייכנס פֿון היגטן און אים פֿאַרשריבן צום טויט.

אין לאַגער האָבן זיך דעמאָלט געפֿונען אַן ערך דריי הונדערט קינדער, וועלכע מען האָט אַריינגעשמוגלט דורך פֿאַרשידענע וועגן. מען פֿלעגט די קינדער איינשלעפּערן און אַריינטראָגן אין רוקזעק, צווישן די סחורות אין וואָגנס האָט מען אַריינגעפֿירט קינדער. פֿאַראַן געווען געוויסע מענטשן מיט פּריווילעגיעס, ווי די יידישע פּאָליציי, אַנדערע באַאַמטע און ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן יאָ געהאַט דאָס רעכט צו האָבן מיט זיך די קינדער.

פּלוצים זענען די רוצחים געוואָרן זייער גוט צו די דאָזיקע קינדער.

ווי געוויינלעך, באַנוצנדיק זיך מיט שקרים, האָבן זיי געמאַכט אַ קינדער־היים פאַר אַלע קינדער אין לאַגער. אַ באַפעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, אַז אַלע קינדער מוזן זיך געפינען אין אַ קינדער־לאַגער, כדי זיי בעסער צו דערנערן. אָט דעם באַזונדערן קינדער־לאַגער האָבן זיי איינגעאָרדנט אין אַ נייעם באַראַק, ריין, ציכטיק, אַפילו אַ גערטנדל מיט בלימעלעך צום שפּילן זיך האָבן זיי געמאַכט פאַר די קינדער אין פראָנט פון באַראַק. פיל פון די קינדער האָבן ביז דעמאָלט נאָך נישט געזען קיין גרין גרעזל אָדער בלימל. זיי האָבן אויך אָנגעשטעלט אַ פּאָר לערערינס צו פאַרנעמען זיך מיט די קינדער. דאָס אַלץ איז געווען אין פרילינג 1944.

אין דער זעלבער צייט איז געקומען אין לאַגער אַריין אַ נייע ס. ס.־פרוי. גערופן האָט מען זי „אָבערקע". זי איז געווען אַ שיינהייט. אַ שיינע פיגור און פיין־געקעמטע האָר. אַז אין אַזאַ שיינעם קערפּער קאָן זיך געפונען אַן אויסוווּרף, אַ משחית, האָט זיך ממש נישט געוואָלט גלויבן. געוווּסט האָט מען פון דערציילן, אַז זי קומט פון לובלין און איז אַ ספּעציאַליסטין פון קינדער־פאַרניכטונג. די „קינדער־זאָרג" איז געווען איר אויפטו.

דורך די קורצע פאָר וואָכן, וואָס די קינדער האָבן זיך געפונען אין קינדער־היים, האָבן די קינדערלעך אויפגעלעבט. געווען אָפּגעוואַשן; מען האָט זיך מיט זיי געשפּילט. ליידער, דעם 13טן מאַי איז געקומען דער בראָך וועגן קיינער האָט זיך נישט געריכט. יעדער איז געשטאַנען ווי אַלע טאָג צום לאַגער־אַפּעל. עס איז געווען אַ וואָך שפּעטער ווען ס'איז פאָרגעקומען די סעלעקציע פאַר די לאַגער־מענטשן, צו דער אַרבעט האָט מען שוין דעם טאָג נישט געפירט, נאָר מען האָט אַרויסגענומען אַלע פאַרשריבענע און דעמאָלט פאַרנומען דעם גאַנצן קינדער־היים. אויף דעם טויטן־טראַקט אין לאַגער זענען שוין געשטאַנען צוגעגרייט וואַגאָנען. קיינער האָט אויף דעם אַפּעל־פּלאַץ זיך נישט געטאָרט רירן. דורך די הילכערס האָט מען געשפּילט לידער, ספּעציעלע קינדער־לידער. אַזוי האָט מען פון אונדז צו־גענומען די טייערסטע, אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ, גלייך אין אויוון אַריין. אָט די פאַרשאָלטענע „אָבערקע" איז געשטאַנען אין איר אָנפירנדיקער פּאָזע אויף אַ באַרג, פאַרשטעלנדיק זיך מיט דער האַנט די אויגן פון דער זון, כדי זי זאָל קאָנען בעסער זען אונדזער גרויסן פּיין. אַזוי האָט מען

ווידער אַוועקגעריסן טאַטעס, מאַמעס, קינדער. אויך מיין מאַן איז געווען צווישן זיי.

זינט מען האָט געהאַט מיט אַ וואָך פריער פאַרשריבן מיין מאַן, האָט ער פאַרשטאַנען אַז עס דערנענטערט זיך דאָס שרעקלעכסטע. ער האָט מיך יעדן אָוונט געזעגנט און נישט פאַרגעסן צו טרייסטן און איינרעדן, אַז איך מוז בלייבן לעבן. איך זאָל אים צוזאָגן, אַז איך וועל טראַכטן מיט אַלע כוחות זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן. איך זאָל נישט פאַרגעסן, אַז די קינדער אין דרויסן וועלן נאָך דעם קריג אויף מיר וואַרטן. ער האָט אויך גערעדט צו סאַבינען, מיין שוועסטערן־טאָכטער, אַ מיידל פון ניינצן יאָר, זי זאָל זען זיך צו האַלטן און אויך מיך דערמוטיקן.

איך האָב אים געפרעגט פאַרוואָס ער קאָן נישט טאָן דאָס זעלבע? האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער קאָן די צרות נישט איבערטראָגן, אַזוי איז זיין געפיל. ער האָט אָבער שוין דעמאָלט געוווּסט, אַז ער גייט צום טויט.

זיינע ווערטער — „דו מוזט לעבן, די קינדער וועלן דיר דאַרפן", האָבן מיך אין אַלע שפּעטערדיקע וועגן באַגלייט.

נאָך דעם חורבן איז ווידער געבליבן אַ טרויעריקער, שטומער אומעט. מען האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן איינער דעם אַנדערן. קינדער אין לאַגער זענען געבליבן אפשר 20. אַ פּאָר פון די מאַכערס, וועלכע האָבן געוווּסט וואָס שפּעטער וועט זיין, האָבן זייערע קינדער אויסבאַהאַלטן. מען האָט זיי געפונען אין די טואַלעטן, אין די גריבער מיט אָפּפאַל, ווו זיי האָבן זיך דאָרט נעבעך אויסבאַהאַלטן.

אין לאַגער זענען ווידער אָנגעגאַנגען טויט־אַרבעט, הריגות, אימה, אַפּעל־פּלאַץ און אייביקער גיהנום.

אויך די פרוי, די באַראַקן־עלטסטע פון מיין באַראַק, די איידעלע נשמה, האָט מען מיט דעם מאַי־טראַנספּאָרט געשיקט צום טויט. כאָטש זי האָט נישט געדאַרפט גיין צום אַפּעל און נישט צו דער סעלעקציע. זי האָט אָבער בעת דער סעלעקציע אַרויסגעקוקט פון דער באַראַקן־טיר און דער רוצח, דער דאָקטאָר, האָט זי דערזען האָט ער געהייסן זי אַרויסנעמען פון באַראַק און אויך מיטשיקן.

# דאָס „אייביקע פייער" אין פּלאַשעוו

.סעפּטעמבער־נאָוועמבער 1944

געוועזן אין לאַגער אַ פּלאַץ, וואָס איז באַקאַנט געווען מיטן נאָמען „ד אָ ס א יי ב י ק ע פ יי ע ר", ווייל דאָרט איז קיינמאָל דאָס פייער נישט פאַרלאָשן געוואָרן. עס איז געווען אַ בערגל ביי דער זייט פון לאַגער. אויף דעם בערגל איז געווען אַ טאָל, וווּ ס'האָט אומאויפהערלעך געפלאַקערט שייטערס האָלץ, באַגאָסן מיט בענזין, און דאָרט זענען פאָרגעקומען די עקזעקוציעס פון געכאַפּטע יידן אויף דער „אַרישער" זייט און פון פאַליאַקן פון דער אונטערגרונד. איך האָב געהאַט אַ מזל צו ווינען אין אַ באַראַק לעבן אַ פענצטער קעגנאיבער. איך האָב מיר אַליין אויסגעקליבן דעם באַראַק באַטראַכטנדיק דאָס פאַר אַ מזל, וואָס איך האָב באַקומען דעם פּלאַץ. ווען מען האָט אונדז איבערגעפירט אין אַנדערע באַראַקן אַריין, האָב איך ווידער געכאַפּט אַזאַ פּלאַץ ווי איך האָב געהאַט. איך האָב זיך שטענדיק זיכער געמאַכט איך זאָל האָבן אַ פּלאַץ מיט דעם שרעקלעכן אַרויסבליק צום אייביקן פייער. די סיבה דערפון, ווייל איך האָב געוואָלט זען די מענטשן, וועלכע מען ברענגט ביינאַכט פון שטאָט פון די אַרעסטן. כאָטש פון אַ מהלך האָב איך דאָך געקאָנט זען די קאָנטורן פון די אומגליקלעכע דורך די פלאַמען, גרויסע אָדער קליינע, קינדער אָדער דערוואַקסענע. איך האָב געהערט די שיסערייען און געזען טויטע אָדער לעבעדיקע אַריינפאַלן אין די פייער־גריבער. איך האָב זיך דאַן געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן ביי מענטשן, וועלכע זענען געווען נאָענט צו דעם פּלאַץ ביי נאַכט־אַרבעט, וועמען מען האָט געבראַכט? אין דער זעלבער צייט האָב איך זיך באַהערשט נישט אַרויסצוווייזן מיין אומרו מען זאָל מיך נישט חושד זיין, אַז איך האָב עמעצן אין „דרויסן" פאַר וועלכע איך זאָרג זיך אַזוי שטאַרק.

גייענדיק צו דער אַרבעט זענען מיר שטענדיק דורכגעגאַנגען דעם

פּלאַץ. איינמאָל האָט אַן אומגליקלעכע מאַמע דאָרטן געפונען דאָס מאַנ־טעלע פון איר קינד, דורכגעשאָסן און פאַרבלוטיקט. אַ צווייט מאָל האָט מען געהאַט געברענגט 20 יידישע מיידלעך פון אַ יאָר 16 ביז 26, געכאַפּטע אויף אַרישע פּאַפּירן. נאָכן אויסטאָן זיי נאַקעט האָבן זיך די פאַרשאָלטענע אוקראַיִנישע רוצחים אויף זיי זיך געוואָרפן זיי צו שענדן, אָבער די יידישע טעכטער זענען געשפּרונגען לעבעדיקע אין די פייערן.

אין אַלע יידישע יום־טובים זענען שטענדיק אין לאַגער פאָרגעקומען „אַקציעס".

דער לאַגער־קאָמענדאַנט געט, וואָס איז נאָך דעם קריג אויפגעהאָנגען געוואָרן אין קראָקע, האָט צוגענומען אין די לאַגערן (נישט בלויז אין פּלאַ־שאָוו, נאָר אויך אין טאַרנע, באָכניע און אַנדערע ערטער), גאַנצע לאַסט־אויטאָס מיט צירונג, געלט און אַנדערע טייערע חפצים. ער האָט געהאַט זיינע משרתים, ווי דער יידישער לאַגער־עלטסטער איך פּלאַשאָוו, כילאָוויץ מיט זיין פרוי און אַנדערע פאַרלוירענע נשמות, וועלכע האָבן אויך גענאָסן פון דעם רויב. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען און אויך נישט געוואָלט וויסן, אַז זיי ווערן אָפּגענאַרט, אַז דאָס איז נאָר אַ צייטווייליק געניסן. דאָס ווינען אין לאַגער באַקוועם און האָבן די שענסטע זאַכן מיט די טייערסטע צירונג, זאַכן וואָס זיי האָבן זייער גאַנצן לעבן פריער נישט געזען, און אויך האָבן די מאַכט איבער אונדז, דאָס איז נאָר געווען אַ בלוטיקע, קורצע שפּיל. די בלינדע האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז די כוונה פון די רוצחים איז, אַז זיי, אונדזערע יידן, זאָלן האָבן אַ האַנט אין אומברענגען זייערע אייגענע שוועס־טער און ברידער. זייער סוף איז אָבער שנעל געקומען. דער קאָמענדאַנט געט, האָט די אַלע „גרויסע" מענטשן גערופן צו זיך און זיי פאָרגעוואָרפן, אַז זיי ווילן אַנטלויפן פון לאַגער. צען פון די וויכטיקסטע פון דער הערשער־באַנדע, האָט ער אויסגעשאָסן און אַלץ צוגענומען. אונדז, דעם גאַנצן לאַגער, די מענטשן פון אַפּעל־פּלאַץ, האָט מען געפירט אָנקוקן די טויטע קערפּערס געבונדיק אַ באַפעל, אַז יעדער מוז אויסדרייען דעם קאָפּ אויף רעכטס און גוט אָנקוקן די טויטע „גרויסע" מענטשן.

אין דער זעלבער צייט האָט מען אין לאַגער אויך אויפגעהאָנגען אַ גרופּע יונגע יינגלעך, כמעט קינדער, פון 16 ביז 19 יאָר. איינער האָט זיך אָפּגעריסן

פון שטריק, האָט מען נאָכאַמאָל אויפגעהאָנגען. אויך דאָס האָבן מיר אַלע, איבער 20.000 מענטשן, געמוזט שטיין און צוקוקן. ווער עס האָט נישט געקוקט גלייך אויף דער גרויל־סצענע, איז דערשאָסן געוואָרן.

אין דעם זומער 1944, זענען די היצן געווען זייער גרויסע, אָדער אפשר האָט זיך עס אונדז אומגליקלעכע, אויסגעמאַטערטע, אַזוי אויסגעדאַכט. איך האָב אָנגעהויבן פילן אַ שרעקלעכן האַס צו דער זון. געהאַסט די זון־שטראַלן. איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס אַזאַ שיינע ליכטיקע זון, שעמט זיך נישט צו באַלייכטן אַזעלכע שרעקלעכע גרוילן און פּיין און קוקט ווי מיט שפּאָט אויף אונדזערע פאַרצוקטע פּנימער. אַזאַ שיינע זון פּאַסט נאָר פאַר פרייע מענטשן. איך האָב געזען אין דער זון ווי עפּעס אַ צו־להכעיס, אַז זי טוט אָפּשפּעטן פון אונדז. אין דער ליכטיקייט פון אירע שטראַלן איז אונדזער פאַרשוואַרצט פּנים, אונדזער אָפּגעריסנקייט, דער גאַנצער תוהו ובוהו, געווען נאָך מער בולט און אָנזעעוודיק. יעדער זון־שטראַל האָט מיך געבראַכט צו משוגעת. איך האָב געוווּסט דעם „נאַר־מאַלן" ענטפער, אַז די שליחות פון דער זון איז צו באַשיינען די וועלט. אָבער מיין געמיט, אונדזער שווידער'לעכע לאַגע, האָט נישט געקאָנט מאַכן קיין שלום מיט דעם... און די זון האָט אָבער ווייטער געשיינט !...

מיט דער לבנה, דאַקעגן, האָב איך געהאַט אַן אָפּמאַך און דערביי אַ טרייסט... איך האָב געוואַרט אויף די לבנה־נעכט מיט אומגעדולד. איך האָב מיך אין די שרעקלעכע נעכט, דורך דעם שטיקל פענצטער אויסגע־טענהט מיט דער לבנה. איר אויסדערציילט מיינע יסורים, איר אָנגעבאָטן אַ שליחות וויסנדיק, אַז זי שטייט נישט אויף אייך אָרט און האָט אומעטום אַ צוטריט, האָב איך זי געבעטן, זי זאָל זיך מטריח זיין צו מיינע קינדער, אריינקוקן אין זייער פענצטער און זען צי זיי שלאָפן און מיר ברענגען פון זיי צוריק אַ גרוס, אַז זיי זענען דאָרט גאַנץ און געזונט. איך האָב איר אויך געזאָגט: פאַר דיר, לבנה, זענען דאָך נישט פאַראַן קיין עלעקטרישע דראָטן, קיין שפּיאָנען, ווען איך האָב געזען ווי אַ וואָלקן פאַרדעקט די לבנה, האָב איך בפירוש געוווּסט, אַז דאָס גייט זי אויספירן איר שליחות און האָב געוואַרט ביז זי איז ווידער אַרויסגעשווומען מיט איר לאַכענדיק

פנים. איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז זי ווינקט צו מיר צו אַ גוטע בשורה. די לבנה־נעכט זענען געווען פאַר מיר אַ טרייסט.

איך שעם זיך ממש צו זאָגן, אַז איך קאָן ביזן היינטיקן טאָג נישט ליידן דעם אָנקומענדיקן פרילינג און די זוניקע שטראַלן און איר מחיהדיק וואַרעמען. איך געדענק די ביטערע טעג, ווען זי האָט אונדז אַזוי געשפּיזלט מיט אירע שטראַלן ביז צום פאַרמאַטערן. איך בעט ביי דער זון סליחה און מחילה. איך ווייס וויפל גוטס זי ברענגט דער נאַטור און דער מענטש־הייט, אָבער איך קאָן מיר נישט העלפן...

נאָך יעדן נאָרמאַלן אַרבעטס־טאָג האָט מען אונדז געוויינלעך גענומען צו עקסטראַ־אַרבעט, ווי טראָגן ברעטער, שטיינער, אַמאָל צו בויען באַ־ראַקן, אַמאָל צום פאַנאַנדערנעמען די באַראַקן. (נאַטירלעך אָן יעדן צוועק). מיר האָבן אַמאָל געטראָגן ברעטער, אַריינגעבראַכטע פון לאַגערן, פון לעבן יאַסלע, ריישע, און אַנדערע לאַגערן. אויף דעם רוב ברעטער זענען געווען אָנגעשריבן נעמען פון פאַרשידענע מענטשן מיט דער בקשה, אַז די מענטשן יואָס וועלן זען די ברעטער, זאָלן זוכן זייערע נאָענטע און איבערגעבן גרוסן פון זיי. ליידער האָבן מיר די גרוסן נישט געקאָנט אָפּגעבן... די אונטער־געשריבענע אויף די ברעטער, ווו זיי זענען שוין דעמאָלט געווען האָבן זיך שוין זיכער באַגעגנט אין אַ בעסערער וועלט מיט זייערע טייערע...

אַמאָל, זייענדיק זייער מיד פון דער עקסטראַ אַרבעט, האָב איך נישט אַזוי פלייסיק געאַרבעט ווי ס'האָט זיך געוואָלט דעם ייִדישן אויפזעער, האָט ער מיך מיט אַ רייט־בייטש מיט מעטאַלענע קניפּן, געהאַקט איבער דער לינקער האַנט... אַ דאָקטער אין לאַגער, האָט מיר די האַנט, בגניבה, אָפּערירט. דער דאָקטאָר געפינט זיך איצט אין אַמעריקע. ער האָט מיך אַ לאַנגע צייט געהיילט. די האַנט איז אָבער געבליבן אויף שטענדיק פאַר־קריפּלט. דעם שלעגער מיינעם, וועלכער האָט פיל מענטשן אָנגעטאָן אַ סך צרות, האָט מען נאָך דעם קריג אויפגעהאָנגען אין קראָקע. אויך אַנדערע אויסוואורפן ווי ער, האָבן געהאַט דעם זעלבן סוף.

דער זומער 1944 איז ביים סוף. די אַקציעס און דאָס ברענען מענטשן, קומען פאַר אַלץ מער און מער. דער שטיקנדיקער רויך אין דער לופט אין לאַגער איז נישט איבערצוטראָגן. עס איבלט פון דעם געברענטן בלוט

און פלייש. מען קאָן נישט עסן. עס נעמען אָנקומען באַריכטן, ווי פון דער לופט, אַז די רוסן דערנענטערן זיך צו אונדז. די פאַרשאָלטענע האָבן געוואָלט פאַרווישן די שפּורן. האָט מען אונדז ווידער גענומען צו דער אַרבעט, צו טראָגן ברען־מאַטעריאַל — האָלץ און בענזין. אַנדערע זענען געווען גע־צוואונגען אויסצוגראָבן די מאַסן־גריבער פון געטאָ און אַרויסשלעפּן די קרבנות, די מתים. אַן אַנדערע גרופּע האָט ביי די טויטע אַרויסגעריסן די גאָלדענע ציין אָדער אַ רינגל פון אַ פינגער. צווישן די טויזנטער און טויזנ־טער טויטע האָבן טייל געזען זייערע נאָענטע און טייערע. די פלאַמען זענען געגאַנגען ביז צום זיבעטן הימל. דאָס שטיקעניש איז געווען נישט צום אויס־האַלטן. מייל־ווייט האָט זיך געטראָגן דאָס פייער, רויך און געשטאַנק. דאָס איז אָנגעגאַנגען איבער ראש־השנה און יום־כיפור. איך האָב דעמאָלט געזאָגט צו מיינע שוועסטערס לצרה, אַז אויב מיר זאָלן בלייבן לעבן דאַרפן מיר שוין קיינמאָל נישט צינדן קיין ליכט, ווייל מיר צינדן היינט אין די ערב יום טובים אַזעלכע ליכט פאַר גאָט...

צווישן די אויסגעגראָבענע זענען אויך געווען אומשולדיקע קינדער, אין די אָרעמס פון די מאַמעס, צוגעדריקטע צום האַרץ. אַזוי אין דער פּאָזיציע האָט מען זיי געשאָסן.

# אין טראַנספּאָרט קיין אוישוויץ

דעם זעלבן ערב יום־כּיפּור האָבן מיר געאַרבעט אין דער פֿאַבריק ביז דער נאַכט־שיכט. אין איינעם פֿון די אַרבעטס־באַראַקן האָבן מיר זיך צו־זאַמענגענומען אַ גרופּע, וועמ עס האָט זיך נישט געשראָקן פֿאַרן טויט, און אַ מאַן האָט געזאָגט כּל־נדרי. איך בין געווען צווישן די דאַוונערס. אין דרויסן האָט מען געשטעלט וואַכן פֿון אונדזערע מענטשן, אַז אויב מען וועט פֿון דער ווייטנס זען עפּעס פֿאַרדעכטיקס, זאָל מען געבן דעם אָנגענומענעם לאַגער־צייכן — „ז ע ק ס ״. דאָס איז געווען אַ וואָרנונגס־וואָרט, אויב אַ געפֿאַר האָט זיך דערנענטערט. ביי אַלע מאַשינען איז די אַרבעט געווען צוגעגרייט אונטערן נאָדל. מיר האָבן אָפּגעזאָגט אין דער שטיל כּל־נדרי, שטיקנדיק זיך אין געוויין. יעדער האָט פֿאַרגאָסן טייכן טרערן. דעם יום־כּיפּור האָט יעדער דאָרט געפֿאַסט און נישט געאַרבעט, נאָר געזעסן ביי דער מאַשין גרייט, אויב עס וועט זיך באַווייזן אַ געפֿאַר, אָנצוהייבן אַרבעטן.

די צייט איז געווען די שרעקלעכסטע. אין לאַגער זענען שוין געווען בלויז אַ פּאָר טויזנט מענטשן. אַלע אַנדערע זענען שוין אַוועקגעשיקט געוואָרן צו פֿאַרשידענע פֿאַרניכטונגס־פּונקטן. דאָס אויסגראָבן די קרבנות; דאָס ברענען; ברענגען פֿון שטאָט נייע מענטשן צום דערשיסן איז ווייטער אָנגעגאַנגען. עס איז געווען אַ פֿראַגע וואָס וועט מיט אונדז, די לעצטע פּאָר טויזנט, געשען?

אינצווישן די בלוטיקע געשעענישן איז געפֿאַלן אַ נס: די העכערע מאַכט האָט אויסגעפֿאָרשט אונדזער לאַגער־קאָמענדאַנט, געט. ער איז געווען באַשולדיקט, אַז ער האָט נישט געליפֿערט אַלע פֿאַרמעגנס און געלטער צו די געהעריקע זאַמל־ערטער. די אַרכי־רוצחים האָבן געהאַט שאָדן. לויט דעם חשבון וואָס זיי האָבן געמאָנט פֿון אַלע רייכע און גרויסע שטעט, איז פֿון קראָקע און פֿון פּלאַשאָוו געקומען צו ווייניק. מען האָט טאַקע ביי

אים געפונען אומגעהויערע מאַגאַזינען מיט די אַלע פּאַרמעגנס. ער איז גלייך אַרעסטירט געוואָרן. די מענטשן אין לאַגער האָבן ווידער געקראָגן אַ ביסל האָפענונג, ווייל ער וואָלט דעם גאַנצן רעשט מענטשן אין לאַגער אומגעבראַכט.

נאָך דעם אָפּרוימען דעם יידישן לאַגער־עלטסטן, איז אַ דייטשישער פאַרברעכער געוואָרן דער עלטסטער. ער האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט זיך מיטבאַטייליקט אין דער לינדבערג קינד־קינדנעפּינג אין אַמעריקע. מען האָט אים דעמאָלט צוריקגעשיקט פון אַמעריקע קיין דייטשלאַנד. חוץ דעם איז ער באַגאַנגען אַן אַנדער מאָרד, פאַר וועלכן ער איז געוועזן פאַרשיקט אין אַ לאַגער אויף 25 יאָר. בכלל זענען געווען אין לאַגער פּלאַשאָוו אַ סך פאַרברעכער. לויט די צייכנס, וואָס זיי האָבן געטראָגן, האָט מען געוווסט וואָס פאַר אַ פאַרברעכן זיי זענען באַגאַנגען: אַ רויטער דרייעק — איז געווען מאָרד; אַ גרינער — איז געווען רויב; אַ פיאָלעטער — איז געווען אַ פּאָליטישער פאַרברעכער. די דאָזיקע פאַרברעכער זענען געווען קאַפּאָס פון די אַרבעטס־פּלעצער. צוליב דעם גרויסן יחוס וואָס זיי זענען דייטשן, האָבן זיי אונדז אָנגעטאָן גרויסן פּיין. דאָס ערגסטע וואָס זיי פלעגן אָפּטאָן איז געווען — געקומען אין די פרויען־באַראַקן, אַרויסגענומען די שענסטע יונגע מיידלעך, זיי פאַראומריייניקט און פאַרפּייניקט.

ענדלעך איז געקומען די צייט און מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויסשיקן טראַנס־פּאָרטן פון די לעצטע פאַר טויזנט. איך האָב פאַר מיר און מיין שוועסטערן־טאָכטער געמאַכט פון די צודעקן מאַנטלען. אויסגעבעטן ביי איינע אַ פּאָר שיך פאַר איר, איך האָב געוווסט, אַז זי האָט עטלעכע פאָר, וואָס זי קאָן נישט מיטנעמען. מען האָט אויפגעמאַכט די מאַגאַזינען און געגעבן וואָס עס איז דאָרט געווען, ווי טרוקענע מילך, מאַרמעלאַד, זאַכן וואָס פריער האָט מען דאָס קיינמאָל נישט געזען. מען האָט אויך געגעבן מער ברויט. די אַלע זאַכן ווי עסן און מעדיצין, וואָס דער דזשאָינט און רויטער קרייץ האָבן אַריינגעשיקט אין לאַגער, האָט דער קאָמענדאַנט פאַרקויפט און גאָרנישט געגעבן די לאַגערניקעס.

איצט, ביים ליקווידירן דעם לאַגער, האָט מען צעטיילט דאָס איבער־געבליבענע. איך האָב אויפגעכאַפּט אַ זעקעלע און גענומען אפשר צוויי

קילאָ מילך־פּודער. אין דער מענאַשקע האָב איך גענומען מאַרמעלאַדע און געקראָגן אַ גאַנץ ברויט. מען האָט אונדז געפירט צו די וואַגאָנען. דער צוג איז געשטאַנען גרייט אין לאַגער.

די מענטשן האָבן זיך געשטופּט נישט ווייסנדיק ווו און נאָך וואָס, אַבי איבערצוקומען און שוין זיין אין צוג. די ערשטע צוגן זענען געגאַנגען קיין שטוטהאָף. אַלע זענען דאָרט דערטרונקען געוואָרן פון די מערדער. מיין שוועסטערן־טאָכטער האָט מיך נישט געלאָזט זיך שטופּן, נישט ווייל זי האָט געוווּסט וואָס זי טוט. — שטופּ זיך נישט, לאָמיר שטיין פון הינטן — האָט זי געטענהט. בין איך טאַקע איר נאָכגעגאַנגען נישט צו פאַרלירן זיך און מיר זענען אַריין אין לעצטן צוג. נאָך אַ פּאָר טעג זענען מיר אָנגעקומען קיין אוישוויץ, ענדע נאָוועמבער, 1944.

דורך די שפּאַרונעס פון דעם לאַסט־וואַגאָן, אין וועלכן מען האָט אונדז געפירט, האָב איך געשיקט מיינע לעצטע בליקן און ברכות צו מיינע קינדער און געבעטן זיי זאָלן מיר מוחל זיין פאַר איבערלאָזן זיי. איך ווייס, איך וועל אייך שוין קיינמאָל נישט זען...

נאָך אַ פּאָר טעג און נעכט זיך שלעפּן אין די אָנגעפּאַקטע וואַגאָנען, זענען מיר אין אַ האַרבסטטיקן פאַרנעפּלט־נאַסן פרימאָרגן, אָנגעקומען אין טויט־לאַגער אוישוויץ־בירקענאַו.

די אויפשריפט אויף דעם טויער האָט זיך געלייענט:

„אַרבייט מאַכט פריי".

# דער „קבלת־פּנים" אין אוישוויץ

דורך די גרויל־יאָרן זענען מיר עטנדיק געווען הונגעריק, געוואַרט מיט סכנות־נפשות צו קריגן דאָס ביסל עיפּושדיקע זופּ אָדער פּיצל ברויט, כדי צו דערהאַלטן די נשמה. איך האָב אָבער אין דער צייט דריי מאָל זיך אָפּגעזאָגט פון דעם עסן דאָס, וואָס איך האָב באַקומען, כ'האָב זיך נישט געקאָנט באַצווינגען צו עסן. געשען איז דאָס צוויי מאָל אין אוישוויץ און איין מאָל אין דעם בהמה־צוג, וואָס האָט אונדז געפירט קיין בערגען־בעלזען.

אָנגעקומען קיין אוישוויץ זענען מיר אין אַ פֿאַרטאָג. מען האָט אונדז באַלד געפירט אין דעם פּאָרהויז ביים גאַז־אויוון, אין אַ גרויסן ליידיקן באַראַק. אַ פּאָר טויזנט זענען מיר געווען, בלויז פרויען. קעגנאיבער איז די „פּאַבריק" געגאַנגען אין פולן גאַנג. קיין פּלאַץ ווו זיך צו זעצן איז נישט געווען. די מערהייט איז אַנידערגעפאַלן אויף דער הוילער ערד.

נאָכן אָפּשטיין אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר, פּלאַשאָוער, וועלכע האָבן נאָך געהאַט עפּעס צו עסן, ווי איך, אַרויסגענומען טרוקענע מילך־פּודער און מאַרמעלאַדע וואָס מען האָט געלאָזט אין פּלאַשאָוו נעמען ביים ענדגילטיקן אויסליידיקן דעם לאַגער, און האָבן איינגעטיילט דאָס אַלעס צו די אַרומיקע. געזאָגט האָבן מיר — מיר וועלן נישט גיין הונגעריקע צום טויט. דער זאָג האָט אָבער קיין איינדרוק נישט געמאַכט. מען האָט נישט געוויינט, נישט געטומלט. די פּאָר טעג פאָרן אין אוממענטשלעכער ענגשאַפט אין די וואַגאָנען, ממש איינער אויף דעם אַנדערן, האָט אַזוי אויסגעמאַטערט און אָפּגעטעמפּט, אַז עס איז מער קיין כוח נישט געווען זיך אַנטקעגנצושטעלן. איך האָב נאָך גערעדט צו מיין שוועסטערן־טאָכטער און צו מיינע פריינד, אַז איך בין זייער צופרידן וואָס איך האָב דערגרייכט צום זעלבן פּלאַץ, ווו מיין מאַן איז געגאַנגען. איך האָב האָפענונג, אַז דאָס אַש פון אונדזערע קערפּערס וועלן זיך באַגעגענען און ווידער זיך צוזאַמענבאַהעפטן.

אַזוי רעדנדיק איז דורכגעגאַנגען אַ גרופּע מענער פון דער אַרבעט. איך האָב דערזען אַ באַקאַנט פּנים, נישט סתם אַ באַקאַנטן, נאָר טאַקע אַ משפּחה־מענטש פון קראָקע.

איך בין צו אים צוגעלאָפן, געפרעגט ווי לאַנג ער איז שוין דאָ? ער האָט מיר דערציילט, אַז מיט אַ האַלב יאָר צוריק האָט ער געזען מיין מאַן, אויך זייך שוואָגער און שוועסטער אָנקומען פון פּלאַשאָוו. ער האָט זיי מיט דער גאַנצער גרופּע געזען אַריינגיין צום פאַרניכטן. זיין דערציילן האָט שוין באַשטעטיקט אַלע מיינע חשדים. ער האָט דערביי צוגעגעבן: — איר האָט פיל האָפענונג. קוק, האָט ער געזאָגט צו מיר, זעסט, עס אַרבעטן נאָר צוויי קוימענס, דעם דריטן קוימען איז עפּעס געשען (דאָס זענען געווען אומגעהויערע קוימענס ווי ביי דער גרעסטער פאַבריק). סאַבאָטאַזש האָט איינעם אומטעטיק געמאַכט. דאָס פאַרברענען איצט גייט צו לאַנגזאַם. אַזוי, אַז פאַר אייך וואַרטן שוין אַנדערע אַ פּאָר טעג. לויט דער דייטשישער רוצחישער פּינקטלעכקייט, קלאַפּט דאָ אַלץ אין אָרדענונג: געקומען פריער — פאַרניכטעט פריער. אַזוי איז עס טאַקע געווען. דאָך האָט זיין טרייסטן נישט געטרייסט, ווייל ס'האָט זיך שוין גאָרנישט געוואָלט, נאָר מען זאָל שוין האָבן דורכגעגאַנגען — זאָל שוין זיין אַן ענדע צו דער אין־סופיקער טראַגעדיע.

נאָך אַ פּאָר שעה האָט מען אונדז, פאַרן גיין אין לאַגער, איבערגעפירט אין אַן אַנדערן פּלאַץ, אין באָד אַריין. מ'האָט אונדז געהייסן אויסטאָן אַלץ, געוואָרפן די זאַכן אויף אַ באַרג, נאָר די שיך געהייסן האַלטן אין די הענט. איך האָב געהאַט מיט מיר אַ פּאָר קליינע בילדלעך פון מיינע קינדער און מייך שוועסטערן־זון (מיט וועלכן עס איז געשען דאָס אומגליק אין „דרויסן"). געוווּסט האָב איך, אַז ביי דער רעוויזיע וועט מען די בילדער ביי מיר צונעמען. ביים אַריינגיין אין באָד האָב איך אַרויסגעריסן די בלויזע קעפּ־לעך פון די קינדער־פאָטאָגראַפיעס און אַרונטערגעלייגט אונטער דער צונג, אין מויל. מיר האָבן נאָך געהאַט אַ שטיקל ברויט מיט זיך. מיין שוועגערין האָט אויך געהאַט אַ צוויי־דאָלער באַנקנאָט, וואָס זי האָט געוואָלט אַוועק־וואַרפן, נאָר איך האָב דאָס פון איר צוגענומען, עס גוט אַריינגעקנאָטן אין דעם שטיקל ברויט וואָס איך האָב געהאַט.

ביים אַרייַנגיין אין באָד, זענען געווען באַשעפּטיקט מיינסטנס סלאָ־וואַקישע מיידלעך מיט שערלעך און ראַזיר־מעסערס אין די הענט. מיר זענען געשטאַנען אין די רייען צו איינציקע איינע הינטער דער צווייטער ביי אַ פּאָר שמאָלע דורכגענג. פון דער ווייטנס האָבן מיר געזען, אַז די וואָס גייען דורך, ווערן פון די מיידלעך אונטערזוכט, צי מ׳האָט נישט עפּעס אין מויל אָדער עפּעס צוגעקלעפּט אונטער די זוילן פון די פיס. אַ צווייטע שערט אָפּ די האָר. אַ דריטע ראַזירט אָפּ דעם קאָפּ און אַלע אַנ־דערע טיילן קערפּער, ווו ס׳איז פאַראַן האָר. אַ פערטע האַלט אין האַנט אַ באַרשט ווי אַ שטובן־מאַלער. זי טונקט איין די באַרשט אין עפּעס אַ פליי־סיקייט און באַשמירט אַלע אָפּגעראַזירטע קערפּער־ערטער. דאַן הייסט זי איינטונקען די שיך אין אַ פאַס מיט אַ שטינקענדיקער שוואַרצער פליסיקייט און באַפעלט אַרויסצוגיין דורך אַן אַנדער טיר. פיל צו זוכן איז נישטאָ, יעדער איז דאָך נאַקעט. עס איז געקומען מיין ריי. דאָס ערשטע האָט זי גענומען דאָס שטיקל ברויט, עס צעבראָכן און געפונען די צוויי דאָלער. האָט זי זיי זייער געשיקט אַ פאַרשטעק געגעבן אונטער איר פאַרטוך. זי האָט שוין אין מיין מויל אָדער פיס נישט געקוקט. מיט אַ באַוועגונג האָט זי געגעבן דער אַנדערער צו פאַרשטיין זי זאָל מיך שנעל דורכלאָזן. די אַנדערע האָט מיר שנעל געשוירן די האָר און געגעבן דער ווייטערער אַ צייכן — זי האָט מיר דעם קאָפּ שוין נישט ראַזירט. די אַנדערע פּראָצעדורן האָבן שוין לאַנג נישט געדויערט און די לעצטע האָט מיך שנעל געהייסן אַרויס. דאָס זעלבע איז געשען מיט מיין שוועסטערן־טאָכטער, שוועגערין און נאָך 6 פרויען, וועלכע זענען געשטאַנען הינטער מיר. די אַלע, וואָס האָבן באַוויזן זען דעם אינצידענט מיטן צונעמען און פאַרשטעקן דאָס געלט האָבן באַמערקט, אַז די אַלע „באַדינערינס״ האָבן בשותפותדיק מיטגע־אַרבעט און זיך געטיילט מיטן געלט.

אין דער אַנדערער זייט ביים אַרויסגאַנג, איז ביי אַ באַרג שמאַטעס געשטאַנען איינע און אויסגעטיילט יעדן אַ שמאַטע און האָט ביי יעדן אַוועקגענומען די שיך. אַ צווייטע האָט געטיילט הילצערנע האָלענדישע שיך פון רויען נישט געהובלטן האָלץ.

אונדזער באַקליידונג איז באַשטאַנען פון בלויז אַ קלייד, לויט וועמענס

מזל, איך האָב געקראָגן אַ זיידן קלייד, אַ ברוינס מיט ווייסע פינטעלעך און קורצע אַרבל, פון אַ פרוי אפשר פון 200 קילאָ (איך האָב געוויגן אַן ערך 40 קילאָ), דער גרויסער שפּיציקער דעקאָלט־אויסשניט האָט מיר געגרייכט ביז צום פּאַס. איין מעלה האָט דאָס קלייד יאָ געהאַט, — עס האָט מיר צוגעדעקט די פיס ביז איבער די הילצערנע שיך ביז צו דער סאַמער ערד. מיין שוועסטערן־טאָכטער האָט געקראָגן אַ לאַנג וואָלן קלייד מיט לאַנגע אַרבל, וואָס האָט מיך זייער געפרייט. אויף מיין שוועגערינס חלק איז אויס־געפאַלן אַ האַלב קליידל פון אפשר אַ צען־יאָריק קינד, מיט אַ בלוזקע פון אַ קינדער־פּיזשאַמע. דאָס קליידל איז איר נישט דערגאַנגען אפילו ביז די קני. ווי מיר דריי, זענען אויך געווען אויסגעשטאַט די אַלע טויזנטער אַנדערע. יעדע מיט הילצערנע האָלענדישע שיך. קיין העמד אויפן לייב, קיין מאַנטל פון אויבן. דאָס איז געווען ענדע נאָוועמבער 1944, ווען די קעלטן זענען געווען שרעקלעכע.

נאָכדעם האָט מען אונדז אַריינגעלאָזט אין אַן אַנדערן באַראַק, ווו די אַלע שוין דערליידיקטע האָבן געוואַרט אויף דער רעשט פון דער גרופּע. אַריינקומענדיק דאָרטן האָבן מיר זיך איינע די אַנדערע נישט דערקענט. דער אויסזען — שרעקלעכער פון אַלע טויטן. די נאַקעטע באַקאַנטע מיט אָפּגעראַזירטע קעפּ און „אָנגעטאָן" אין שמאַטעס. מ׳האָט זיך קעגנזייטיק אָנגעקוקט, מ׳איז געוואָרן פאַרשטיינערט און דערביי אָנגעהויבן היסטעריש צו לאַכן. מיך און די אַנדערע, וואָס זענען נאָר געבליבן קורץ אָפּגעשוירן האָט מען געהאַלטן פאַר „גליקלעכע". אַזוי איז יעדער, וואָס איז אַרויסגע־קומען פון דער גיהנום־טיר באַגעגנט געוואָרן מיט אַ געלעכטער־אויסברוך, ווייל זיך אַליין האָט קיינער נישט געזען. צווישן די טויזנטער פרויען איז אפשר ביי אַ צענדליק די קעפּ נישט געווען ראַזירט. זיכער אויך צוליבן זעלבן גרונד וואָס איך.

ווען אַלע זענען שוין געווען פאַרטיק זיך צו שטעלן אין די ריי, האָט איינע דער אַנדערער איבערגעבעטן פאַרן אויסלאַכן און מ׳איז געוואָרן שטום און פאַרשטיינערט.

אַזוי האָט מען געלאַכט מיט יאַמערקעס אין אוישוויץ...

ביים ראַזירן האָבן די אַרבעטאָרינס נישט אַכטונג געגעבן, די ראַזיר־מעסערס האָבן ממש אויסגעריסן שטיקער לייב. דאָס זעלבע איז געשען מיט מיר וואָס מיט אַ סך אַנדערע. איך האָב געהאַט אַ ווונד אונטער מיין אָרעם. די פליסיקייט, מיט וועלכער מען האָט אונדז איינגעשמירט, מכלומרשט צו דעזינפעקצירן, האָט געהייסן „קופּרעקס", אַ מין נישט גערייניקטער נאַפט. עס האָט גענאָלט פאַרהיטן נישט צו קריגן קיין לייז. פון דעם שמוץ האָב איך געקראָגן אייטער אין דער אָפענער ווונד.

## אין די אוישוויצער באַראַקן

די באַראַקן זענען געווען שרעקלעך, מען איז געלעגן אויף די נאַרעס אָן שטרוי, צוזאַמענגעדריקט איינער צום צווייטן. אויב מען האָט זיך גע־וואָלט אויסדרייען, האָט איינע געזאָגט דער צווייטער און אַלע האָבן זיך געמוזט אויסדרייען אויף דער צווייטער זייט. מען איז געלעגן אָן צודעקן, נאָר אין דעם וואָס מען האָט געהאַט אויפן לייב. געוווּסט האָבן מיר, אַז יעדער טאָג איז נענטער צו אונדזער סוף. יעדן טאָג האָבן מיר געהאַט באַ־ראַקן־שפּערע. מען טאָר נישט ארויסגייען, ווייל מען פירט פון אַנדערע באַ־ראַקן אין אויוון אַריין. אָט ערשט נעכטן איז געווען דער צווייטער באַראַק פול מיט ציגיינער, און היינט איז ער שוין ליידיק.

איין טאָג איז ביים אַפּעל געווען אַ סעלעקציע פון אונדזער באַראַק דורך דעם מערדער ד"ר מענגעלע, ימח שמו. נאָך דעם אויסקלייבן האָט ער געזען, אַז עס זענען דאָ זייער ווייניק וואָס ער קאָן נאָך באַנוצן צו אַרבעט, האָט מען ווידער אַלע צוזאַמענגעיאָגט. און דאָס האָט שוין אויף זיכער באַשטעטיקט דעם גורל.

דערווייל האָט מען אונדז געגערט מיט אָן עיפּושדיקער זופּ און זעלטן באַקומען אַ פּיצל ברויט פון שטרוי. איך, מיין שוועסטערן־טאָכטער און מיין שוועגערין, האָבן זיך נאָך געהאַלטן צוזאַמען און געקלערט וועגן תכלית. זאַלבעדריט האָבן מיר איינגעטיילט צווישן זיך צוויי פּאָרציעס ברויט און איינע אָפּגעשפּאָרט אויף אַ רעזערוו, אויב מען וועט אַמאָל נישט

אַרויסגעבן קיין ברויט, וואָס עס איז אָפט געשען. מיר האָבן טאַקע אין אַ געוויסער צייט אָפּגעשפּאָרט גאַנצע דריי שטיקלעך ברויט. אָבער ווו האַלט מען אַזאַ פּאַרמעגן? די הונגעריקע, נעבעך, האָבן נישט געקאָנט ביישטייען דעם נסיון, זעענדיק ביי עמעצן אַ שטיקל ברויט האָבן זיי עס צוגענומען ווען יענער איז געשלאָפן... אַנדערע, ווייניקער דרייס־טע, האָבן געבעטן אַ פּיצל. ווו צו האַלטן דאָס פאַרמעגן איז געווען נאָר איין אָרט, אונטער דעם אָרעם. דאָס שטיקל ברויט איז געווען גענוג קליין, מען האָט עס ממש נישט אַרויסגעזען. איך האָב טאַקע אויף דעם אופן געהיטן דאָס שטיקל ברויט. מ'האָט נישט לאַנג געדאַרפט וואַרטן, ס'איז געקומען דער שטראָפטאָג, ווען מען האָט איבערהויפּט קיין עסן נישט געגעבן. דע־מאָלט האָט טאַקע יעדער פון אונדז גענומען זיין זאַפּאַס. לײדער האָב איך מיך נישט געקאָנט באַצווינגען, ווייל מיין שטיקל ברויט איז געווען מיט בלוט און שמוץ פון דער אָפענער ווונד אונטערן אָרעם. איך האָב עס אַרומ־געקראַצט, אָפּגערייניקט און אַוועקגעגעבן. דאָס איז געווען איינמאָל, ווען איך האָב מיך אין אוישוויץ אָפּגעזאָגט פון עסן.

עס איז געווען דעצעמבער. די קעלטן זענען געווען אומגעווײנלעך. איך, כמעט אַ נאַקעטע, און מיין שוועגערין איך קורצן קליידל מיט גע־שוואָלענע פיס און קני־ווייטיקן. איין מאָל האָב איך געפונען אַ שטיקל שמאַטע לעבן דער טואַלעט, אַ טייל פון אַ שוואַרצן שירעם, די ברייט אפשר צען צענטימעטער און לאַנג, שמאָל און שפּיציק. מיר האָבן דאָס געברענגט ווי אַן אבן־טוב און איין קני איר פאַרבונדן. אַ „נס" מיט אַ צווייטער שמאַטע האָט אונדז געטראָפן ביי אַ משפחה־מיידל, דאָרע. זי איז דאָרט געווען שוין לאַנג. זי איז געגאַנגען צו אַן אַרבעט פון וואַנען זי האָט געבראַכט אַ שטיקל פון אַן אַלט העמד און דער שוועגערין כאָטש ביידע קני פאַרבונדן.

דורך די דראָטן צום מענער־לאַגער האָבן מיר זיך אַמאָל דורכגערעדט מיט אַ מאַן און יענער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט צו פאַרקויפן אַן אָנצוג פאַר אַ פּאָרציע ברויט. ער האָט אונדז אָנגעוויזן אַ ייִנגל וואָס גייט אַריין אין אונדזער לאַגער רייניקן די וועגן. ער וועט אונדז געבן דעם אָנצוג און מיר זאָלן אים געבן די פּאָרציע ברויט. אַזוי איז טאַקע געווען. די הויזן און דאָס רעקל זענען געווען צעפליקטע שטיקער שמאַטעס, פאַר אונדז איז

דאָס אָבער געווען אַ רעטונג. איך האָב אויף דעם אויבערשטן נאַקעטן קערפּער אָנגעטאָן דאָס רעקל און מײַן שוועגערין מיט די נאַקעטע פיס, האָט אָנגעטאָן די הויזן. ווי איבערראַשט זענען מיר געוואָרן ווען מײַן שוועגערין האָט געפונען אין אַ הויזן־קעשענע אַ חופּה־רינגל און אַ פּאָר גאָלדענע ציין. דער קרבן פון דעם אָנצוג האָט דאָס שוין נישט געדאַרפט. די זוכערס איז אפנים נישט אײַנגעפאַלן צו זוכן אין די טראַנטעס. מײַן שוועגערין איז געווען זייער אַ שרעקעוודיקע צו וועלן דאָס האַלטן. האָב איך עס געהאַלטן ביז בערגען־בעלזען.

## דער פראָנט ברעכט זיך אײַן – מען פירט אונדז קיין בערגען־בעלזען

דערווײַל איז דער רוסישער פראָנט געקומען נענטער. דעם דריטן קאַלך־אויוון האָבן די רוצחים שוין נישט פאַרראָכטן. אין אַ שפּעטן דעצעמבער־טאָג האָט מען אונדז ווידער גענומען אין אַ באָד, ווי זיי האָבן עס גערופן: „זאַונע". מען האָט אונדז געהייסן זיך אויסטאָן אין אַ זייער אַ גרויסער חורבה אָן פענצטער און אפילו אָן פענצטער־ראַמען. דער צוג־ווינט און די קעלט האָבן געריסן מוראדיק. יעדן מאָל זענען אַרײַנגעקומען גרופּן מערדער, זיך אָנידערגעשטעלט אונדז באַטראַכטן ווי מיר ציטערן פון קעלט. מיר האָבן זיך צוזאַמענגעדרענגט מיט די פּלייצעס אײנע צו דער אַנדערער, כדי זיך אַ ביסל אָנצווואַרעמען. די מערדער זענען געשטאַנען און געלאַכט, געמאַכט פאַרשידענע באַמערקונגען. אַזוי זענען מיר, אָן צו נעמען אַ באָד, אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצן טאָג ביז מען האָט אונדז געהייסן זיך אָנטאָן, זיי האָבן אונדז געפירט אין אַן אַנדערן באַראַק אַרײַן. דאָרט, אין דעם נײַעם באַראַק, האָב איך צווישן מיסט אַרויסגעשלעפּט אַ קינדעריש וואָלן צודעקל פון אַ בעטעלע. איך בין געוואָרן זייער צעטומלט, און זיך פאַרגעשטעלט דאָס יידישע קינד, וואָס איז געווען צוגעדעקט מיט אָט דעם צודעק. איך האָב עס גענומען און זיך מיט דעם אַרומגעוויקלט אויף מײַן לײַב אונטערן קלייד, כאָטש אַלע האָבן מיך געוואָרנט דאָס נישט צו טאָן.

איך האָב מיך אָבער שוין לאַנג אויפֿגעהערט זיך צו שרעקן. אוישוויץ האָט מיר אַוועקגענומען דעם גאַנצן ווילן פֿון ווייטערדיקן קאַמף פֿאַרן לעבן.

איינגעוויקלט זיך אין דעם קינדער־צודעקל האָב איך דערפֿילט אַ מחיה־דיקע וואַרעמקייט און אַ געפֿיל ווי איך וואָלט געהאַלטן אַ וואַרעמען לעבע־דיקן קינדער־גוף צוגעטוליעט צו מיין לייב. דאָס צודעקל האָט מיך אויך באַגלייט קיין בערגען־בעלזען.

אין דעם באַראַק ווי אין אַלע אַנדערע, האָבן מיר נישט געקראָגן קיין געגוג שיסלען אָדער בלעכענע פּושקעס פֿאַר דער זופּ. ווו מיר האָבן איצט געוווינט זענען פֿריער געווען פֿערדשטאַלן, וואָס זענען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַראַקן.ביים אַריינגאַנג איז געווען אַ שטיקל אָפּגעטיילט, ווו מען האָט די פֿערד־מכשירים, דאָרט איז געלעגן אַ צאָל גרויסע שיסלען. אין אַזאַ פֿערדישער שיסל האָט מען געגעבן די זופּ פֿאַר מענטשן, נאָר אָן אַ לעפֿל. אַ שיסל פֿאַר פֿינף מענטשן. האָט יעדער פֿון די פֿינף, לויט דער ריי, געגעבן אַ זופּ פֿון דער שיסל. אין דעם ערשטן באַראַק בין איך געלעגן ווייט פֿון די שיסלען. אין דעם צווייטן באַראַק איז מיר שוין אויסגעקומען צו זיין נעבן דער שיסלען־אָפּטיילונג... האָב איך ביינאַכט, ליגנדיק אין צרות אוןליידן, געהערט ווי די אומגליקלעכע, נעבעך, ווענען עס איז געווען קאַלט אַרויסצוגיין, האָבן באַנוצט די שיסלען פֿאַר זייערע מענטשלעך־ביאָ־לאָגישע באַדערפֿענישן... די שיסלען האָט מען קיינמאָל נישט געוואַשן. דעם נעכסטן טאָג האָט מען אונדז געגעבן די שיסל זופּ פֿאַר פֿינף. צו די פֿינף האָבן געהערט: איך, מיין שוועסטערין־טאָכטער, מיין שוועגעריך און נאָך צוויי. איך האָב געפּרוווט צו טרינקען אַ ביסל נישט אָנצורירן די ראַנדן פֿון שיסל, נאָר געגעבן אַ זופּ פֿון דער מיטן. דאָס איז מיר אָבער קנאַפּ געלונגען און איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו עסן מיטן אויסרייד, אַז איך בין קראַנק און קאָן נישט עסן. יעדער פֿון זיי האָט געהאַט אַ ביסל מער. איך האָב מיך נישט געקאָנט באַצווינגען צו עסן.

איך האָב זיי קיינמאָל נישט געזאָגט די סיבה צוליב וואָס איך האָב נישט געגעסן פֿון שיסל... דאָס איז געווען דאָס צווייטע מאָל אין אוישוויץ, ווען איך האָב מיך אָפּגעזאָגט פֿון עסן.

דערווײַל זענען די משחיתים אָנגעגאַנגען מיטן פֿאַרווישן די שפּורן און גרייטן אַרויסצופֿירן דאָס איבערבלײַבעכץ אין אַנדערע פֿאַרטיליקונגס־לאַ־גערן. אין יאַנואַר 1954, זענען די רוסן געווען אין אוישוויץ.

ענדע דעצעמבער האָט מען אונדז ווידער אויסגעשטעלט צום אַפּעל. נאָכן אָפּשטיין אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געטריבן געוואָרן צו דער באַן, ווו מען איז אַרײַנגעשטופּט געוואָרן אין וואַגאָנען. יעדער האָט באַקומען אַ גאַנץ ברויט. מיר זענען געווען איבערצײַגט, אַז דאָס געבן ברויט מיינט גאָרנישט, אַז דאָס איז בלויז כּדי אָפּצונאַרן, אין די וואַגאָנען איז זיכער דאָ גאַז אונדז אומצוברענגען. נאָר ווי עס זעט אויס, האָבן די דײַטשן אויף דעם קיין צײַט שוין נישט געהאַט. אונדזער רײַזע האָט זיך אָנגעהויבן מיט פֿאָרן אַ פּאָר מײַל און דערנאָך שטיין אַ נאַכט. דאָס ברויט האָט מען אַליין אײַנ־אײַנגעטיילט אין שטיקלעך. אויף ווי לאַנג? האָט קיינער נישט געוווּסט. ביים שטיין האָבן די רוצחים דערלויבט צוויי מאַן זאָלן אַראָפּ און אונטער אַ וואַך ברענגען עמערס וואַסער און געבן די פֿאַרשמאַכטע יעדן אַ ביסל. די צרה איז אָבער געווען גרעסער מיט די מענטשלעכע באַדערפֿענישן. אין יעדן ווינקל פֿון דעם פֿערדוואַגאָן איז געשטאַנען אַן עמער פֿאַר דעם צוועק. די ערשטע פּאָר טעג האָט מען געהייסן מען זאָל עס אויסגיסן ביי יעדער געלעגנהייט ווען דער צוג האָט זיך געשטעלט. ווען דער צוג איז געשטאַנען, האָבן די מערדער געעפֿנט די טירן כּדי זיך צו פֿאַרווײַלן איבער אונדז. זיי האָבן זיך אויסגעקליבן די שענסטע יונגע קינדער פֿון די וואַגאָנען, פֿאַרווײַלט זיך מיט זיי און זיי פֿאַרפּײַניקט. אין די לעצטע צוויי טעג איז שוין יעדער געווען רעזיגנירט און צו אַלץ גלײַכגילטיק. דער שמוץ און אָפּפֿאַל האָט פֿאַרגאָסן דעם גאַנצן וואַגאָן, ווו מיר זענען געזעסן אויף דער ערד. דאָס איבעריקע שטיקל ברויט וואָס איך האָב געהאַט איז געוואָרן נאַס און שמוציק. אַנדערע האָבן געהאַט דאָס זעלבע מזל, זיי האָבן נעבעך יאָ געגעסן. איך האָב אויך דאָס מאָל זיך צו דעם נישט צוגערירט. דאָס איז דאָס דריטע מאָל ווען איך האָב זיך נישט געקאָנט באַצווינגען צו עסן.

נאָך אַזעלכע ניין טעג, זענען מיר אָנגעקומען אין אַ ניי „גן־עדן". ב ע ר ג ע ן ־ ב ע ל ז ע ן. דאָרט האָט מען אונדז גראָד גלײַך ביים אָנ־קומען, אויסגעטיילט פֿאַרזשאַווערטע שיסלען מיט אַ לעפֿל. יעדער האָט

אָפּגעריסן אַ שטיקל — אַ בענדל פון קלייד, כדי צו קאָנען אויפהענגען די שיסל אַרום דעם גאַרטל. די שיסל האָט געהאַט אַן אויער דורך וועלכן מ׳האָט געקאָנט דורכציען דעם לעפל, אָפּהיטן עס פון פאַרלירן אָדער פון אַ גניבה.

# דער „גאָט פון אברהם" אין בערגען־בעלזען

יאַנואַר־פעברואַר 1945.

אַ שטימע, אַ פּנים — אַ לעבעדיקער מת מיט אויסגעלאָשענע אויגן־לעכער אין אַ שאַרבן־קאָפּ גייט מיר נאָך מיין גאַנץ לעבן און וועט מיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזן.

ס׳איז ווינטער, אפשר יאַנואַר צי גאָר פעברואַר 1945. עס איז אַ קאַלטער ווינטער, זיכער פאַר דער גאַנצער וועלט, אָבער דער עיקר פאַר אונדז.

אָנגעקומען אין לאַגער זענען מיר, דאַכט זיך, גראָד ענדע דעצעמבער. דער לאַגער איז געווען פול, און קיין אָרט איז פאַר אונדז נישט געווען. מיר האָבן געוואַרט ביז מען האָט געמאַכט פּלאַץ. נאָכן געפינען זיך איבער אַ וואָך פאָרן אין די לאַסט־וואַגאָנען, אַן ערך הונדערט אָדער מער פרויען אין יעדן וואַגאָן, וווּ מ׳איז געלעגן איינע אויף דער צווייטער אָן עסן און אָן וואַסער, האָט מען אונדז געבראַכט אויף אַ שטח, וווּ מען האָט גאָרנישט געזען נאָר מדבר. דער לאַגער איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ וואַלד. בלויז אויפגעשטעלטע לייוונטענע געצעלטן זענען געווען צוגעגרייט פאַר אונדז, אָן וואַסער, אָן טואַלעטן. וואַסער איז געווען צוגעפירט מיט אַ רער פון ערגעץ און מען האָט עס געלאָזט לויפן נאָר אין נאַכט־שעהן. פאַר אונדזערע באַדערפענישן זענען געווען אויסגעגראָבן סתם גריבער אין דער בלאָטיקער ליימיקער ערד. אינעווייניק, אין די געצעלטן, אויף דער ליימיק־בלאָטיקער ערד איז געווען אַ ביסל האָלץ־שניצעכטס.

אויפגענומען האָט מען אונדז מיט אויסטיילן פאַרזשאַווערטע שיסלען און לעפל. די ווינטן, שניי און רעגנס, זענען געווען אין לשער, ביז איין מיטן אַ געוויסער נאַכט, האָט דער ווינט צוזאַמענגעבראָכן די געצעלטן,

מ׳איז געבליבן אונטערן פרײַען הימל. עס זענען געווען פיל פאַרוווּנדעטע און טויטע. איך בין דאָס מאָל געווען מיט אַ הויכן פיבער און אַ האַלדז־אַנטצינדונג. די הילף־וואַך וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן האָט אונדז אַרײַנגעטריבן אין אַ צווייטן לאַגער.

מען האָט אונדז צוזאַמענגעטריבן אין אַ זייער גרויסן געצעלט, אַ גוט־באַפעסטיקטער, ווו עס האָבן זיך געפונען פאַרשידענע מאַשינען, זייער גרויסע קעסלען און אַנדערע מכשירים. דאָרט האָט מען אונדז געהאַלטן אַ פּאָר טעג ביז ס׳איז פרײַ געוואָרן אַ פּלאַץ אין באַראַקן, דאָס הייסט — נאָכן ליקווידירן די אַנדערע, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען פריער. דאָס זענען געווען באַראַקן אָן פענצטער, נאַרעס בײַ דער וואַנט. מיר האָבן עס גערופן — ערשטער, צווייטער און דריטער שטאָק, — אַ ביסל האָלץ־שפּײַ־לעכטס אויף די ברעטער. די „שטאָקן״ זענען געווען זייער נידעריק, אַז אויפזעצן זיך אויף די קויקעס האָט מען נישט געקאָנט, נאָר מען האָט זיך אַרײַנגערוקט ליגנדיק. עסן האָט מען געגעבן איין מאָל אין טאָג, אַ ביסל וואַסער־זופּ און אַ פּאַרציע ברויט, אַ האַלב צענטימעטער דיק. אין דעם לאַגער איז געווען אַ טואַלעט, און וואַסער אין טואַלעט נאָר צווישן 1 און 4 בײַנאַכט. דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון פאַרניכטונג, אָן גאַז און אָן שיסן, אָבער ס׳האָט זייער גוט געקלאַפּט לויטן פּלאַן. אַ פּאָר הונדערט פרויען אין יעדן באַראַק, ליגנדיק און וואַרטנדיק אויף דעם טויט, האָבן זיך נישט געקאָנט רירן פאַר די בייטיקסטע ביאָלאָגישע באַדערפענישן. דער לאַגער איז נאָך אַלץ געווען אַן א י ב ע ר ג אַ נ ג ס ־ ל אַ ג ע ר.

עס האָבן זיך אָבער געפונען געוויסע עקשנים און איך צווישן זיי, און מיט געוואַלט געמונטערט און גערופן צום לעבן. נאָך וואָס? סתם אַזוי, צו להכעיס דעם שונא. מען איז געגאַנגען פון איינער צו אַ צווייטער — געוועקט, דערציילט נישט געשטויגענע מעשיות, געהאָלפן אַראָפּקריכן פון די נאַרעס און אײַנגערעדט אַרויסצוגיין אין דרויסן אויף דער לופט. — עס איז וואַרעמער אין דרויסן — האָב איך געזאָגט און איבערצייגט מײַנע חברות לצרה, אַז אונדזערע לונגען דאַרפן פרישע לופט, אַ ביסל לופט קאָן אונדז העלפן. איך האָב אויך אויפגעקלערט, אַז ווען מיר וועלן צוריק אַרײַנקומען, וועט זיך אונדז דאַכטן אַז עס איז אינעווייניק וואַרעמער. איך

האָב צוזאַמענגענומען אַ פּאָר פרויען, וועלכע האָבן זיך באַמיט מיר צו גלויבן און געוואָלט לעבן. מיר זענען יעדן טאָג מיטאָג־צייט, אַרויס אין דרויסן און, אָנהאַלטנדיק זיך איינע אָן דער צווייטער, אַ ביסל זיך דורכ־געגאַנגען און צוריק אַריין אין לעבעדיקן גרוב.

גייענדיק אַמאָל מיט אַ פּאָר פרויען האָט מיין אויער אויפגעכאַפּט עפּעס אַ קול; איך האָב זיך לאַנג צוגעהערט און זיך געוואָלט דערמאָנען וואָס דאָס איז. בין איך אפשר משוגע? אפשר דאַכט זיך מיר בלויז אויס? אָבער ניין, איך הער בפירוש זאָגן „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב״. און אַזוי ווייטער און ווייטער.

עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ ציטערניש און ווען אַלע זענען אַריין אין באַראַק האָב איך זיך געלאָזט נאָך דעם קול. איך האָב אין דעם גאַנג דורכ־געלעבט, אין מיינע מחשבות, מיינע קינדער־יאָרן אין מיין עלטערנס הויז; דעם שבתדיקן בין־השמשות; די מאַמע האַלט מיך אויף איר שויס און זאָגט דעם זעלבן „גאָט פון אברהם״, מיט דעם זעלבן היימישן אומעטיקן ניגון. שפּעטער, איך בין שוין פינף אָדער 6 יאָר אַלט און איך זאָג מיט מיין מאַמען יעדעס וואָרט... איך בין געווען אין די פּאָר מינוט אין אַ פאַרכי־שופטער וועלט. איך קום טאַקע צו צו אַ באַראַק, ווו איך זע דורך דעם אויסגעהאַקטן פענצטער, אַז אויף דעם דריטן שטאָק, דאָס הייסט — אויף דער העכסטער נאַרע אויבן, קוקן אַרויס אַ פּאָר אויסגעלאָשענע אויגן פון טיפע לעכער, אַ פּנים פון אַ סקעלעט, די אויגן קוקן גלייך אין דעם שטיקל הימל אַריין, וואָס מען האָט געקאָנט זען פון דאָרט. אפשר האָט זי געקוקט און געזוכט צי די שטערן באַווייזן זיך שוין און זי האַלט אין איין זאָגן: „...קומען זאָל אויף אונדז אַ געזונטע וואָך; אַ פּרנסהדיקע וואָך; אַ מזלדיקע וואָך; אויף מיר, מיין משפּחה און כלל ישראל. אָמן״!

איך האָב אַ לאַנגע צייט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. שפּעטער בין איך אַריינגעגאַנגען אין דעם באַראַק. פריער פון דרויסן זיך געמאַכט אַ צייכן, אָפּגעציילט לעבן וועלכן פענצטער, און זיך קוים דורכגעשטופּט אַהינצו. אַזוי ווי אין אַנדערע באַראַקן איז מען דאָרט געלעגן איינע אויף די אַנדערע. איך האָב געפונען די פרוי און זי אַ צי געגעבן ביים פוס, ווייל

אַרויפדראַפּען זיך דאָרט האָב איך קיין כוח נישט געהאַט. זי האָט געלאַסן אויסגעדרייט זיך מיטן פּנים צו מיר.

— איר האָט געזאָגט אַזוי שיין „גאָט פון אברהם״ — האָב איך געזאָגט. איר ענטפער איז געווען:

— גאָט דאַרף מען לויבן, ווי מען זאָל נישט זיין! און אויב עס איז שוין פאַר אונדז קיין הילף נישטאָ — האָט, נעבעך, די פאַרצווייפלטע אויס־גערופן — זענען נאָך אויף דער וועלט דאָ יידן און זיי דאַרפן דאָך אויך אַ גוטע וואָך...

איך האָב איר געדאַנקט און געזאָגט, אַז אַ דאַנק איר האָב איך אויס־געפונען, אַז הייַנט איז שבת, און אַז די נאָענטסטע וואָך וועל איך קומען צו איר, איך וויל מיט איר זאָגן כאָטש נאָך איינמאָל דעם „גאָט פון אברהם״. איך האָב זי געפרעגט, ווי אַזוי ווייסט זי ווען עס איז שבת? — האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי איז אַן אונגאַרישע און איז בלויז אַ פּאָר וואָכן אין לאַגער, און זי איז זייער אַ פרומע. זי מאַכט זיך יעדן טאָג אַ צייכן מיט אַ קניפּ אין איר שמאַטע־קלייד.

איך בין דעם צווייטן שבת פאַרנאַכט געקומען צו דער פרוי. אָבער אויף דעם אָרט איז שוין געלעגן אַן אַנדערע. דאָס קול האָט מען שוין מער נישט געהערט, עס איז פאַרשטומט געוואָרן דאָס זאָגן „גאָט פון אברהם״, אָבער אין מיר לעבט עס און איך וויל, אַז עס זאָל אין מיר קיינמאָל נישט איינגעשטילט ווערן...

# די מיל־גרובע קאָמאַנדע

בערגען־בעלזען, פעברואַר 1945.

דאָס ערגסטע אין לאַגער איז געווען — דאָס ליגן אויף דער בלויזער ערד, איינער אויף דעם אַנדערן און וואַרטן אויף דעם אויסלייזער — דעם טויט. הונגער און דורשט האָבן געבראַכט טיפוס־קראַנקייטן, כאָלערע און דאָס ווערן לעבעדיקערהייט אויפגעגעסן פון די ווערעם. מען האָט מקנא געווען די אַלע, וואָס זענען שוין אָפּגעקומען מיט אַנדערע מיתות־משונות.

אַמאָל האָט מען אויסגעקליבן אַ פּאָר הונדערט צו אַן אַרבעט און איך מיט מיין שוועסטערן־טאָכטער זענען געווען צווישן די גליקלעכע געגומען צו ווערן צו דער אַרבעט. איך בין געשיקט געוואָרן אין דער „גערעטע־קאַמער", דאָס הייסט אַ פּלאַץ, וווהין מען האָט געבראַכט צופירן פאַרשידענע זאַכן וואָס זיי האָבן צוגערויבט אין אַנדערע לענדער, ווי אויך די זאַכן וואָס מען האָט צוגענומען ביי די קרבנות.

אין די לאַגערן זענען געווען פאַרשידענע מאַגאַזינען מיט טייערע מעבל, טעפּיכער און אַנדערע ווערטפולע חפצים. אין פאַרשידענע אָפּטיילונגען זענען סאָרטירט געוואָרן אַלערליי קעגנשטאַנדן, ווי אויגן־גלעזער, ציין־בערשטלעך, קעמעלעך צו האָר, רענצלעך און רייזע־טאַשן, גרויסע און קליינע, פון ביליקע ביז די טייערסטע לעדערנע, וואַליזעס, אומגעהויערע מאַסן מיט אויבערשטע שיך־טיילן (די זוילן זענען אַרונטערגענומען גע־וואָרן פאַר אַן אַנדערן צוועק), אויבערטייילן פון שיך, שטיוול, שניי־שיך און קינדער־שיכלעך, רויטע, ווייסע, ברוינע... ביי יעדן אונדזערן באַריר אין די זאַכן האָבן מיר געפילט דעם אָטעם, דאָס צאַפּלען זיך, ווי זיי וואָלטן זיך געקלאָגט אויף זייער גורל... איך האָב מיר גענומען אַ פּאָר אויגן־גלעזער, אַ צאָן־בערשטל, אַ קאַם און אַ קינדער־שיכל, אין מיין בוזעם אַריין. זיך

איינגעשטעלט דאָס לעבן און געוואָלט האָבן די לעבעדיקע עדות, אפשר אַמאָל...

ליידער זענען געווען באַראַקן־עלטסטע וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען דורכצוקוקן די נאַרעס און אַרויסוואַרפן וואָס מען האָט נאָר געהאַט. כאָטש עס איז מיר געלונגען דאָס דורכשמוגלען פון דער אַרבעט אין באַראַק.

מיין שוועסטערן־טאָכטער איז געווען צוגעטיילט צום רייניקן דאָס מיסט ביי די באַראַקן ווו מען האָט געקאָכט. אין דער קיך, לעבן וועלכער מיר האָבן געאַרבעט, האָט מען געקאָכט פאַר 24,000 מענטשן. מיר האָבן אויך גענומען דאָס מיסט פון דער זאַנע, ווו מען האָט צוגעגרייט דאָס עסן פאַר ס.ס.־לייט. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַרויפלייגן דאָס מיסט אויף אַ גרויסן וואָגן און מיר, פיר און צוואַנציק פרויען, האָבן אָנשטאָט פערד, גע־שלעפט דעם וואָגן. זעקס ביים דישל, זעקס האָבן געשטופט פון הינטן און זעקס פון יעדער זייט וואָגן האָבן געהאָלפן שטופן. געהייסן האָט די גרופע „מיל־גרובע־קאָמאַנדע", ווייל אַ פאָר קילאָמעטער פון לאַגער איז אַמאָל געווען אַ מיל; די ערד איז דאָרט געווען ליימיק און דאָס ליים וואָס מען נוצט צום בויען האָט מען דאָרט גענומען צענדליקער יאָרן לאַנג, אַזוי אַז אויף אַ ריזיקן שטח האָט זיך געשאַפן אַ שרעקלעך גרויסע גרוב. דאָרט האָט מען אַריינגעוואָרפן דאָס לאַגער־מיסט כדי אויסצופילן די גרוב; פון דאַנען דער נאָמען „מיל־גרובע־קאָמאַנדע".

מיט אונדזער קאָמאַנדע איז מיטגעגאַנגען אַן ס.ס.־פרוי, ווייל דאָס האָט זיך געפונען אויסער דעם לאַגער. די גרופע איז באַשטאַנען מייסטנס פון קריסטלעכע פוילישע מיידלעך, וועלכע מ'האָט אויסגעכאַפּט אויף די וואַר־שעווער גאַסן און אַ פּאָר יידישע אונגאַרישע מיידלעך, וועלכע האָבן געקענט זייער ווייניק יידיש, גערעדט בלויז אונגאַריש. מ'האָט געפרעגט ביי אונדז ווער עס קען דייטש? די לאַגער־עלטסטע האָט אויפגעקלערט, אַז דאָס מוז זיין כדי צו מעלדן ביים אַרויסגיין צו דער אַרבעט אויסערן לאַגער. ביי דעם טויער, ווו עס איז פון דער צווייטער זייט געשטאַנען אַ קליין הייזקעלע, איז געזעסן אַ שאַרפירער, און צו אים האָט מען געמוזט מעלדן וועגן דער אַרבעטס־קאָמאַנדע. זייער ליסטע איז געווען די 15־טע. האָט מען ביים דורכגיין געמוזט מעלדן: „מעלדע געהאָרכזאַם, קאָמאַנדע 15, מיל־

גרובע מיט 24 מאַן". דאָן האָט אַן ס.ס.־מאַן אונדז געציילט, סאַלוטירט צו דער ס.ס.־פרוי און איר געגעבן די קאָמאַנדע־מענטשן. זי האָט אונדז גע־פירט צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט מיט דער זעלבער צערעמאָניע אונדז אַריינגעלאָזט אין טויער.

די אַרבעט, 12 שעה, איז געווען אַן אוממענטשלעכע. מען האָט אָבער אַמאָל דאָרט געפונען אַ פאַרפוילטע קאַרטאָפל־שאָלעכץ, וואָס מען האָט גיריק אויפגעגעסן כדי דאָס חיות צו דערהאַלטן. די קאָמאַנדע האָט געקראָגן די פאָרציע זופּ אויפן פלאַץ ווו מען האָט געאַרבעט יעדן מיטן טאָג. אין די באַראַקן האָט מען דאָס ערשט געקראָגן ביינאַכט. די פאָרציע ברויט, אַ פינ־גער די דיק, האָבן מיר געקראָגן ערשט ביינאַכט אין באַראַק, אויב מ'האָט בכלל געגעבן ברויט, ווייל מייסטנס האָט מען דורך פאַרשידענע שטראָפן, נישט פאַרדינטע, נישט געגעבן קיין ברויט. צום ביישפיל: אַמאָל האָבן די רוסישע פרויען, זיי זענען געווען פיל אין בעלזען־בערגען אויף אַן אַנדער פעלד פון אונדזערן, זיך דאָרט אַריינגעריסן אין דער ברויט־קאַמער, ווו מען האָט געהאַלטן דאָס ברויט פאַר דעם לאַגער און זיי האָבן אַרויסגענומען אַ פאָר ברויטן. דעמאָלט האָט דער גאַנצער לאַגער אַ פאָר טעג איבער־הויפּט נישט געקראָגן קיין עסן — נישט קיין זופּ און נישט קיין ברויט. שפּעטער האָבן די דייטשן אויסגעקלערט פאַרשידענע אַנדערע „פאַרברעכנס" און מען האָט ווידער נישט געגעבן קיין זופּ אָדער קיין ברויט, אין פיל פאַלן ביידע נישט. זיי האָבן אַפילו צוגעמאַכט דאָס וואַסער. אין אַזעלכע טעג האָבן קיין קרבנות נישט געפעלט.

איך און מיין שוועסטערן־טאָכטער, סאַבינע מיט מיין שוועגערין רענאַ, האָבן ווידער געמאַכט פּלענער ווי אַזוי צו לעבן „שפּאָרזאַם" און עסן מיט אַ געוויסן חשבון. האָבן מיר צוזאַמען געהאַט דריי פאָרציעס ברויט, האָבן מיר איין פאָרציע צעטיילט אין שטיקלעך און געגעסן אין אָוונט; איין פאָרציע אין דריי, געגעסן אינדערפרי, און איין פאָרציע געהאַלטן אין זאַפּאַס, אפשר קריגן מיר מאָרגן גאָרנישט. איך, די עלטסטע, האָב געפירט די באַלעבאַטישקייט — איינגעטיילט דאָס עסן און מיין שוועגערין געגעבן איר ערלעך חלק, נאָר מיין שוועסטערן־טאָכטער האָב איך יעדן מאָל געגעבן אַ שטיקעלע מער פון מיין חלק, ווייל איך האָב נאָר געציטערט איבער איר,

אַ יונג קינד, זי זאָל נאָר קאָנען אויסהאַלטן. דאָס אונטערלענען זיך דאָס האַרץ ביי דער אַרבעט, ביים אַרויסגעוואָרפענעם מיסט, איז געווען זייער וויכטיק. איז דאָך גאָט אַזאַ גוטער און „העלפט“, אַז מיין פלימעניצע ווערט קראַנק אויף טיפוס.

איצט וויל איך זאָגן וועגן מיין אַרבעט אין דער „גערעטע־קאַמער“. מיר האָבן ווי טרעגערס שווער געאַרבעט ביים טראָגן מעבל, בעטן. אוישוויץ איז געווען עוואַקואירט, מען האָט אַלץ מער און מער געבראַכט קיין בערגען־בעלזען האַלבע און גאַנצע טויטע. מיט זיי איז אויך געקומען דאָס אוי־שוויצער גיהנום צוזאַמען מיט אַלע אירע רוצחים און דעם קאָמענדאַנט קרעמער, אירמאַ גריזער און אַלע אַנדערע. מיר, פון דער „גערעטע־קאַמער“ האָבן געשלעפט דאָס מעבל, בעטן, אָנגעשטופּט די שטרוי־זעק און באַזאָרגט אין זייער לאַגער, ווו מיר האָבן פאַר זיי און זייערע קוואַרטירן אַלץ איינ־געאָרדנט. מען האָט אונדז אויך געלאָזן נעמען זייף פאַר די אַלע זייערע ווינונגען. אַמאָל איז מיר געלונגען אַריינצוואַרפן אין בוזעם אַ שטיקל זייף (זיי האָט מען נישט געגעבן קיין ר.י.פ.־זייף, וואָס מיינט „ריין יידישע פעטס“).

אין דעם באַראַק ווו מיר זענען געווען, זענען געווען רוסישע פרויען, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי חזירים־צוכט פאַר די באַדערפעניש פון די מערדער. די פרויען האָבן געקאָכט פאַר די חזירים די שלעכט־געוואָרענע אָדער קאַרטאָפל־שאָלעכטס. האָט מיר אַ רוסישע פרוי געבראַכט אַ ביסל חזירישן עסן פאַר אַ שטיקל זייף. מיט דעם עסן האָבן מיר זיך אַלע דער־קוויקט. ליידער האָט זיך דאָס געטראָפן נאָר איין מאָל, ווייל נעמען עפעס פון דאָרט האָט באַדייט אַ זיכערער טויט, אויב מען וואָלט עס געפינען ביים טויער בעת אַ רעוויזיע, וואָס פלעגט פאָרקומען אומגעריכטערהייט. אָבער די איינשטעלעניש האָבן אויפגעהערט צו זיין ביי מיר אַ פראָבלעם, ווייל ווער האָט דען געקלערט פון קאָנען אָדער וועלן בלייבן לעבן? מען האָט געוווסט, אַז מען מוז אומקומען. און אויב לעבן, איז פאַר וועמען?

מיינע געדאַנקען האָבן מיך געטאָטשעט ווי אַ וואָרעם. איך האָב נישט געהאַט קיין כוח צו האָבן די האָפענונג, אַז מיינע קינדער, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט אין אַ וואַלד־גרוב קאָנען בלייבן לעבן. דאָס איז געווען די גרעסטע פיין פאַר מיין נשמה און גייסט.

איך האָב זיך אין מיינע מחשבותן אויסגעטענהט מיט גאָט: — דו האָסט אומגעבראַכט אַלץ וואָס איז יידיש אויף אַזאַ גרויזאַמען אופן און דורך די טמאים, בעט איך דיך, רעכן נישט אַריין מיינע קינדער און נאָך אַלע אַנדערע, אין דעם אומגליקלעכן יידישן כלל. זיי לעבן ווי אַ שארית און אַ צייכן, אַז עס האָט אַמאָל עקזיסטירט אַ פאָלק, וואָס האָט דיר גראָד יאָ טריי געדינט, און אָפּגעהיט דיינע געזעצן. נאָר וואָס קומט אַרויס...

אזוי ווי מיין שוועסטערן־טאָכטער איז געוואָרן קראַנק אויף טיפוס און ס'איז גלייך נישט געווען קיין אַנדערע אויף איר אָרט אַרויסצוגיין מיט דער קאָמאַנדע (קיין נאָמען אָדער אַ נומער האָט מען שוין דאָרט נישט געהאַט) האָב איך באַשלאָסן צו גיין אויף איר פּלאַץ און צו מיין אַרבעט נישט גיין. זי האָט מיר איבערגעגעבן ווי אַזוי איך דאַרף מעלדן ביים אַרויסגיין. קיינער, די ס.ס.־פרוי אָדער אַנדערע, האָבן נישט געפרעגט פאַר־וואָס עס קומט אַ צווייטע. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז יענע איז זיכער טויט. אויף מיין פּלאַץ, צו דער „גערעטע קאַמער", האָב איך געוואָלט, אַז מיין שוועגערין זאָל גיין, ווייל ליגן אין באַראַק איז דאָס ערגסטע. זי האָט אָבער נישט געוואָלט, זי האָט זיך געפילט זייער שוואַך, אַזוי, אַז אַן אַנדערע באַקאַנטע איז געגאַנגען אויף מיין אָרט.

איך בין געגאַנגען מיט דער „מיל־גרובע". די גרוב האָט זיך אָנגע־פילט און מען האָט גענומען דאָס מיסט אויף אַן אַנדער ווייטן שטח, ווו עס זענען געווען די גריבער מיט קאַרטאָפל און קאָרפּיעלעס פאַרן ווינטער. די קאַרטאָפל זענען געווען פאַר די רוצחים און די חזירים און די קאָר־פּיעלעס פאַר אונדזערע זופּן. מיר האָבן איצט אויסגעפירט צוויי אַרבעטן: דאָס פירן דאָס מיסט אַהין, און דאָס פירן צוריק אין לאַגער די אַרויסגע־נומענע פון די גריבער קאַרטאָפל און קאָרפּיעלעס. דאָס איז געווען אַן אמתע עבודת־פרך. מען האָט אונדז געהיטן נישט צו עסן אַ רויען קאַר־טאָפל, אָבער אַ גנב קאָן מען נישט איינהיטן, איבערהויפּט, ווען דאָס לעבן איז אַ לאַסט און דער הונגער דרייט די געדערים.

גייענדיק צו דער „מיל־גרובע" האָב איך דערזען דערנעבן דאָס קרע־מאַטאָריום, פון וואַנען מיר פלעגן אין לאַגער זען אַ רויך, נישט וויסנדיק

פון וואַנען ער קומט. איין מאָל האָב איך געזען אַ בילד, וואָס מען פאַר־געסט נישט אַ לעבן לאַנג. און דאָס דאָזיקע בילד שרייט און מאָנט און פאַר־פאָלגט: — שריי צו דער וועלט! דערצייל!...

דער מענער־לאַגער איז געווען אויף דער אַנדערער זייט איבער דעם הויפּטוועג. מיר, שלעפּנדיק דאָס מיסט מיט דעם הויפּטוועג, האָבן געזען די מענער־מתים. דאָס, וואָס איך האָב געזען, איז געווען דאָס שוידערלעכסטע. אַנדערע האָבן דאָס אפשר נישט געזען.

אַ מאַן האָט זיך מיט עפּעס פאַרשולדיקט, אפשר נישט געשטאַנען גלייך ביים אַפּעל צוליב שוואַכקייט. האָט מען געגעבן אַ באַפעל, צו צוויי מענער און זיי האָבן דעם מאַן געשלעפּט ביי די פיס מיט דעם הויפּטוועג. זיין קאָפּ איז געלעגן אויף דער ערד. דער מאַן האָט נאָך געלעבט; דער וועג איז געווען אַ שטיינערדיקער און ביי יעדן שריט וואָס די מענער האָבן געמאַכט האָט אָפּגעהילכט דאָס קלאַפּן מיט דעם קאָפּ פון דעם מאַן אויף דעם שטיי־נערנעם וועג.

ער איז געווען כמעט טויט ווען מען האָט אים דערשלעפּט צום קרע־מאַטאָריום, און איך האָב געזען ווי מען האָט אים אַריינגעלייגט אין אויוון־שופלאָד. (איך האָב אַ בילד פון אַזאַ אויוון־שופלאָד).

דאַן האָב איך שוין געפירט דאָס מיסט אויף די נייע שטחים און געזען פון דער ווייטנס ווייסע הייזער. דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב דערזען, אַז דער לאַגער מוז זיך געפינען נישט ווייט פון אַ ווין־אָרט. (דאָס איז געווען דער שפּעטערדיקער לאַגער פון דער שארית־הפליטה נאָך דער באַפרייאונג).

דערווייל האָבן מיר ביי דער אַרבעט, בגניבה, אָפּגעביסן אַ שטיקל רויען קאַרטאָפל וואָס מיר האָבן אַרויסגענומען פון די גריבער, כאָטש איך האָב יעדעס מאָל געכאַפּט פּעטש פון דער ס.ס.־פרוי, ווען זי האָט באַמערקט, אַז עמעץ פון דער קאָמאַנדע עסט אַ שטיקל קאַרטאָפל. זי האָט אויף אונדז אַכטונג געגעבן, און נאָך ווי אַכטונג געגעבן!

די פּעטש זענען מיר געקומען, ווייל נאָר איך האָב פאַרשטאַנען איר פאַרשאָלטן לשון און איך האָב באַדאַרפט די אַנדערע אויפקלערן דאָס נישט צו טאָן. איך האָב זיי באַרואיקט, די קינדער, זיי זענען טאַקע געווען בלויז

יונגע קינדער און זיי געזאָגט, אַז עס זאָל זיי נישט אָנגיין וואָס זי שלאָגט מיך, נאָר זיי זאָלן בעסער אַכטונג געבן מען זאָל זיי נישט כאַפּן. זיי האָבן אויך אַרײַנגעלייגט אַ קאַרטאָפל צו ברענגען „אַהיים", פאַר עמעצן אין לאַגער. דאָס איז שוין געווען געפערלעך, ווײַל די דײַטשן האָבן געמאַכט ביים טויער שטיך־פּראָבן און געזוכט.

די ס.ס.־פרוי, אַליין אַן עלטערע מכשפה, האָט זיך געשראָקן פאַר איר אייגענער הויט. אויך איר איז דאָס לעבן שוין מיאוס געוואָרן אין די לאַ־גערן. עס זענען געווען גאַנצע מחנות יונגע ס.ס.־פרויען און די אַלטע זענען געווען פאַרביטערט און פול מיט האַס צו אַלעם. זיי זענען נישט געווען צופרידן מיט זייער מערכה. איינמאָל איז צו מיר געקומען די ס.ס.־ פרוי און מיר געזאָגט איך זאָל וויסן, אַז היינט וועט זיכער זיין אַ רעוויזיע, איך זאָל דאָס דערקלערן די קינדער. זאָגן דאָס צו די פוילישע, האָב איך נאַטירלעך נישט געהאַט קיין שוועריקייטן, אָבער וואָס טוט מען מיט די אונגאַרישע? געוווּסט האָב איך פון הערן, אַז זיי רופן אַן קאַרטאָפל — קרעמפּיר. און איך האָב זיי געזאָגט: היינט נישט קרעמפּיר! און זיי געוויזן און געגעבן צו פאַרשטיין אַז מען וועט היינט זוכן. זיי האָבן מיך אָבער נישט געהערט און האָבן יאָ גענומען. ביים גיין אַהיים האָט מען אונדז געגעבן די זופּ און איך האָב געזאָגט צו די קינדער, אַז פאַרזיכטיקייט קאָן נישט שאַטן. מיר זאָלן די זופּ נישט עסן נאָר דאָס מיטנעמען אין באַ־ראַק, וואָס מען פלעגט אַמאָל טאָן, און דאָס קאָן אונדז ראַטעווען. אויב מיר וועלן זען, אַז ביים טויער רעווידירט מען די פריערדיקע קאָמאַנדעס פאַר אונדז זאָל יעדער וואָס האָט אַ קאַרטאָפל, איך אַליין האָב אויך געהאַט איינעם, אַריינוואַרפן אים אין דער זופּ. אַזוי איז טאַקע געווען. מיר האָבן די רויע קאַרטאָפל אַרייַנגעוואָרפן אין טעפּל זופּ, און מען האָט ביי אונדז גאָרנישט געפונען.

אַמאָל, אַרויסגייענדיק פון לאַגער, מיט דעם געלאָדענעם וואָגן מיסט, האָב איך געזען ווי פון מענער־לאַגער האָט מען אַרויסגעפירט טויזנטער מענער, כמעט שקעלעטן. איך בין געווען זיכער, אַז מען וועט זיי אויס־שיסן אין וואַלד. אָבער אין צוויי טעג שפּעטער האָב איך געזען אפשר אַ צענטל פון זיי צוריקפירן אין לאַגער אַריין. איך האָב געהערט, אַז מען האָט

זיי גענומען צו אַ „טויט־מאַרש", זיי זאָלן זיך איינברענגען שיס־מאַטער־יאַל. די קרעמאַטאָריע דאָרט איז געווען צו קליין, האָט מען זיי געפירט אין דער שרעקלעכער קעלט. ביז 90 פּראָצענט זענען געפאַלן אויף די וועגן.

נאָך דעם צווזען דאָס צוריקברענגען דאָס רעשטל טויטע בין איך געשטאַנען ביים אַנלאָדן דאָס מיסט זייער אַ צעבראָכענע. קיין טרערן צו וויינען האָב איך שוין נישט געהאַט. די היטערין אונדזערע איז געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ געבנדיק אַכטונג אויף אונדז. איך בין צו איר צוגעגאַנגען אָן יעדן צוגרייטן זיך דערצו און האָב זי געבעטן זי זאָל מיר געבן אַן ענטפער אויף אַ פראַגע: צי האָט זי געזען וויפל מענער עס זענען איבערגעבליבן פון דעם „טויטן־מאַרש?" און צי עס איז אין דייטשלאַנד אַ מאַנגל אין שיס־מאַטעריאַל, כדי זיי אַלע אויסצושיסן אויפן אָרט, דאָס וואָלט דאָך איינגעברענגט פלאָג אויף זייערע אייגענע מענטשן — האָב איך געזאָגט. דער ענטפער איז געווען פעטש און זידלערייען: — דו יידיש אינטעליגענט געזיכט, איך האָב באַלד געזען, אַז דו ביסט צו געשייט... זאָלסט נאָר דאָס נאָך איין מאָל וואַגן...

אַרויסנעמענדיק מיסט פון די מאַגאַזינען, ווו מען האָט פאַר די באַנדיטן צוגעגרייט פליישן און גרינצייג (ביי דעם האָבן געאַרבעט די דייטשע העפטלינגע, די ביבל־פאַרשערינס, אויך אַ געוויסע צאָל האָלענדישע פרויען און מענער) האָבן מיר איינמאָל צווישן די פעסער געפונען אַן „אוצר". פון אַ בהמה, וואָס מען האָט אינעווייניק צורעכט געמאַכט, האָבן מיר געטראָפן שטיקער פון די האַלדז־רערן מיט שטיקלעך לונג אַרום, מיט פריש בלוט. מיר האָבן זיך אויף דעם געוואָרפן ווי אַ מחנה הונגעריקע וועלף. יעדע פון אונדז האָט געריסן שטיקלעך און אַרויסגענאָגט דאָס פרישע בלוט פון דעם אָפּפאַלעכץ. אונדזער אויפזעערין האָט דאַן צופעליק גערעדט מיט אַ צווייטע, איז אונדז אַן אומגליק געשען: אירמאַ גריזער מיט נאָך צוויי ס.ס.־מער־דערינס, זענען דורכגעגאַנגען און דאָס דערזען. אירמאַ גריזער איז צוגע־שפּרונגען צו אונדז ווי אַ וואָלף צום פאַרצוקן. די דערשראָקענע קינדער זענען נעבעך געבליבן אָן לעבן און נישט געקאָנט ענטפערן. איך האָב מיך אָנגערופן, אַז נאָר איך פאַרשטיי דייטש. איר ענטפער איז געווען אָן ווער־טער, זי האָט אַרונטערגענומען דעם לעדערנעם רימען פונעם אוניפאָרם,

און מיט דעם מעשענעם שלאָס מיך געשלאָגן אין פּנים און קאָפּ. איך בין געפאַלן כמעט טויט. די אונטערשטע ליפּ איז געווען געשפּאָלטן, איין צאָן אויסגעהאַקט, איינער צעבראָכן, אַלע אַנדערע ציין אין דער לינקער זייט, צעבלוטיקט און געשאָקלט און דער קאָפּ און דאָס פּנים צעהאַקט.

אויף דער ליפּ בין איך געוואָרן אָפּערירט אין לבנון־שפּיטאָל אין ניו־יאָרק. אַלע ציין האָב איך געמוזט אַרויסשלעפּן. אין קאָפּ לייד איך שטענדיקע ווייטיקן וואָס וועלן שוין קיינמאָל נישט אויפהערן.

נאָך דעם האָט זי צוגערופן די אויפזעערין, וועלכע איז געווען פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר אונדזער גרופּע, האָט אויף איר אָנגעשריען און איר געזאָגט, אַז זי גייט אין לאַגער אויף אַן אינספּעקציע און האָט שוין אָנגעט־טראָפן פיל נאַכלעסיקייטן. זי וואָרנט זי אויך און אַז ביים טויער זאָל זי זיך מעלדן מיט אונדז צום אָפיציר אין דינסט, ווו זי וועט שוין געבן אַן אויפטראַג וואָס צו טאָן מיט די שולדיקע. מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט, וואָס עס דער־וואַרט אונדז.

ביים גייען אַהיים האָבן מיר שוין געזען אפשר נאָך אַ 20 פרויען אַוועק־געשטעלט אין אַ זייט און געוואַרט ביז אַלע אַרבעטס־קאָמאַנדאָס וועלן דורכגיין, כדי אַרויסצונעמען פון זיי די שולדיקע. גענומען האָט מען נאָר די, וועלכע האָבן געמאָלדן צום שאַרפירער זייער קאָמאַנדאָ. קיין קאַפּאָס אָדער פאָראַרבעטער ווי אין אַנדערע לאַגערן, איז דאָרט נישט געווען. דאָרטן האָבן מיר נאָר געהאַט ס.ס.־מענער אָדער ס.ס.־פרויען איבער אונדז. אַזוי האָט מען אָנגעזאַמלט עטלעכע און צוואַנציק פרויען, וואָס זייער פונקציע איז געווען צו מעלדן. די רעשט אַרבעטער האָט מען אַריינגעלאָזט אין לאַגער. אונדז, די פאַרהאַלטענע, האָט מען געפירט צום שאָסיי, אַ וועג מיט בלאָטע, שטיינער און גריבער. מען האָט אונדז געהייסן זיך אויסלייגן אויף דער ערד. מיר האָבן געוואַרט, אַז דאָס שיסן זאָל זיך שוין אָנהייבן און פּטור ווערן פון דעם נישטיקן לעבן. נאָר נייך, מען האָט אונדז נישט געשאָסן, נאָר נאָך ערגער, מ׳האָט אונדז געהייסן זיך וואַלגערן אין דער בלאָטע און שמוץ פון איין זייט אויף דער אַנדערער. אין אָנהייב איז עס געגאַנגען זייער לאַנגזאַם; נאָר דאָס שרייען: שנעל! שנעל! האָט אונדז עפּעס ווי געיאָגט, פאַרוואָס — ווייס איך נישט. פאַר דעם טויט האָט מען

זיך דאָך נישט געשראָקן. אַז מען וועט בלייבן לעבן — איז קיינעם נישט איינגעפאַלן. עס זעט אויס, אַז דער אינסטינקט פון לעבן האָט נאָך גע־אַרבעט און, נישט צוהערנדיק זיך צום פאַרשטאַנד אָדער פיזישע אויסמאַ־טערניש, האָט ער נאָך געקעמפט.

אַזוי האָבן מיר זיך געקוילערט אַן ערך אַ האַלבן קילאָמעטער. אויף דעם קוילער־וועג זענען געבליבן אַ פּאָר טויטע און אַלע אַנדערע זענען געווען פאַרוווּנדעטע און פאַרחלשט. מוראדיק־פאַרשעמטע און דערנידעריקטע זענען מיר געקומען אין באַראַק...

## טיפוס און אנדערע עפּידעמיעס

בערגען־בעלזען, מערץ־אַפּריל 1945.

איך ליג קראַנק אויף טיפוס און האָב אויך אַנדערע צוטשעפּענישן. אונדז גורם צו זיין אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן איז פאַר די רוצחים געווען דאָס ביליקסטע. ליגנדיק אין שמוץ און אָפּפאַל, האָט דער טויט געאַרבעט זייער גוט אויף אונדזערע אויסגעמאַטערטע גופים. דער אויסלייזער, דער טויט, אויף וועלכן יעדער האָט געוואַרט און געהאָפט, האָט געטאָן זיינס. דער דורשט איז געווען שרעקלעך. מיין שוועסטערן־טאָכטער סאַבינע, האָט זיך באַמיט, אַז אַ פרוי, אַ דאָקטאָר פון סלאָוואַקיע, וועלכע איז געווען אין באַראַק, און אַליין זייער אַ קראַנקע, זאָל געבן אַ קוק צו מיר. אַלץ וואָס זי האָט געקאָנט טאָן איז געווען — אַ מאַך מיט דער שוואַכער האַנט.

אַלע, וועלכע זענען נאָך נישט געווען קראַנק אָדער האָבן געפילט שוין בעסער, נאָך אַ קרענק, גייען צו דער אַרבעט. מיין שוועסטערן־טאָכטער האָט מיר געבראַכט אַ ביסל וואַסער פון זאַמל־גרוב, וואָס מען האָט געהאַלטן אין פאַל פון אַ פייער אויפן פּלאַץ, ווו זי האָט געאַרבעט. דאָס וואַסער פון דער אָפענער גרוב איז געווען גרין און שטינקנדיק. אַזאַ ביסל וואַסער האָט זי מיר געבראַכט צו באַנעצן די פון היץ געפּלאַצטע ליפּן. די לעצטע טעג, וואָכן, האָט מען פאַר אונדז אויך די וואַסערן פאַרמאַכט און אונדז אין לאַגער קיין וואַסער נישט געגעבן. אַ יונג קראַנק מיידל האָט געזען, אַז איך האָב

עפּעס אַ פליסיקייט, איז זי מיט די לעצטע כוחות אַראָפּ פון איר נאַרע און צוגעראַטשקעט זיך צו מיר איך זאָל איר געבן אַ ביסל. איך האָב איר געגעבן און זי האָט נאָך געזאָגט אַ דאַנק, איך האָב זי דערהאַלטן ביים לעבן. אויף אַלע פיר האָט זי געפּרוּווט צוריקקריכן צו איר געלעגער אָבער זי איז שוין נישט דערגאַנגען. באַלד האָבן זי די ספּעציעלע באַראַקן־דינערינס אַרויסגעוואָרפן צו דעם באַרג ביינער, וואָס איז שוין הויך אָנגעוואָרפן געווען פאַר דעם באַראַק.

איך האָב געהאַט נאָך אַ פּראָבלעם מיט איבערלאָזן אַ ירושה. איך האָב פאַרמאָגט גאַנצע צוויי רויע קאַרטאָפל אויף מיין עיפּושדיקן שוכן־עפּר־געלעגער. איך האָב געוווּסט, אַז יעדע מינוט איז די לעצטע און דאָ איז נאָך אַזויפיל שעה ביז מיין שוועסטערן־טאָכטער, די יורשטע, וועט קומען פון דער אַרבעט. דעמאָלט קאָן זיין, וועט קיין צייכן פון מיר אָדער פון די קאַרטאָפל נישט בלייבן...

דער מוח האָט געאַרבעט און איך האָב אָנגענומען אַ באַשלוס. צורופן אַ יונג קינד, וואָס איז געווען אין באַראַק, געפילט זיך שוין בעסער נאָך איר קראַנקהייט און אַרומגעגאַנגען. איך האָב איר געגעבן איינעם פון די קאַרטאָפל זי זאָל אַריבערגיין צו מיין שוועגערין אין צווייטן באַראַק (זי איז אויך געווען קראַנק אויף די לונגען) און איר געבן דעם קאַרטאָפל. פון דעם צווייטן, גרעסערן קאַרטאָפל, האָב איך איר געגעבן אַ שטיקל און איר געזאָגט זי זאָל אויספירן איר שליחות, ווייל זי זאָל וויסן דאָס איך שטאַרב. ווען זי האָט פאַרלאָזט דעם פּלאַץ האָט זי צו מיר אַליין געזאָגט: — מיט דעם איבעריקן וועלן מיר מאַכן אַ לעצטע סעודה. איך האָב אויפגעגעסן דעם רעשט און ביך אַריינגעפאַלן אין אַ שלאָף. אויפכאַפּנדיק זיך איז עפּעס ווי אַ נס געשען, איך האָב זיך אָנגעהויבן פילן בעסער. די פליסיקייט, וואָס איז כסדר געגאַנגען פון מיינע גלידערים, האָט זיך אָפּגעשטעלט. נעבן זיך האָב איך דערזען דאָס זעלבע קינד, וואָס איך האָב זי געשיקט מיט דער שליחות. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז די גאַנצע צייט געזעסן נעבן מיר. זי האָט מיר דערציילט, אַז אין שלאָף האָב איך זיך שרעקלעך געוואָרפן און געשריען און זי איז געווען זייער איבערגעשראָקן. זי האָט געמיינט, אַז איך קאָן נישט שטאַרבן און מאַטער זיך אַזוי. אַ גליקלעכע האָט זי מיר דעם

שווייס אָפּגעווישט. זינט דעמאָלט איז דאָס קינד געווען לעבן אונדז. אויב מען האָט נאָר געהאַט אַ ביסן האָט מען זיך מיט איר געטיילט. זי האָט איי־בערגעלעבט און איז אין ישראל.

פּאַר אונדז אין לאַגער זענען די טעג פון ענדע מערץ ביז צום באַפרייען געווען דערמוטיקנדיק, ווייל דאָס באָמבאַרדירן האַמבורג, האַנאָווער און אַנדערע שטעט אַרום האָט נישט אויפגעהערט. דאָס איז געווען די שענסטע מוזיק פאַר אונדז. מיר האָבן זיך געוווּנטשן, אַז דאָס זשומען פון די פליער און דאָס קראַכן פון די באָמבעס זאָל קיינמאָל נישט אויפהערן. אויב עס איז דורכגעגאַנגען אַ וועלכע שעה אָן דעם באָמבן־אונטערהאַלט, זענען מיר געוואָרן פאַרצערט און פאַרשטומט. מיין קרענק האָט זיך געצויגן ביז נאָך דער באַפרייאונג. עס איז געקומען אַ שטאַרקער הוסט און קאָמפּליקאַציעס, ווי וואַסער אין די ריפּן. נאָך אַ לאַנגן געפעכט מיט דעם טויט האָב איך זיך פון אים אַרויסגעדרייט.

איך ווייס נישט וויאַזוי דאָס איז געשען וואָס איך בין צווישן די לע־בעדיקע. אפשר האָבן זיך די פאַרשניטענע שטיקלעך לעבנס פון מיינע טייערע און אַלע אַנדערע הייליקע, אין מיר צוזאַמענגענומען און מיך ניסימ־דיק אָפּגעראַטעוועט.

אָבער פאַרוואָס גראָד איך? פאַרוואָס דווקא איך?...

ליגנדיק קראַנק אויף דער נאַרע האָב איך געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט צו אָבסערווירן די אַרומיקע. דאָס לעבן אין די באַראַקן איז געווען שרעק־לעך אָבער דאָס שטאַרבן איז געווען נאָך שרעקלעכער. אייגנטלעך איז דאָרטן דער אונטערשיד צווישן לעבן און טויט געווען אַזאַ קליינער, אַזאַ דינינקער, אַ גאָרנישט.

אָט ליגט נעבן מיר אַ יונגע פרוי. מיר רעדן צווישן זיך. עס איז אייגנט־לעך נישט געווען קיין רעדן נאָר אַ מין שעפּטשען פון צוויי מתים, ווי פון יענער וועלט. אָט ברענגט זי אַרויס אַ וואָרט און איך ענטפער אַ וואָרט. און אָט פּלוצים און זי ענטפערט מיר נישט. איך גיב אַ קוק, אירע אויגן זענען שטאַר, דער קאָפּ פאַרוואָרפן, אַ ביינערדיקע האַנט הענגט אַראָפּ. דער לעצטער פונק איז פאַרלאָשן...

אַנטקעגנאיבער מיר איז געלעגן אויף דער נאַרע אַ מאַמע מיט איר

יונגער טאָכטער, ביידע קראַנק. זיי וואַרטן אויף דער פּאָרציע עיפּושדיקער זופּ, אפשר וועט דאָס זיי ראַטעווען. אָבער די מאַמע האָט זיך שוין אויף דער זופּ נישט דערוואַרט. זי האָט אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם און דאָ קומט אַריין די זופּ. די טאָכטער שטעקט אַריין די שיסל אין דער טויטער מאַמעס האַנט, זי גופא האַלט אויך איר שיסל. זי קריגט איר פּאָרציע און שרייט: גיט דער מאַמען! — זי איז טויט, ענטפערט די אויסטיילערין. — ניין, זי לעבט! — שרייט דאָס קינד — גיט איר די זופּ! זעסט? די האַנט ציטערט, גיב איר די זופּ! שרייט די טאָכטער מיט באַנומענע קולות... זי האָט די צווייטע פּאָרציע זופּ נישט באַקומען...

עס פאַרפאָלגט מיך דער געדאַנק — צי האָט די טאָכטער נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דער מוטערס טויט, אָדער זי האָט געוואָלט די צווייטע זופּ פאַר זיך. ווען איך וואָלט דאָס געקאָנט דערגיין...

## יידישע טיפּן און יידישער שטייגער אין פרייד און לייד

זינט דער גרויסער פלאָקער האָט זיך אָנגעהויבן, זינט 1939, האָט יעדער ייד פאַרלוירן זיין פערזענלעך לעבן. מען איז געוואָרן אַ טייל פון אַ גרויסןליידנדיקן פאָלק, קיין פריוואַטע, אינדיווידועלע לאַגע האָט נישט עקזיסטירט. געווייינלעך איז דאָס אַ גרויסע קללה. האָט זיך אָבער אַרויס־געשטעלט, אַז אונדזער פאָלק איז געווען דאָס טייערסטע און טאָלעראַנטסטע אין מיטפילן און מיטלעבן מיט דעם צווייטן. עס זענען, אמת, געווען גענוג קריגערייען און האַרץ־עסענישן, אָבער די פּאַראייניקטע צרות האָבן נישט צוגעלאָזט עס זאָל זיין אַ שנאה פון איינעם צום אַנדערן. דאָס העלפן איינער דעם אַנדערן איז דערגאַנגען ביז איינשטעלן דאָס אייגענע לעבן. אַזוי איז אויך געווען מיטן טיילן זיך מיט יעדן ביסן. עס האָבן, אמת, אויך נישט געפעלט קיין עגאָאיסטן, שוין אָפּגערעדט פון די יוצאים מן הכלל, די אייגענע פאַררעטער.

אין 1939, באַלד אין אָנהייב, האָט מען אַרויסגעזעצט יידישע פאַמיל־יעס פון געוויסע געגנטן, האָבן אַנדערע פאַמיליעס אַריינגענומען די מענטשן.

באַלד זענען אָנגעקומען „אויסגעזידלטע“ פון דעם אײַנגעשלאָסענעם דריטן רײַך־געביט, פון לאָדזש און אַנדערע שטעט. ווער עס האָט נאָר געקאָנט, האָט אַרײַנגענומען די אומגליקלעכע.

ענדע 1940, האָט מען „אויסגעזידלט“ זייער פיל קראָקעווער מענטשן אין לובלינער געגנט. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס יאָגן און מישן און וואַרפן מענטשן פון איין אָרט צו אַ צווייטן, צוזאַמענשטופּן זיי אויף קלײנע שטחים, ביז אָנהייב 1941, ווען עס איז אַנטשטאַנען דאָס קראָקעווער געטאָ. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס אַרײַנקוועטשן אַ פּאָר משפחות אין קלײנע צעבראָכענע שטיבלעך איז שוין דאָס ערגסטע.. נאָך דעם איז אָבער געקומען דער הויך־פּונקט — די לאַגערן אין באַראַקן, אומעטום אין מחנות און ענגשאַפטן, אײנער אויפן צווייטן, אַ קורצע צײַט אַרבעטן, און — שפּעטער צום קאַלך־אויוון... אין מײנסטע פאַלן, באַלד צום טויטן־לאַגער.

פון אָנהייב פון די פאַרניכטונגס־פּלענער, באַלד אין 1939, האָבן מיר נאָך געלעבט אין קראָקע. אַלע משפחה־מענטשן זענען נאָך געווען. מען האָט געטרייסט אײנער דעם צווייטן, זיך געהאָלפן מיט וואָס מען האָט נאָר געקאָנט. געבעטן און געהאָפט צוזאַמען. דאָס האָט אַ ביסל געמאַכט גרינגער. מען האָט נישט געוווּסט פון די גרויל און פּייניקונגען, וואָס די פאַרשאָלטענע רוצחים האָבן פאַר אונדז שוין צוגעגרייט. מען האָט געזען ווי מענטשן טראַכטן צו דערהאַלטן די געשעפטן, מיטצואַרבעטן אין די געשעפטן, ווו מען האָט אַרײַנגעזעצט אַ „טרויהענדער“, אַ קאָמיסאַר. דאָס געשעפט איז שוין טאַקע קיין אייגנטום נישט געווען, אָבער אפשר וועט דאָך אַמאָל נעמען אַן עק, האָט מען זיך געוואָלט האַלטן פון טאָג צו טאָג, אולי ירחם...

די צרות האָבן געשפּרייזט מיט זיבן־מײַליקע שריט. איך און מײַנע קינדער און מײַן שוועסטער מיט אירע קינדער, זענען געלאָפן, ווי איך האָב שוין פריער דערציילט, אין דעם קלײנעם שטעטל גראָדזשיסק, כדי אויסצומײַדן דאָס געטאָ. אין אַזאַ זייטן־שטעטל, האָט מען געטראַכט, ווו אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען אפילו קיין זעלנער נישט געזען, וועט זיכער אויך בעת דעם קריג זײַן שטיל. די רוצחים וועלן דאָרט בכלל נישט אַהין טרעפן...

אַ שטעטעלע אַ קליינס, אינגאַנצן אַ פּאָר מנינים יידן, מיינסטנס אָרע־מעלייט. יידן האָרעפּאַשנע מיט גרויסע משפּחות. יעדער גייט איך דאָרף קויפן די פּראָדוקטן ביי די אָרומיקע פּויערים. דאָס זענען די איינציקע קוואַלן פון וואַנען זיי ציען די אָרעמע, קאַרגע חיונה. גוטע פּשוטע מענטשן.

געווען זענען דאָרטן אַ פּאָר ראַזירטע יונגעלייט, וועלכע לייענען צייטונגען: אַ פּאָר אינטעליגענטע מיידלעך, וועלכע לייענען ביכער און פאָרן אַ פּאָר מאָל אין יאָר צו משפּחה אין די גרויסע שטעט. קומענדיק צוריק, דערציילן זיי פאַר די פריינד פון די געזעענע טעאַטער־ און קינאָ־פאָר־שטעלונגען. זיי ברענגען אַהיים אַ ביסל נייע דערפאַרונגען. טיילן זיך מיט די אַנדערע יונגע מענטשן. ברענגען אַהיים אַ ביסל געקויפטע ביכלעך — יידישע און פּוילישע. מען באָרגט ביי זיי און די יוגנט לייענט.

שידוכים ווערן אין דער מערהייט געשלאָסן אין שטעטל צווישן זיך. די מענטשן האָבן דאָרט געהאַט זייער אייגענע פילאָזאָפיע. געווען אַ ווערטל — „אויב מען טוט אַ שידוך פון דער היים פאַלט מען נאָר איבער אַ שטרוי, צוליב וואָס פאַלן אין דער פרעמד איבער אַ קלאָץ?" דאָך זענען פון צייט צו צייט געווען חתונות אויך מיט קינדער פון אַנדערע שטעטלעך. אַ זון אָדער אַ טאָכטער זענען אַוועק וווינען אין אַן אַנדער שטאָט, אָדער עס איז גע־קומען אין שטעטל אַרייך אַ נייער איידעם אָדער שנור. האָבן די פרעמדע, „דער" אָדער „די" געהאַט מזל, האָט מען זיי „געלייגט אין אַ גוט וויגל", (אַזוי פלעגט מען דאָרט זאָגן) און מען האָט זיי אָפּגעגעבן רעספּעקט און ליב געהאַט. אויב נישט, איז זיי באַלד צוגעקלעפּט געוואָרן אַ צונאָמען און דאָס איז שוין פאַרבליבן פאַר קינדס־קינדער.

איך האָב די שטעטלדיקע מענטשן זייער ליב געהאַט. אויך דאָס גאַנצע שטעטל האָט אונדז, צוגערייזטע זייער געשעצט און ליב געהאַט.

הערנדיק די אַלע נעמען און צונעמען, האָב איך ווי מעגלעך זיך גע־וואָלט דערגריבלען פון וואָס און פון וואַנען קומען זיי? אָט איז געווען אַ טייערע משפּחה מיט דערוואַקסענע קינדער. די קינדער זענען אַריינגע־קומען צו אונדז, געהאָלפן מיר מיט די קינדער מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט. זיי האָבן גענומען פון אונדז ביכער, זייער גוט פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט יעדע לאַגע און מענטשן, מיט פיל שכל און איינגעבוירענער

אינטעליגענץ. דעם פֿאָטער פֿון דער משפּחה האָט מען גערופֿן „דער פֿילאָ־זאָף", דער מוטער — „די פֿילאָזאָפֿיכע", און די קינדער „די פֿילאָזאָפֿלעך".

פֿון וואַנען האָט זיך גענומען דער נאָמען? דער פֿאָטער איז מיט אַ פּאָר און צוואָנציק יאָר צוריק געווען אַ ניי־צוגעקומענער איידעם אין שטעטל. דער שווער האָט אים איבערגעגעבן אַ טייל פֿון זײַנע געשעפֿטן און גע־זאָגט: — אָט זענען דערפֿער, אַלע באַלאַנגען צו דיר; קויף פּראָדוקטן און מיט השם־יתברכס הילף, וועסטו האָבן פּרנסה. דער יונגערמאַן האָט קיין גרויסן אויסוואַל אין געשעפֿטן דאָרט נישט געהאַט און איז אָנגעגאַנגען מיט דעם גיין אין די דערפֿער. אַמאָל מאַכט זיך, אַז דער יונגערמאַן גייט אַרויס פֿאַרטאָג אין דאָרף אַרײַן און קומט באַלד צוריקצולויפֿן אַהיים. איך הויז זוכט ער אין אַלע ווינקעלעך. דאָס ווײַב פֿרעגט אים וואָס ער זוכט און ער זאָגט איר, אַ ער האָט נישט דאָס געלט, וואָס ער האָט געהאַט אײַנ־צוקויפֿן סחורה, ער האָט עס זיכער איבערגעלאָזט אין הויז. מען האָט גע־זוכט אין די בעטן, אין די שטרוי־זעק, אונטער די בעטן, שכנים הערן וואָס עס איז געשען און מען העלפֿט זוכן. מיט אַמאָל גיט דער יונגערמאַן אַ לייג אַרײַן די האַנט אין קעשענע און גיט אַ זאָג צום ווײַב: — שוי, שוין, איך ווייס שוין וווּ דאָס געלט איז. דאָס ווײַב אַ דערפֿרייטע פֿרעגט: —נו, וווּ איז עס?

— אָט דורך דעם לאָך איז עס אַרויסגעפֿאַלן... האָט ער תמימותדיק געענטפֿערט. פֿון דאַן אָן האָט ער באַקומען דעם צונאָמען „דער פֿילאָזאָף".

ביי אַזעלכע און אַנדערע געשעענישן האָבן די מענטשן, וואָס האָבן ביי זייער גאַנצן אָרעמען לעבן, געהאַט הומאָר, אונטערגעכאַפּט אַ צופֿאַל און גערופֿן לויט דעם מיט צונעמען, וואָס זענען איבערגעגאַנגען בירושה צוזאַמען מיט אַנדערע מער מיוחסדיקע ירושות. אין דעם שטעטל האָב איך געלעבט 19 חדשים, געהאַט שוועסטער־קינדער. איך האָב זייער ליב געהאַט מײַנע משפּחה־מענטשן און דאָס גאַנצע שטעטל מיט אַ פּאָר צענדליק משפּחות.

די בייזע מגפֿה און די שדים האָבן אויך דאָרט אַהין געטראָפֿן. מען האָט אָנגעטאָן די זעלבע יסורים און פּייניקונגען ווי אומעטום. מען האָט פֿאַראָרדנט אַלע יידן זיי זאָלן זיך אַראָפּנעמען די בערד. די דאָרטיקע יידן

האָבן אָבער געקעמפּט קעגן דעם שונא, זיי צו להכעיס געטראָגן די באָרד און פּיאות אין די קעשענעס... אויף דעם אופן זיך קעגנגעשטעלט דעם רשע. זיי האָבן אָנגעזאָגט, אַז אין פאַל זיי וועלן שטאַרבן אָדער מען וועט זיי שיסן, זאָל מען זיי למען־השם מיטגעבן אין קבר אַריין די באָרד און פּיאות. אַז מען וועט זיי אויסטאָן נאַקעט ביים דערמאָרדן, דאָס האָבן זיי גאָרנישט גערעכנט. אַפילו די האָפענונג דערשאָסן צו ווערן אין דעם אָנטועכץ און באַגראָבן צוזאַמען מיט דעם טייל פון זיי איז זיי אויך צוגענומען געוואָרן.

אין בעלזשעץ איז דאָס גאַנצע שטעטל גראָדזשיסק מיט כמעט אַלע אָנגעפאָרענע אומגעקומען, צווישן זיי מיין שוועסטער, שוואָגער און אַ זון, אויך מיין דאָרטיקן משפּחה מיט זעקס קליינע קינדער און אַן אַלטער פאָטער. ער איז דאָס אייגנטלעך געווען דאָס שוועסטער־קינד פון מיין פאָטער עליו־השלום. ער איז געווען אין די שפּעטע זיבעציקער און אַלעמאָל געווען אַ גיבור. דערצו אפשר דער רייכסטער ייד אין שטעטל, געהייסן האָט ער ר׳ טוביה.

אויך אין די יאָרן פון די צרות האָט ר׳ טוביה נישט געקאָנט רוען נאָר געלאָפן אין די דערפער, כדי ברענגען אַ היים וואָס נאָר עס האָט זיך גע־לאָזט. בגניבה האָט דער אַלטער ייד אַלץ געטאָן, כדי אונדז צו העלפן. אויך זיינע קינדער האָבן אים געבעטן ער זאָל נישט גייך אין דאָרף, אָבער אין די פאַרטאָגן, ווען יעדער איז נאָך געשלאָפן, איז ער אַוועקגעלאָפן. ביי יעדן האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט צו זען אים צוריק אַ לעבעדיקן... ער, ווידער, האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון די געפאַרן. אפשר האָט ער דערפון געוווּסט און זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן. ביז אַ געוויסן טאָג האָבן אים צוויי מערדער געכאַפּט, אַוועקגענומען די פּאָר זלאָטעס, אים שרעקלעך צעשלאָגן און אַריינגעוואָרפן אין אַ טייכל, אַרויפגעטראָטן אויפן קאָפּ און מויל, און געשטאָכן מיט אַ באַיאָנעט אפשר צוואָנציק מאָל אין דער פּלייצע. ער איז געוואָרן פאַרחלשט, האָבן זיי געמיינט, אַז ער איז טויט און האָבן אים איבערגעלאָזט ליגן אין וואַסער און זענען אַוועק. דאָס קאַלטע וואַסער האָט אים דערמינטערט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט שרייען אָדער זיך רירן. ער איז אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג אין וואַסער. פאַרנאַכט האָט ער צוזאַמענגענומען די לעצטע כוחות און זיך דערשלעפּט אַהיים. אַריינקור־

מענדיק אין שטוב איז ער אַנידערגעפאַלן. מיר האָבן אים געלייגט אין בעט אַריין. דאָס גאַנצע לייב איז אים געווען שוואַרץ. ער לאָזט זיך נישט לייגן אויף דער פלייצע. מען גיט אַ קוק — די גאַנצע פלייצע איז מיט שטעך־ווונדן. איך האָב געהאַט מיטגענומען פון קראָקע פּראָקסייד, יאָדינע און איך האָב אים אָפּגערייניקט די ווונדן. אַזוי איז ער אָפּגעלעגן וואָכן אויפן בויך, זיך נישט געקאָנט רירן. מיר האָבן אַלץ געטאָן אים צו דערהאַלטן ביים לעבן. ער איז געזונט געוואָרן. לײַדער דאַרף איך דאָס באַדויערן, ווײַל מען האָט אים נישט געלאָזט שטאַרבן אויף זיין אייגן בעט...

דאָס שטעטל איז געווען איינס פון די טויזנטער אַזעלכע יידישע שטעט־לעך אין אייראָפּע, וואָס זענען אָפּגעווישט געוואָרן. אַלע זענען זיי געווען פרומע יידישע מענטשן. האָט עמעצער זיך געוואָלט פילן פרייער, מעשה אַפּיקורס און נישט גיין אין בית־מדרש, האָט ער דאָס נישט געקאָנט, ווײַל דאָס שטעטל האָט געהאַט יעדן אויפן אויג. און מיר האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די שטעטלדיקע מענטשן.

אין 1941, ווען איין קינד איז געווען אין דריטן יאָר און דער עלטערער אין עלפטן יאָר און לעבנסמיטל איז אַלץ געווען ווינציקער און ווינציקער, קיין פלייש און קיין עופות האָט מען נישט געקראָגן. שוואַרץ ברויט, אַ ביסל מילך, קאַרטאָפל און אַמאָל אייער, האָט מען געקריגן פאַר די קינדער. מיר איז אָבער געווען שלעכט, ווײַל מיין קליין קינד האָט די עסנס נישט געקאָנט פאַרנעמען און עפּעס אַנדערש האָב איך נישט געהאַט.

אין שטעטל איז געווען אַ פּוילישע שענק. מען האָט דאָרטן געקאָכט עסנס פאַר די צוגעפאָרענע פּוילישע סוחרים, וועלכע האָבן געבראַכט גע־רויבטע יידישע זאַכן פון פאַרשידענע שטעט, אויסצוטוישן פאַר עסנוואַרג ביי די פּויערים. מיינע שכנים האָבן מיך איבערצייגט און צוגערעדט, אַז אַזוי ווי מיין קינד דאַרף אַ ביסל זופּ יעדן טאָג, זאָל איך עס קויפן פון דער פּוילישער שענק. איך בין געווען זייער צופרידן פון זייער עצה'ן מיר, ווײַל ווען איך וואָלט דאָס געווען אַליין טאָן, וואָלט איך אפשר פאַר־לעצט די געפילן פון די שטעטלדיקע יידן און מען וואָלט מיך דערפאַר גאָר פאַראַכטעט. אַזוי בין איך געווען געכשרט. מען האָט געוווּסט, אַז פאַרן קינד מוז איך עס טאָן. אין הויז אַריין אָדער אין אַ כלי, האָב איך נישט

געקאָנט נעמען דאָס טריפה עסן, האָב איך אין פאַרלויף פון וואָכן צייט געשיקט מיין עלטער קינד מיט דער קליינער, זי זאָל דאָרטן באַקומען דאָס ביסל עסן. מייַן עלטער קינד האָב איך נישט געקאָנט געבן דאָס עסן, ערשטנס וואָלט זי נישט געוואָלט עסן קיין טריפה און די שטעטלדיקע קינדער וואָלט פון איר געווייכט. איך האָב מיך אָבער געטרייסט, אַז זי איז נישט הונגעריק און אַז זי איז קלוג און פאַרשטייט די סיטואַציע.

איך האָף, אַז זי האָט דאָס פאַרשטאַנען און ווייסט עס אויך היינט, אַז איך וואָלט געטאָן אַלץ, כדי זי בעסער צו באַשפּייזן. עס וואָלט נישט געווען צופיל פון מיר צו געבן איר דאָס בלוט פון מיינע אָדערן. דאָס קינד איז געווען מיין גאַנצער אָנשפּאַר, מיין גאַנצע הילף און עצה־געבערין. מיין ליבע איז צו ביידע קינדער די זעלבע, נאָר דאָס געפיל פאַר דעם קליינעם קינד איז געווען פון רחמנות צו דעם אומשולדיקן און אומבאַ־האָלפענעם נפש. צו מיין עלטערער טאָכטער מיט איר פאַרשטאַנד און אויפ־נעמען זאַכן האָב איך געהאַט אַ גאָר אַנדער געפיל. אין אירע קינדער־יאָרן איז זי געווען באַלאָדן מיט זאָרגן און פליכטן. דאָס בלייבן אַליין מיט מיט דעם קליינעם קינד אויף יאָרן און זייַן צו איר גלייכצייטיק אַ טאַטע און אַ מאַמע, האָט מיר דאָס האַרץ צעריסן. כ׳האָב דאָס געפיל, אַז מיין עלטער קינד האָט אויף מיר עפּעס אַ פאַריבל פאַר יענע ביטערע יאָרן. איך האָב אָבער נישט קיין גרונט און קיין באַווייזן אַזוי צו טראַכטן. מיינע צוויי קינדער זענען די טייערסטע און געטרייעסטע, זיי זענען גרייט מקריב זייַן זיך פאַר מיר, זייער ליבע און געטריישאַפט איז גרענעצלאָז.

איך פיל אַז איך האָב, ווען כ׳האָב נאָר געקאָנט, געטאָן אַלץ כדי צו לינדערן זייער פיין. איך האָף, אַז מיינע קינדער, וועלכע זענען אַליין איצט מאַמעס, וועלן מיך פאַרשטיין. דאָס אַראָפּרעדן זיך דאָ, איז טאַקע צוליב גרויסער ליבשאַפט צו זיי, מיינע קינדער, און צו די אַנדערע קינדער, וועלכע איך האָלט פאַר מיינע. עס דאַכט זיך מיר אַלץ, אַז כ׳האָב עפּעס פאַרזען און נישט גענוג געטאָן, און זיי האָבן צופיל געליטן.

ווען איך בין צוריקגעקומען צו זיי אָן זייער פאָטער, האָב איך שוין גאָרנישט געקאָנט טאָן, כדי זיי צו פאַרגיטיקן פאַר זייערע ביטערע קינדער־יאָרן. איך ווייס, אַז די קינדער וועלן האָבן קרענקונג פאַר מיין אומשולדיק

שולד־געפיל לגבי זיי און זיי וועלן מיר אוודאי מוחל זיין. איך מוז דאָס אָבער אויפשרייבן, כדי עס זאָל מיך ווייניקער דריקן אין מיין האַרץ.

געוווינט האָבן מיר, איך און מיינע קינדער און מיין שוועסטער מיט איר משפּחה, אין צוויי קליינע שטיבלעך. אונדזערע באַלעבאַטים, מענטשן אין די מיטעלע יאָרן, האָבן געהאַט איין טאָכטער, אַ מיידל שוין נישט קיין יונגע, אַ זייער פיינע מיט אַ ביסל מער אַספּיראַציעס, ווי דאָס שטעטל האָט איר געקאָנט געבן. זי האָט פיל געלייענט און געווען אַ טרוימערין, ווי פון די געשריבענע ראָמאַנען אַרויס. זי האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט דער וואָכעדיקייט. זי האָט געחלומט צוזאַמען מיט די העלדן פון וועלכע זי האָט געלייענט. פרויען אין שטעטל, אין איר עלטער, האָבן שוין געהאַט גרויסע קינדער און זי איז נאָך אַלץ געווען אַ מיידל, און דערצו נישט קיין גאַנץ געזונטע. איר מוטער האָט אַלץ געטאָן, ווי אַ גוטע יידישע מאַמע, צו מאַכן דער טאָכטער גוט פילן. דער פאָטער, זייער אַ פּראָסטער ייד, האָט נישט געקאָנט שרייבן אָדער לייענען און געקאָנט קנאַפּ דאַווענען. ער האָט אָבער געקאָנט זינגען אַלע יידישע ניגונים. די משפּחה האָט געהאַט נאָך „מיטגלידער" און גאָר חשובע — אַ קו און אַ פּאָר עופות. הינטערן הייזל איז געווען אַ גרויסער גאָרטן מיט אַ פּאָר אויבסט־ביימער און אַ ביסל גראָז פאַר דער קו. ער האָט פאַר מיינע קינדער צוגעטיילט אַ שטיקל אין דעם גאָרטן, לעבן מיסטבאַרג, אַריינצוזעצן בלימעלעך, און עס זענען טאַקע געוואָקסן בלומען, מיט וועלכע די קינדער האָבן זיך זייער געפרייט. איך בין דעם יידן זייער דאַנקבאַר געווען פאַר דער גוטסקייט, וואָס ער האָט פאַרשאַפט מיינע קינדער. אין דער צייט, ווען אַנדערע קינדער האָבן גע־שמאַכט אין די געטאָס און נישט געזען, אפילו נישט געוווּסט ווי אַזוי גרינס אָדער בלומען אויף די פעלדער זעען אויס, האָבן מיינע קינדער געהאַט צוויי פרילינגס מיט פאַרגעניגן. עס איז אויך געווען אַ קליין טייכל ביים עק פעלד, ווו זיי האָבן זיך געקאָנט פּלושקען אין די הייסע טעג און אַריינ־נעמען אין זיך כוח.

דאָס געפיל פון פּחד האָט זיי אָבער אַלעמאָל באַגלייט. אין מיטן בעסטן שפּילן זיך, ווען זיי האָבן נאָר דערהערט אויף דעם הילצערנעם בריקל, גאָר ווייט פון שטעטל, אַ גערויש פון אַן אויטאָמאָביל אָדער מאָטאָציקל, זע־

נען זיי אַריינגעפאַלן האַלב טויטע אין שטוב אַריין מיט געשרייען: „לאָ־
מיר זיך באַהאַלטן! דייטשן פאָרן!״ מיין קינד, וואָס האָט קוים ערשט גע־
קאָנט רעדן, האָט הערנדיק דעם רויש פון אַ מאָטאָר, געשריגן אין פויליש
„ניעמצי יאַדאָן״ און מען האָט זיך טאָקע באַהאַלטן, ווו מען האָט נאָר
געקאָנט. דער עלטסטער פון יודנראַט, דער „אָבמאַן״, ער האָט יאָ געמוזט
בלייבן, ער איז געווען אַ פיינער יונגערמאַן, זייענדיק אַלעמאָל גרייט אויף
דעם טויט האָט ער געוואַרט אויף די דייטשן מיט אַ ציטערדיק האַרץ. ער
פלעגט באַקומען די באַפעלן מיט אַ היפש ביסל קלעפּ דערצו. ער האָט
צוגעזאָגט צוצוגרייטן, לויטן באַפעל, וואָס זיי הייסן. אין שטעטל זענען
קיין שטענדיקע דייטשן נישט געווען, זיי זענען נאָר געקומען אַלע פּאָר
טעג, כדי אָנטאָן צרות, געבן באַפעלן אָדער הייסן זיך געבן קאָנטריבוציע.
יעדער האָט געגעבן פאַר די קאָנטריבוציעס וואָס מען האָט געקאָנט. עס
זענען געווען מענטשן, וועלכע האָבן זיך באַקלאָגט, אַז מען נעמט ביי זיי
מער ווי ביי אַנדערע. מען האָט אָבער איין זאַך געוווסט — אַז דער „אָבמאַן״
געניסט נישט פון דעם. מיר, די פּאָר קראָקעווער משפחות, האָבן געהאַט
מיטגענומען פאַרשידענע טייערע חפצים — טעפּיכער, טישטעכער און
בעטוועש. האָבן מיר יעדעס מאָל דאָס אַוועקגעגעבן און די דייטשן האָבן
דאָס געוואָלט גיכער ווי געלט...

# דאָס „מיידעלע" און די „נאַשערין"

די פּרנסה פון מייק באַלעבאָס איז געווען הויפּטזעכלעך די קו. ער האָט די קו גערופן „דאָס מיידעלע", ווייל דאָס איז געווען אַ קעלבל פון זיינער אַ פריערדיקער קו. ער האָט דאָס קעלבל אויסגעפּיעשטשעט און אויסגעהאָדעוועט ביז עס איז געוואָרן אַ קו. ער האָט דאַן די אַלטע קו פאַרקויפט און דאָס „מיידעלע" איז שוין אויך געווען אַ גאַנץ „דערוואַקסענע" מיט יידישע מידות, קיינמאָל איז זי זיך נישט צוזאַמענגעקומען מיט אַנדערע בהמות אויף אַ לאָנקע, נאָר אַ גאַנצן זומער האָט דער ייִד זי געפּאַשעט איינע אַליין אין זיין גאָרטן. די קו האָט דעריבער געקענט נאָר יידיש, קיין איין פּויליש וואָרט נישט פאַרשטאַנען. אַן אמתע יידישע קו, אַ שטילע מיט זייער אומעטיקע אויגן; זעלטן האָט מען געהערט פון איר אַ לייטישן מע. אפשר פון אַלטקייט? ווער ווייסט? זי האָט געהאַט גרויסע נאַסע ברוינע אויגן. אונדזערע קינדער האָבן געזאָגט, אַז די קו וויינט.

אפשר האָט דאָס שטומע באַשעפעניש טאַקע געוויינט אויף אונדזער גורל? אפשר האָט זי טאַקע יאָ פאַרשטאַנען?

אונדזערע קינדער האָבן זיך זייער פיל אָפּגעגעבן מיט דער קו, זי איז געווען זייער מילד צו זיי; זיי האָבן אָבער צו איר גערעדט פּויליש און זי האָט קיינמאָל נישט רעאַגירט. פשוט, זי האָט נישט פאַרשטאַנען קיין איין פּויליש וואָרט. ווען דער באַלעבאָס האָט אָבער גערעדט צו איר יידיש, האָט זי אַלץ אונטערטעניק געפאָלגט. זי פלעגט באַקומען אַ ביסל שטרוי־שעצקע, באַשמאַלצן מיט די שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, וואָס מיר האָבן באַנוצט. זי איז טאַקע געווען הויט און ביין. מילך האָט זי געגעבן זייער ווייניק, לויט דער מאָס פון עסן, נאָר מעלקן האָט זי זיך געלאָזט וויפל און ווי לאַנג די באַלעבאָסטע האָט נאָר געוואָלט. פון איין שפּריץ מילך אין טאָפּ אַריין ביז צום צווייטן, האָט געדויערט לאַנג. דער באַלעבאָס פלעגט זאָגן: זי איז אַ טייערע קו,

ווען זי וואָלט נאָר געהאַט מילך, וואָלט זי אפילו פון אונטער דעם האַרץ געגעבן.

דער ייד האָט שטענדיק ביים אַרומגיין ביי דער קו אויסגעזונגען אַלע ניגונים וואָס ער האָט געקענט און איך קאָן שווערן, אַז די קו האָט זיי אַלע פאַרשטאַנען, ווייל געווייינלעך פלעגט ער זינגען יעדן טאָג די זעלביקע ניגונים. ווען ער האָט געהאַלטן ביים אונטערבעטן דער קו מיט די טרוקענע בלעטער, וואָס ער האָט איינגעזאַמלט אין האַרבסט, האָט ער יעדעס מאָל געהאַלטן ביים רחם־נאָ, נו, נו, נו... דעמאָלט האָט די קו אַליין, אָן איר צו זאָגן, זיך אַוועקגערוקט פון איין זייט צו דער אַנדערער, ער זאָל קאָנען צוגיין נענטער. מיר זענען טאַקע געווען איבערצייגט, אַז די קו פאַרשטייט אַלע ניגונים פון איר באַלעבאָס.

זיי האָבן געהאַט אַ פּאָר עופות און געהאַט פון זיי אייער. עס איז אויך געווען אַ גרויסער האָן אויף זייער הויכע פיס מיט גרויסע שפּאָרן; געהאַט אַ גרויסן רויטן קאַם מיט רויט־ברוינע פעדערן, באַפּוצט מיט גרין־גלאַנציקע אָרנאַמענטן. ער האָט זיך אַרומגעדרייט מעשה מלך אין דער הינער־וועלט, אַ שרייענדיקער, אַ בייזער, עפּעס גאָרנישט ווי אַ יידישער האָן. דערפאַר האָבן מיר אים גערופן דער רויטער דיקטאַטאָר.

אָט־דעם גאַנצן לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר האָבן די טייערע מענטשן אַוועקגעגעבן צו אַ פּויערישע משפּחה, גוטע פריינד פון אַלע יאָרן און זיי האָבן צוגעזאָגט זיי אויסצובאַהאַלטן. ווען דער שרעקלעכער מאָמענט איז אָבער געקומען, האָבן זיי פאַרמאַכט די טיר און נישט אַריינגעלאָזן. מען האָט זיי פאַר דעם הויז דערשאָסן.

ליגנדיק באַהאַלטן, האָב איך געהערט ווי די פּויערים אין דרויסן רעדן צווישן זיך, אַז דער האָן, כאָטש ס'איז געווען אַ פּאָר קילאָמעטער ווייט, איז ער אַהיים געלאָפן. זיינע נייע באַלעבאַטים זענען געגאַנגען אים דאָרט זוכן און טאַקע אים דאָרט געטראָפן זיך אַרומדרייען אומעטיק אויף די יידישע חורבות, איך גאָרטן און אין שטוב. ער איז געקומען זוכן די זייניקע....

אין אַ נעבן־הויז האָט געווינט אַ גוטע משפּחה מיט צוויי דערוואַקסענע מיידלעך, שניידערינס. דער פאָטער איז געווען אַ באַלעגאָלע. דאָס קליינע דאַרע פערדל האָט מפרנס געווען די משפּחה דורך פיל יאָרן. צו דער באַן־

סטאַציע איז געווען 8 קילאָמעטער, האָט זיך יעדער באַנוצט מיט דעם באַלעגאָלע און זײַן פערדל. די מיידלעך האָבן אויך פאַרדינט, געניייט פאַר די פויערטעס. זיי האָבן זיך זייער באַמיט פאַר אונדז און געמאַכט פון מײַנע קליידער קינדער־קליידלעך. מיט דעם פערדל זענען אונדזערע קינדער געוואָרן זייער גוטע פרײַנד. עס האָט זיך אַפילו געלאָזט פון זיי אַרויסרייסן סטרונעס פון עק. ביז עס איז געקומען די גזירה, אַז מען טאָר נישט אַרויסגיין אָדער אַרויספאָרן פון שטעטל, און דער שכן האָט געמוזט דאָס יידישע פערדל אָוועקשענקען פאַר חצי־חינם. עס איז געווען זייער אַן אומעטיקער טאָג, ווען מען האָט דאָס פערדל אָוועקגענומען.

דאָס שטעטל האָט אויך פאַרמאָגט אַ פּאָר קאָזעס און דוקא עזות־פּנימער. אַלע זענען געווען ברודיקלעך־ווייסע, אויסער איין קאָזע וואָס האָט אויסגעזען גאַנץ אַנדערש. די דאָזיקע האָט געהאַט שוואַרצע לאַטעס, גערופן האָט מען זי „די נאַשערין". איך האָב זיך זייער צעלאַכט, ווען אַ פרוי האָט אויסגערופן צו איר טאָכטער: — לאה'לע, גיי פאַרמאַך די טיר, די נאַשערין גייט שוין! — איך האָב זי געפרעגט דעם טעם דערפון, און אָט וואָס איך האָב זיך דערוווּסט:

אַמאָל, איך אַ זומערדיקן פרייטיק־פאַרנאַכט, ווען אַלע שטיבלעך זענען שוין געווען שבתדיק אויסגעוואַשן, די טישן געגרייט, די ליכט שוין געצונדן, האָבן זיך אַלע פרויען, נאָך דער זומערדיק־הייסער פרייטיקדיקער אַרבעט — ביים באַקן, קאָכן און רוימען — אַליין שוין אויסגעפּוצט שבתדיק, זיך אַרויסגעזעצט איך דרויסן נאָך די ליכט־בענטשן. צוליב דער וואַרעמקייט זענען טיר און פענצטער אין די הייזלעך געווען אָפן. האָט זיך געטראָפן, אַז די קאָזע, די „נאַשערין", איז אַריבערגעשפּרונגען איבער אַ פּלויט, אַריין איך אַ הויז דורכן פענצטער און אויפגעגעסן דעם גרויסן קוילעטש פון אונטער דעם חלה־טישטעכל. די קלענערע חלה, די לחם־משנה, האָט זי איבערגעלאָזט. צו דעם האָט זי אויפגעגעסן אַ טאָפּ מיט געקאָכטע פלוימען־צימעס, נישט איבערלאָזנדיק אַפילו אַ צייכן פוןביידן. דער באַלעבאָס איז געקומען פון שול, מען וויל זיך נעמען צו דער שבת־סעודה... די גניבה איז אויפגעדעקט געוואָרן. זיי האָבן אָבער בשום אופן נישט געקאָנט דערקלערן, ווער עס האָט געקאָנט זײַן דער גנב. מען האָט אויסגעגאָסן

אַלע קללות אויף דעם גויאישן שכן, דעם אַנטיסעמיט. ער איז זיכער אַריין הינטן־אַרום און אָפּגעטאָן אַ שפּיצל די יידן. נאָר דער וווּנדער איז געווען וואָס ער האָט נישט גענומען די פלוימען צוזאַמען מיטן טאָפּ?

כהרף־עין האָט דאָס גאַנצע שטעטל זיך דערוווּסט פון דער מעשה נורא. יעדער איינער וויל אויף זיין אייגענער האַנט ווערן אַ דעטעקטיוו. מען זוכט, מען נישטערט. אין דעם קומט צולויפן אַ שכנה און זאָגט: — אָט איז ער דער גנב, דאָ ביי מיר. קומט יידן און קוקט. עפּעס האָב איך געזען ווי מיין קאָזע שטייט זיך אַזוי שטיל אין שטאַל אין אַ ווינקל און כאַפּט זיך נישט צו דעם עסן, וואָס איך גרייט פאַר איר צו, ווי אַלעמאָל. איך גיי צו איר צו און ס'ווערט מיר פינצטער אין די אויגן. דער גאַנצער פּיסק איז פאַרשמירט מיט פלוימען־יויך, קערן פון פלוימען און חלה־קרישקעס זענען צעקלעפּט איבער דער צעפּאַטלטער קאָזע־באָרד; זי האָט זיך אָנגעפרעסן ביז איבער די אויערן.

פון דעמאָלט אָן האָט מען די קאָזע גערופן נישט אַנדערש ווי „די נאַשערין".

אָט דאָס טייערע שטעטל מיט אירע געשטאַלטן זענען, ווי אַלע אַנדערע, אָפּגעווישט געוואָרן און אָפּגעגאַנגען אין בלוט און פייער. אַ יינגל פון מיין דאָרטיקער משפּחה האָט זיך אויסבאַהאַלטן און איז באַלד נאָך דעם קריג צוריק געקומען אין זיין שטעטל אַריין צו זיינע שכנים, האָבן זיי אים גלייך דערשאָסן. זיין פאָטער און מיין שוועסטערס זון שמעון זענען אַרויס־געשפּרונגען פון דעם צוג וואָס האָט זיי געפירט קיין בעלזשעץ, און זענען געגאַנגען קיין יאַנאָוו דורך די וועלדער. אויפן וועג האָט מען זיי געכאַפּט און פאַרפּייניקט.

פאַר די אַלע פּשוטע מענטשן האָט עקזיסטירט איין באַגריף — די מערדער „די דייטשן". זיי איז נישט געווען באַקאַנט נאַציס, פאַשיסטן, דאָס זענען בלויז אויסטראַכטענישן. עס איז געווען בלויז איינס — ד יי ט ש ן בלוטיקע רוצחים פון אַ גאַנץ פאָלק. פון אונדזער אומקום האָבן זיי אַלע געגאָסן און אונדז מיט שנאה פאַרפּייניקט.

## דייטשן אין די לאַגערן

אַנדערע נאַציעס, ווי טשעכן, פּאָליאַקן, אונגאַרן און אפילו אוקראַינער און אַנדערע פעלקער קאָן מען נישט אורטיילן מיט איין משפּט, מיט איין מעסטל, ווייל ביי אַלע פעלקער האָבן זיך געפונען, אמת, אַ קליינע צאָל, מענטשן וואָס האָבן אונדז, אומגליקלעכע, געהאָלפן און אָפּגעראַטע־וועט לעבנס. אין יעדן פאָלק איז פאַראַן אַ געוויסע צאָל, וועלכע קאָנען זיך באַרימען, אַז זיי האָבן לעבן־געבליבענע עדות וועמען זיי האָבן גע־ראַטעוועט. אָבער די פאַרשאָלטענע דייטשן קאָנען נישט אויפווייזן, אַז ס׳האָט ווער פון זיי אונדז געהאָלפן.

איבערהויפּט האָט עס אַ שייכות צו דער קליינער צאָל דייטשע יידן, פּאַקטיש — מער דייטשן ווי יידן, זיי האָבן זיך נישט געקאָנט פאַרראַטן מיט דער קליידונג אָדער מיט דער שפּראַך און גאָר באַזונדערס פרויען און קינדער. געוויסע פון זיי האָבן ערשט נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, אויסגעפונען אַז זיי זענען „יידן״. אַזעלכע איז זיכער געווען לייכט אויסצובאַהאַלטן. דאָס רוצחים־פאָלק קאָן זיך מיט אַזאַ נאָבעלע זאַך נישט באַרימען. צי קאָן איין געליטענער פאַרפאָלגטער דייטש, וואָס איז געווען אין אַ לאַגער, זיך באַרימען, אַז ער איז געווען פאַרפאָלגט, ווייל ער האָט געהאָלפן יידן ?

נאָר צוליב פּאָליטישע טעמים זענען זיי געווען אין לאַגער. דער גרויל און דאָס פאַרפייניקן אונדז איז זיי לגמרי נישט אָנגעגאַנגען.

אין די לאַגערן זענען זיי אין דער מערהייט געווען די הערשער איבער אונדז. די דייטשע מערדער אָדער פּאָליטישע לאַגערניקעס, זענען געווען אונדזערע קאַפּאָס, אונדזערע פאָראַרבעטער. זיי האָבן געקראָגן גאַנץ אַנדערע עסנס און צו דער זעט, און געהאָלפן טרייבן דעם גאַנצן פאַרניכטונגס־אַפּאַראַט קעגן אונדז.

אין לאַגער בערגען־בעלזען, למשל, איז געווען אַ גאַנץ גרויסע צאָל פרויען „ביבל־פאָרשער", טאַקע צוזאַמען מיט אונדז אין באַראַק. זיי האָבן געאַרבעט ביים צוגרייטן די גרינצייגן פאַר דער ס.ס.־קיך. זיי האָבן נישט באַקומען אַזעלכע עסנס, וואָס מען האָט אונדז געגעבן. און געגעסן האָבן זיי אויף די פּלעצער, ווו זיי האָבן געאַרבעט. זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין זייערע היימישע קליידער. אפילו די אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן האָבן זיך צו זיי זעלטן געטשעפּעט. איך האָב געאַרבעט ביים פירן דאָס מיסט פון די פּלעצער, האָב איך זיי געבעטן מען זאָל אַריינוואַרפן אַ צעפוילטע בלעטל פון קרויט און זיי האָבן אָפּגעזאָגט. ס׳זענען געווען צווישן זיי אַלטע פרויען, יידישע פרויען אין דעם עלטער, האָט מען שוין לאַנג נישט געזען.

נאָך דער באַפרייאונג זענען זיי אַלע אין אַ פּאָר שעה פון לאַגער פאַרשוווּנדן. זיי זענען געגאַנגען אַהיים צו זייערע משפחות, וואָס האָבן אויף זיי געוואַרט מיט דעם פון אונדז צוגערויבטן פאַרמעגן.

איך בעט און איך האָף, אַז די וועלט זאָל געהיילט ווערן פון דער בלינדקייט און זען אַז ס׳איז דאָ נאָר איין סאָרט דייטשן, בלויז איין דייטש פאָלק ווי אַ גאַנצקייט, וואָס באַשטייט פון בלויז רוצחים, מערדער, סאַדיסטן! דאָס זענען דייטשן! ימח שמם!

# „טאנץ", „קונסט" און „געזאנג" אין לאגער

דאָס צוזאַמענלעבן מיט אַ פּאָר הונדערט מענטשן אין איין באַראַק, איז געווען אַ גרויסע צרה פאַר יעדן באַזונדער. פאַרשידענע מענטשן, יעדער מיט זיינע אייגענע צרות און פאַרלוסטן, אַליין פאַרבליבענע צעבראָכענע רעשטלעך, מענטשן וועלכע זענען שוין נישט אימשטאַנד געווען אפילו צי געבן אַ קרעכץ אויף דער צרה פון אַ צווייטן. דאָך האָט מען גע־הויזט צוזאַמען אויף די נאַרעס, צוגעדריקטע איינער צום אַנדערן און זיך אָנגעשטרענגט מיט פאַרשטאַנד, צו מאַכן באַקוועם איינער דעם אַנדערן.

נאָר איינמאָל, דורך די אַלע גרויל־יאָרן, האָב איך געהאַט אַ שכנה, בלויז פון איין זייט, וואָס האָט זיך מיט מיר געקריגט. די זעלבע טענות האָט זי אויך געהאַט צו איר שכנה פון דער אַנדערער זייט. איר טענה איז געווען, אַז ווען נישט מיר, וואָלט זי געווען ריין און ציכטיק און דער שמוץ און די ווערעם וואָלטן זי נישט אַזוי געגעסן ווי אונדז. געקומען איז זי פון לעבן קראָקע, אַ זייער נערוועזע; זי האָט אַלעמען פאַרלוירן און איר גאַנצע משוגעת איז געווען נישט צו האָבן פון ביידע זייטן קיינעם נעבן זיך. קיינער זאָל זי נישט אָנרירן ווייל זי וויל זיין ריין, און נישט אַזוי שמוציק ווי מיר אַלע. פון אָנהייב האָט מען צו איר גערעדט און דערקלערט, אַז דאָס איז אונדזער אַלעמענס אומגליק. נאָר זי האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין זיך, צו קיינעם נישט גערעדט און זיך נישט צוגעהערט.

אויף אונדזער זייט אויף דער נאַרע האָבן מיר געהאַט אַ מיידל, אָלגאַ, זייער אַ גוטע טענצערין פון אַ גוטער באַלעט־שולע. געווען איז זי אין לאַגער מיט איר פאָטער, אַן אַדוואָקאַט וואָס איז פאַרשיקט און פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיט מיין מאַן און אַלע קליינע קינדערלעך פון לאַגער אין אוישוויץ אין 1944. דאָס מיידל האָט זייער געליטן נאָך דעם פאַרלוסט פון איר פאָטער. זי האָט נישט געקאָנט עסן און שלאָפן. איין מאָל איז זי

ביינאַכט אַראָפּ פון געלעגער און האָט אָנגעהויבן טאַנצן, און אויסגעטאַנצט האָט זי דעם מאַרש פון די מענטשן און דאָס פירן די קינדער צום טויטן־צוג; דאָס פאָרן פונעם צוג, די ווייטיק און געיאָמער פון די פאַרבליבענע. מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם און געוואָרן פאַרגליווערט. צום סוף איז זי אַוועקגעפאַלן אַן אויסגעשעפּטע אין אַ היסטעריש געוויין. זי האָט אויסגעטאַנצט אונדזער אַלעמענס טויטן־טאַנץ.

ביי דער אַרבעט מיט אונדז איז געווען אַ מיידל, מיראַ, אַ קליינינקע, אַ דינע און אַ יונג־אויסזעענדיקע. זי האָט גאָר קנאַפּ וואָס געאַרבעט ביים נייען. מיר, די אַרומיקע פרויען, האָבן איר געהאָלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך. זי האָט אָבער געטאָן אַן אַרבעט אַזאַ, וואָס קיינער האָט נישט געוווסט וואָס דאָס איז. זי האָט פון קליינע שטיקלעך אָפּפאַל־פּיצלעך צוזאַמענגענייט קליינע פיגורן. מען האָט זי חושד געווען אין מאַכן זיך קליינע ליאַלקעס צום שפּילן. אויך אויף איר געלעגער האָט זי אַלעמאָל עפּעס געטאָן. ביז איינמאָל האָט זי אונדז איבערראַשט מיט איר פאַרטיקע אַרבעט. זי האָט צוזאַמענגעשטעלט, אין מיניאַטור, אַ טייל פון די באַראַקן. די קליינע ליאַלקעס אָנגעטאָן אין געשטרייפטע קאַצעט־קליידער; אַנדערע ליאַלקעס אין ס.ס.־אוניפאָרמען. זי האָט געמאַכט פּעדעם און ביים ציען די פּעדעם האָבן די יידן געטאָן פאַרשידענע אַרבעטן מיט קליינע מכשירים אין זייערע הענט די ס.ס. האָבן געשלאָגן מיט רייט־בייטשן און געשאָסן אויף די יידן־אַרבעטער און זיי זענען געפאַלן טויט. דאָס איז געווען אַ קינסטלעך־צוזאַמענגעשטעלט מאַריאָנעטן־טעאַטער, וואָס האָט געמאַכט באַוועגן אַזויפיל ליאַלקעס. מען האָט געשטוינט, נישט געקענט גלויבן, אַז דאָס קינד האָט עס געמאַכט.

געווען אַן אַנדערע, אַ גאָר יונגע פרוי, סטעפאַ, וואָס איז געווען פאַרהייראַט צו אַ יונגן אַדוואָקאַט. זי איז געווען אַ וואַרשעווערין און איר מאַן אַ קראָקעווער, אַ זון פון אַ רייכן סוחר. זי איז געווען זייער אַ צאַרטע מיט אַ לענגלעך ווייס פּנים, כמעט פיליגראַן־דורכזיכטיק. אַ הויכע, שלאַנקע, מיט ווילד־צעוואָרפענע רויט־בלאָנדע האָר. צופּיל באַרעדעוודיק איז זי נישט געווען, זיך נישט געקאָנט צופּאַסן צו דער שווערער אַרבעט און צו דער סביבה. זי האָט זיך נאָר אַרומגעקוקט מיט אירע צעשראָקענע גרינע אויגן, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן מיט זיך.

ביי דער אַרבעט האָט מען זיך ווי ס׳איז אַן עצה געגעבן צו פֿאַרדעקן אַזעלכע מענטשן. זי האָט פֿון זיך אָדער פֿון וואַרשע, פֿון וואַנען זי איז געקומען, גאָר נישט דערציילט און מיר האָבן זי אויך נישט געפֿרעגט.

איין מאָל האָבן מיר געזען ווי זי נעמט דאָס שטיקל ברויט וואָס זי האָט געהאַט אין קליינע פּיצלעך אין מויל אַריין און קייעט עס זייער לאַנג. דאַן האָט זי עס אַרויסגענומען פֿון מויל און אויסגעקנעטן אויף דער האַנט אַ טייגל, דאָס צעטיילט אין קליינע פּיצלעך ווי אַרבעסלעך און מיט אירע לאַנגע פֿינגער אויסגעאַרבעט קליינע צאַרטע בלעטעלעך און דינינקע שטענגעלעך און פֿון דעם צוזאַמענגעשטעלט צאַרטע, קליינע בלימעלעך. באַפֿאַרבט האָט זי זיי מיט רויטער ליפּן־פֿאַרב, אויסגעטריקנט, ס׳האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ וווּנדערלעכע מיניאַטור־סקולפּטור. יעדער פֿון אונדז איז געוואָרן פֿאַרכאַפּט פֿון דער אַרבעט. די פֿאַראַרבעטער האָבן שוין גע־זאָרגט, אַז זי זאָל האָבן גענוג ברויט צו דעם צוועק. אויך די יידישע קאַפּאָס, וועלכע זענען אַריינגעקומען, האָבן דאָס געזען און איר צוגעזאָגט צו באַ־זאָרגן פֿאַרב פֿון שטאָט. זי האָט אויסגעקנאָטן די שענסטע געוויקסן און בלומען מיט די געהעריקע פֿאַרבן אין אַ געפֿלעכט פֿון אַ קוישל וואָס זיי האָבן געגעבן דעם רוצח, דעם קאָמאַנדיר.

, זינגען זינגט מען ווען מען איז לוסטיק, אָבער מיר, יידן, זינגען, ווען מען איז טרויעריק, הונגעריק. אין לאַגער איז דאָס געווען אַ זינגען — ערגער ווי אַ געוויין, נאָר מען האָט געזונגען. מען האָט געזונגען דאָס ליד פֿון געבירטיק „עס ברענט", מיט אַזויפֿיל פֿייער, אַז עס האָט ממש גע־וועקט צו לעשן דאָס פֿייער אַרום אונדז...

מען האָט געזונגען ביים שכן דעם רב — די תּפֿילות, די שבתדיקע זמירות, מיט אַ שטיל פֿאַרשטיקט קול פֿון טרערן. אין געטאָ, אין לאַגער, אין פּלאַשעוו, האָט מען געברומט ביי דער אַרבעט אַ פֿאַרשטיקטן, טרוי־עריקן ניגון.

מען האָט אונדז געצוווּנגען צו זינגען ביים מאַרשירן. ביי יעדער אַקציע האָט געשפּילט אַן אָרקעסטער פֿון יידישע מוזיקאַנטן.

אַ יונג בחורל האָט מען אויפֿגעהאָנגען, ווייל ער האָט געזונגען ביי דער אַרבעט. איך בין אַמאָל אַריינגעקומען צו מיין מאַן אין באַראַק, ווו

עס זענען געווען פיל פרומע יידן פון קראָקע און אַנדערע שטעט, האָב איך געהערט, פרייטיק־צו־נאַכט, אויף די חושכדיקע נאַרעס, זינגען אין דער שטיל זמירות; שבת־צונאַכטס — זינגען „המבדיל" מיט „דעם זרעינו וכספנו... ירבה כחול". אַ צווייטער ייד, אַ צעווייטיקטער, איז אויפגעשפרונ־גען מיט אַ געוואַלט: — „הערט אויף! ווו זענען די „זרעינו וכספינו"? — און האָט זיך ביטער צעוויינט.

לעבן מיין מאַן איז געלעגן אַ ייד אַ פאַרצערטער. נישט לאַנג געקומען פון באָכניע, נאָך דער ליקווידאַציע. איך האָב באַמערקט ווי אַ פאַרבייגייענ־דיקער יידישער פּאָליציאַנט פון דער „אָרדענונגס־דינסט" האָט דערזען דעם ייד. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געגעבן דעם ייד שלום, געפרעגט וואָס ער מאַכט. ער איז געווען פון זעלבן שטעטל פון וואַנען דער ייד איז געקומען.

דער ייד האָט אים געזאָגט: — דו זעסט דאָך!... און ער גיט צו: — דו, זע איך, האָסט דיך ברוך־השם גוט אַרויפגעאַרבעט, משה־לייבעלע, דו ביסט שוין גאָרנישט קיין לייבעלע נאָר אַ פּאָלנער לייב...

דער אָרדענונגס־דינסט־מאַן איז געווען פיין אָנגעטאָן, אין אַ גוטן מונדיר מיט גלאַנציקע קנעפּ, פיינע גלאַנציקע שטיוול, אַ רייט־בייטש אין האַנט. דער זאָג פון דעם ייד, האָט אים אַריינגעברענגט אַ ביסל אין אַ פאַר־לעגנהייט.

דערווייל האָט זיך דער ייד געווענדט צו זיין ליגנדיקן שכן: — נו, וואָס טוט איר, ר' שלום? איר זעט אויס צו האָבן היץ, נעמט אייך מיין דעק, דעקט אייך אַרום ביז איך וועל מיך לייגן וועט איר זיך אַ ביסל דער־וואַרעמען. און ער זאָגט דערביי צו מיר און מיין מאַן: — אָט דער ייד האָט געהאַט אַ שטיקל מכשול, ער האָט נישט געהאַט קיין כוח צו לויפן מיט די שטיינער ביי דער אַרבעט האָט מען אים צעשלאָגן. — דער ייד האָט צו זיין בן־עיר מער גאָרנישט גערעדט און האָט פלוצים געגעבן אַ זינג אַרויס מיט אַ קול — אל מלך נאמן שמע־ע־ע ע...

דער בחור פון דער אָרדענונגס־דינסט האָט שווייגנדיק אַוועקגעשפּאַנט. גייענדיק דורך דער לענג פון באַראַק צו דער טיר האָט ער זיך צעזונגען: „איך בין אברהמל, דער פעיקער מאַרעוויכער"... ער איז צוגעקומען צו דער טיר, אַ קוק געטאָן אויף זיין האַנט־זייגערל. עס איז שוין ניין אַ זייגער, מען

מוז אויסלעשן די ליכט. האָט ער זיך צעריטשעט טאַקע ווי אַ פאָלנער לייב:

— פרויען ראַוס! ליכט אויס!

גייענדיק אַהיים נאָך דער אַרבעט נאָך דעם אַפּעל, האָב איך געוויינט לעך אָפּגעטראָטן אין מענער־באַראַק צו זען זיך מיט מיין מאַן. ווי לאַנג מ'האָט נאָך געקאָנט מיט וועמען זיך צו זען בין איך מיט מיין שוועסטערן־טאָכטער, סאַבינע, אַריינגעגאַנגען אין דעם מענער־באַראַק, וואָס איז געווען ביים וועג ווו מיר זענען דורכגעגאַנגען. די פרויען־באַראַקן זענען געווען אין דער אַנדערער זייט פון הויפּטוועג, אויף די בערג. אפשר צוויי מינוט נאָך ניין, אַהיימגייענדיק, האָט אונדז אַן אָרדענונגס־דינסטמאַן געטראָפן און אַריינגעזעצט אין דער לאַגער־טורמע. עס איז געווען נישט ווייט פון די פרויען־באַראַקן. אין דער טורמע אין דער שטוב ווו מיר זענען געווען, איז געזעסן אַרעסטירט אַ יידישער קאַפּאָ, פאַרוואָס — ווייס איך נישט. עס איז דאָרטן אויך געווען אַ גאַנצע משפחה, אַ פרוי מיט 4 קינדער. מען האָט זיי געכאַפּט מיט „אַרישע" פּאַפּירן. קינדער פון איין יאָר ביז זעקס. מען האָט אַריינגעבראַכט פאַר די אַרעסטאַנטן זופּ. די מוטער האָט איינגע־שלעפערט דאָס קליינע קינד מיט פאַרשידענע לידער. אויך די אַנדערע קינדער זענען איינגעשלאָפן אויף דער ערד. עס איז אַריינגעקומען אַ העכערער אָפיציר פון דער אָרדענונגס־דינסט. איך האָב אים דערציילט פאַר־וואָס מיר זיצן, אים געבעטן ער זאָל אונדז אַרויסלאָזן, ווייל עס איז שפּעט און מיר דאַרפן אויפשטייען פרי צום אַפּעל און גיין צו דער אַרבעט. ער האָט זיך געלאָזט בעטן און האָט אונדז מיט אַ וואָרנונג געזאָגט: — נאָך איין מאָל, איר וועט גיין דאָרט ווו זיי גייען... — אָנווייזנדיק אויף די אַנדערע אַרעסטאַנטן. מיר זענען געלאָפן אַהיים. איך האָב טאַקע געוואַרט ביים פענצטער, געוואָלט זען וואָס עס וועט פאָרקומען. אַרום אַ שעה שפּעטער, האָב איך געזען ווי מען האָט די אַרעסטירטע אַרויסגעפירט צום בערגל, אַלע דערשאָסן און פאַרברענט. ווען מען לאָזט אונדז דעמאָלט נישט אַרויס, וואָלטן מיר געטיילט דעם זעלבן גורל.

מענטשן אין פאַרשידענעם עלטער האָבן געזונגען. פאַרשידענע לידער האָט מען געזונגען. יונגע מיידלעך האָבן געזונגען פון בלומען, ליבע, פייגל,

פרייע פעלדער, פאַרבענקטע נאָך נאָענטע, נאָך פרייהייט. יונגע מאַמעס, וועלכע האָבן שוין די קינדער נישט געהאַט, האָבן געזונגען וויג־לידער און זיי פלעגן אין מיטן זינגען איבעררייסן דאָס געזאַנג, בלייבן ווי פאַרשטיינערט, און פאַרשעמטע געוועבדטע זייערע בליקן צו דער שכנטע: — אַזוי פלעג איך זינגען ביים איינשלעפערן מיין שרהלען...

# א גרופע פון אכט פרויען

צווישן אַנדערע מענטשן האָב איך באַטראַכט אַ יונג פאָר. זי, אַ יונגע פרוי פון אַ יאָר 24 אָדער 25 יאָר. איר מאַן איז געוועזן אין רוסלאַנד. ער, האָט פאַרלוירן די גאַנצע משפחה. זי איז געוועזן אַ שיינע ברונעטקע, אַ גוט־האַרציקע, גערעדט זייער ווייניק. איר נאָמען איז געווען ג י ז אַ. געווען אַ טאָכטער פון אַ רייכן סוחר אין קראָקע אויף פלאָריאַנסקע גאַס. איך האָב זי געקענט, ווייל זי האָט געאַרבעט מיט מיר אין איין גרופע.

די גרופע איז באַשטאַנען פון אַכט פרויען, וועלכע האָט געמוזט אַרויס־געבן גאַנצע 64 שטיקלעך פאַרטיקע אַרבעט אַ טאָג. דאָס הייסט, יעדע פון דער גרופע האָט געדאַרפט אויפנייען 8 פאָר אויסגעפאַרטיקטע הויזן. מיר האָבן געקראָגן די צוגעשניטענע טיילן און די אַרבעט איז געמאַכט געוואָרן לויט אַ טאַשמע־סיסטעם, יעדע האָט אויסגעפאַרטיקט אַ געוויסע טייל. נאָר בלוזעס אָדער פארשאלונגען, האָט מען געאַרבעט פאַר זיך און געמוזט מאַכן גאַנצע 8 שטיקלעך פון אָנהייב ביז ענדע.

די צווייטע איז געווען אַ פרוי פון 33 יאָר, ל אָ ל אַ. געווען פאַר דער מלחמה אַן אייגנטימערין פון אַ גוטן פרויען־הוט־געשעפט. זי האָט פאַרלוירן דעם מאַן, איר איינציק קינד און די גאַנצע משפחה. אַ גוטע נשמה, אויפגע־געבנומען אַלץ ווי ס'איז געקומען. נישט באַמיט זיך צו פאַרגרינגערן, גע־לעבט סתם אַזוי, פון טאָג צו טאָג.

ווייטער איז געווען אַ יונגע פרוי מיט דעם נאָמען ג ו ס ט אַ, אַ רייכן טאַטנס אַ קינד. אַ קליינינקע און זייער אַ סימפּאַטישע. זי האָט געקאָנט אַפילו הייסן אַ שיינע, נאָר איר נידעריקער האַלדז איז געווען ווי אַריינ־

געראַקט צווישן די אַקסלען. דער מאַן האָט געהאַט אַ גוט לעדער־געשעפט אין קראָקע. ער איז אויך געווען אין לאַגער פּלאַשעוו. נאָר איר איינציק קינד האָט זי פאַרלוירן.

אַ פערטע, אַ ד ע ל אַ, אַ פרוי פון אַ שניידער. זי אַליין האָט אויך געקאָנט די מלאכה און אונדז פיל געהאָלפן. איר מאַן האָט אויך געאַרבעט אין לאַגער. איר עלטער — בערך אַ יאָר 35. אויסגעצייכנט האָט זי זיך מיט גאָרנישט, חוץ וואָס זי האָט שטענדיק באַוויינט איר אומגעקומען ייִנגעלע און די גאַנצע משפחה.

די פינפטע איז געווען אַן עלטערע פרוי מיטן נאָמען ר...ז. ביז דער מלחמה געהאַט אַ גרויס געשעפט אין קראָקע פון טעפּיכער און לינאָלעאום. מיר האָבן זיך געוווּנדערט ווי אַזוי מען האָט זי אַריינגעקריגן אין לאַגער. אונדז ביי דער אַרבעט האָט זי נישט געקאָנט העלפן. יעדער האָט אויף איר געהאַט רחמנות, ווייל זי איז געווען אַ קראַנקע פרוי מיט אַ קראַנק האַרץ. ביי אירע פערזענלעכע ליידן, האָט זי נאָר געבעטן מען זאָל אויף איר נישט זיין בייז. זי האָט געקרעכצט אין דער שטיל און געליטן.

די זעקסטע פרוי איז געווען אַלט אַ יאָר 40. געהייסן האָט זי ג אָ ל ד ע. געווען אין לאַגער מיט אַ זון פון אַ יאָר 17. געלעבט האָט זי צוליב אים, דעם איינציקן איבערגעבליבענעם משפחה־מיטגליד. געווען איז זי זייער דיק. נישט געקוקט אויף דעם הונגער־עסן וואָס מען האָט געגעבן, האָט זי דאָך געוווּיגן אפשר 200 קילאָ. איין מאָל איז זי געלאָפן זען איר זון. האָט מען זי געכאַפּט אויפן וועג און אַריינגעזעצט אויף 24 שעה אין בונקער. דער בונקער איז געווען אַן אָרט אין דער לאַגער־שטיינהאַקעריי. מען האָט דאָרט געמאַכט קליינע בעטאָנענע אָפּטיילונגען, ווו אַ מענטש האָט געקאָנט בלויז שטיין און זיך אפילו קיין ריר נישט געבן. פון אַנידערזעצן זיך איז קיין רייד נישט געווען — ממש ווי אין אַן אויפגעשטעלטן קאַסטן. די בונקערס זענען נישט געווען געמאַכט לויט די מאָס פון דיקע מענטשן, אַזוי, אַז גאָלדען האָט מען מיט געוואַלט אַהין אַריינגעשטופּט. נאָך די 24 שעה, ווען מען האָט זי געדאַרפט אַרויסשלעפּן, איז געווען נאָך ערגער, מען האָט זי קוים אַרויסגעקראָגן מיט אָפּגעריסענע שטיקער הויט און פלייש פון איר קערפּער. דעם נאָענטסטן טאָג האָט מען זי קוים דערשלעפּט צו דער אַרבעט

אַ געשוואָלענע, אַ שוואַרץ־בלאָע מיט ווונדן. צו דער אַרבעט האָט זי גע־מוזט גיין.

די זיבעטע איז געווען ערגעץ פון דער פּראָווינץ. אַ מיידל פון אַרום 22 יאָר, מיטן נאָמען מ י ר ל. זי האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען און דערציילן וואָס זי האָט געזען און דורכגעלעבט אין איר היים־שטעטל ביים אומברענגען איר גאַנצע משפּחה.

איך מיט מייניע 40 יאָר, בין געווען די אַלטע פון דער גרופּע. אויף דעם פּלאַץ האָבן אויך געאַרבעט מענער, אָבער פרויען זענען געווען פיל מער.

אַ יונג ייִנגל פון 15 יאָר, דוד, פון קראָקע האָט געאַרבעט מיט אונדז אין דעם באַראַק. ער האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט — איך האָב אויסגעפונען, אַז ער האָט קיינעם נישט. פיל פון זיין משפּחה וואָס זענען געווען אויסבאַהאַלטן אויף דער פּוילישער זייט זענען געכאַפּט און אומ־געבראַכט געוואָרן. ער איז מיט ניסים אַנטלאָפן. איך פרעג אים אין וועלכע שולע ער איז געגאַנגען און דערוויס זיך, אַז ער האָט געלערנט אין דער „מזרחי"־גימנאַזיע און איז געווען אַ גוטער חבר פון מיין פּלימעניק מרדכי, געווען מיט אים אין איין קלאַס. איך האָב געפילט אַ נאָענטקייט צום קינד דעם פיל־פּאַכיקן יתום, וואָס איז שטענדיק געווען שטיל און פאַראומערט. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר טאָן אַ טובה און יעדן טאָג צוקומען צו מיר. — אַזוי זאָג איך, וועט אונדזביידן זיין היימלעכער. איך האָב גע־זאָרגט אַז ער זאָל יעדן טאָג באַקומען אַן עקסטראַ ביסל זופּ אָדער אַ ביסן ברויט. מיר האָבן געהאַט אַזויפיל צו רעדן, איבערהויפּט פון חייז אומגע־קומענעם פּלימעניק, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט ספּעציעלע פעיקייטן, איינער אין דער גאַנצער שולע. אונדזער פריינדשאַפט האָט אָנ־געהאַלטן און עס איז אונדז געווען גוט. ביז מען האָט אונדז ביידן אַרויס־געשיקט פון לאַגער פּלאַשאָוו.

# א ליבע־טראַגעדיע אין לאַגער

געווען אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען בעניעק, אַרום 28 יאָר אַלט, זייער אַן איידעלער, אַ שטילער; אַלעמאָל געווען אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט און האָט ווייניק וואָס גערעדט צו וועמען. אַלייך זיך געשאָלטן און געקלאָגט אויף זיין ביטערן גורל. פון צייט צו צייט פלעגט אין באַראַק ווערן אַ שטיקל טומל, מען האָט זיך געקריגט אָדער געאַמפּערט, אָבער נישט בעניעק. ער האָט זיך בלויז צוגעקוקט אין דער שטיל מיט זיינע טרויעריקע אויגן און בלאַסן פּנים. איין זאַך האָב איך באַמערקט, אַז זיין בליק איז אָפּט געווענדט צו גיזען, צו דער יונגער פרוי וועמענס מאַן איז אין רוסלאַנד. אַמאָל האָט אונדז גיזע דערציילט, אַז נאָך דער אַרבעט זעט זי זיך מיט בעניעקן און אַז עס איז זיי ביידן גוט. ביידע האָבן נישט קיינעם, און ער זאָגט, אַז זי איז זייער ענלעך צו זיין אומגעקומענער פרוי. ער רעדט נאָר פון זיין פרוי, ער קאָן אָן איר נישט לעבן, ער וואַרט מען זאָל שוין פון אים מאַכן אַן ענדע, ער זאָל זיך מיט איר פאַראייניקן אויף אייביק. ער איז איר, גיזען, זייער דאַנקבאַר בלויז פאַר אפילו אויסהערן אים. און זי, אַ גוטע נשמה, איז געווען אַ גוטע צוהערערין. אַזוי איז די אמתדיקע און טרייע פריינדשאַפט אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע צייט. איך און לאָלע האָבן וועגן דעם גערעדט און זיך אַ ביסל געשראָקן פאַר דער פריינדשאַפט. קיינער פון דער גרופּע האָט וועגן דעם גאָרנישט געוווּסט.

אין לאַגער איז בכלל געווען אַ סך הפקרדיקייט. ס'איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל „אַזוי טויט און אַזוי טויט". ס'האָט אויך אַרומגעקרייזט אין פּוי־לעש: „טאַק מאָגילאַ אי טאַק מאָגילאַ" — זאָל מען כאָטש האָבן עפּעס פון לעבן. פאַר אַ ביסל זופּ אָדער אַ שטיקל ברויט האָט מען זיך צופיל דערלויבט. צווישן די דאָזיקע יונגע מענטשן איז אָבער טאַקע געווען נאָר אמתע, טרייע פריינדשאַפט. זיי האָבן קיינמאָל זיך נישט אויסבאַהאַלטן פון מענטשנס

אויגן, בעניעק האָט נאָר געדעדט וועגן זיין פאַרלוירענער פרוי, ביז איינמאָל...

איינמאָל איז גיזע געקומען צו לאָלען און איר פאַרטרויט, אַז זי איז שוואַנגער. לאָלע האָט באַלד, פון גרויס זאָרג פאַר דעם מיידל, מיך צוגע־צויגן צום סוד. וואָס דאָס האָט געמיינט אין לאַגער האָבן מיר געוווּסט. מיר האָבן זי געפרעגט, צי די בלויזע פריינדשאַפט צו בעניעקן, האָט גע־בראַכט צו דעם? דאָס מיידל האָט געוויינט און געשוווירן, אַז דער יונגער־מאַן באַציט זיך צו איר מיט דעם גרעסטן רעספּעקט און זיי ביידע ווייסן נישט וויאַזוי און ווען דאָס איז געשען. ווייזט אויס, אַז די צוויי יונגע נשמות זענען געווען אין טראַנס פון פאַרגעסנקייט. ער האָט די זאַך גע־נומען צום האַרצן און דורך עמעצנס הילף געקראָגן אַ דאָקטאָר פון לאַגער און געטאָן, אַז די שוואַנגערשאַפט זאָל איבערגעריסן ווערן, וואָס עס איז אויך געלונגען. איך האָב געגלייבט די ביידע יונגע מענטשן באמונה שלמה, אַז זיי זענען נישט אויסן געווען אָפּצוטאָן דאָס שלעכטס.

נאָך דעם קריג אין 1946, האָב איך געטראָפן גיזען אין קראָקע זייער אַ באַטריבטע. זי האָט געפונען אַ ברודער וואָס האָט דורכגעלעבט אויף פּוילישע פּאַפּירן און האָט חתונה געהאַט מיט דער פּוילישער טאָכטער פון דער פאַמיליע, וווּ ער איז געווען אויסבאַהאַלטן. ער איז איצט אַן אינזשיניער. צוליב דער פּוילישער שוועגערין פילט זי זיך זייער פרעמד ביי אים. זי האָט באַריכטן, אַז איר מאַן קומט צוריק פון רוסלאַנד. זי האָט אים זייער ליב און וואַרט אויף אים. עס דריקט איר אָבער דער סוד וועלכן איך ווייס און אפשר ווייסן עס אויך אַנדערע. צי בעניעק לעבט, ווייסט זי נישט, זי ווייסט נישט וואָס צו טאָן, דערציילן איר מאַן אירע איבערלעבונגען, האָט זי מורא פאַר ביטערע פאָלגן. נישט דערציילן — איז אויך אַ געפאַר, ער קאָן עס פון ערגעץ אויסגעפינען. זי קאָן אויך נישט לעבן מיט איר מאַן און האָבן איר גאַנץ לעבן אַ שטיין אויף איר געוויסן. איר ברודער איז צו איר צו פרעמד זי זאָל אים קאָנען דערציילן אָדער פרעגן אַן עצה. זי וויל דעריבער איך זאָל איר זאָגן וואָס צו טאָן. ליידער האָב איך איר מיין עצה נישט געקאָנט געבן. איך האָב איר נאָר געזאָגט זי זאָל זיך פרייען און זיין גליקלעך ווען איר מאַן וועט קומען, און ווען די פאַסיקע צייט וועט

קומען וועט זי אפשר קאָנען אויפעפענען איר האַרץ. איך האָב איר גע־ווונטשן זי זאָל אָננעמען דעם פּאַסיקן באַשלוס און אָנהייבן אַ ניי לעבן.
מער האָב איך פון איר נישט געהערט.

## בענקשאפט נאָך קינדער...

עס איז כדאי צו רעדן וועגן גוסטען, אַ יונגע פרוי, וואָס האָט פאַר־לוירן אירע צוויי קינדער. דער מאַן איז געווען אין לאַגער אָבער מיר, וועלכע זענען געווען נאָענט צו איר, האָבן געזען, אַז צווישן איר און איר מאַן איז עפּעס נישט אינגאַנצן גוט. געזען האָבן זיי זיך ווי עפּעס נאָר לפּנים, ווי עס וואָלט זיי עפּעס איינס פון אַנדערן דערווייטערט. דאָס האָט געמוזט זיין אַן אָנגעווייטיקטער ענין. זי האָט קיינמאָל דעם ענין נישט באַרירט. ביי דער אַרבעט האָט זי אַריינגעגראָבן דעם קאָפּ נאָך טיפער צווישן די פּלייצעס און געפּלייסט זיך ווי זי וואָלט געוומען באַצאָלט. פון צייט צו צייט האָט זי געגעבן אַ צאַפּל און נאָך נידעריקער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער מאַשין. דעמאָלט האָב איך געוווסט צו געבן איר אַ נעם ביי דעם אַקסל. איך בין געזעסן האַרט נעבן איר. זי האָט געווייגלעך אויפגע־הויבן איר פּנים, אַ לעכעדיקס נאָר מיט רויט־פאַרוויינטע אויגן און דערביי אַ זאָג־געטאָן: — זעסט, איך האָב מיך דערמאָנט אַ ליד, וואָס איך האָב געזונגען מיינע קינדער צום שלאָפן גיין. אָדער זי פלעגט זאָגן — איך זע אַזוי געזנוי מיין קליין מיידעלע זיך שפּילן מיט איר גרויסע ליאַלקע.

ביי יעדן אויפוועקן זי פון אירע מחשבות האָט זי מיר דערציילט וועגן די וויזיעס און זעאונגען וואָס זי האָט. עפּעס אַן אָנצוהערעניש האָט זי מיר געגעבן, אַז דאָס צעריסנקייט מיט איר מאַן נעמט זיך פון קעגנזייטיקע טענות צוליב דעם אומקום פון די קינדער.

אויך זי, גוסטען, האָב איך געטראָפן אין קראָקע נאָך דער באַפרייאונג אין 1946. זי האָט מיר געזאָגט, אַז איר מאַן איז אויך דאָ צוריק, זיי ווינען צוזאַמען. זי איז געווען זייער טרויעריק און פאַראומערט.

מיר האָבן זיך אַ ביסל דורכגערעדט. איך האָב איר דערציילט פון מיין

גרויס גליק, אַז איך האָב מײַנע צוויי קינדער און נאָך זעקס קינדער, װעלכע באַלאַנגען נאָר צו מיר, ווייל זיי האָבן קיינעם נישט מער. איך האָב איר דערציילט וועגן דער שווערער לאַסט וואָס ליגט אויף מיר, כדי צו קאָנען אַרויסנעמען די קינדער פון פוילן. אַמשווערסטן איז מיר געווען מיט צוויי יינגלעך פון מיין מאַנס ברידער, זעקס און אַכט יאָר אַלט. זייערע עלטערן זענען אומגעקומען און די פּאַליאַקן ווילן מיר נישט אַרויסגעבן די קינדער.

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז זי ווידער געקומען צו מיר און האָט מיך געבעטן איך זאָל איר נישט אָפּזאָגן און מיר פאַרגעשלאָגן איך זאָל איר אַוועקגעבן איינעם אָדער ביידע יינגלעך, זיי ווילן זיי אַדאָפּטירן. זי האָט מיר דערקלערט, אַז איך וועל זיי מאַכן גליקלעך און פשוט ביים לעבן דער־האַלטן. איך האָב איר געענטפערט, אַז איך האָב שוין געהאַט אַן ענלעכן פאָרשלאַג פון זייער אַ רייכן אויסלענדישן ייד, די קינדער זענען אָבער מיינע און אפילו פאַר אַ גאַנצע וועלט וועל איך קיין איינעם נישט אַוועק־געבן. ווען איך זאָל אַפילו מיין לעבן דאַרפן אַוועקגעבן. איך האָב איר אָנ־געוויזן, אַז עס געפינען זיך קינדער אין יתומים־הויז און זי זאָל זיך דאָרט באַמיען און נעמען אַן איינזאַמען יתום.

זאָל זי אַליין זען און האָבן אַ קינד, זי איז דאָך אַזוי יונג.

זי האָט מיר גאָרנישט געענטפערט, זיך אָפּגעזעגנט און איז אַ טרויערי־קע, ווי אַלעמאָל, אַוועק.

# א חלום וועגן א פּאָר שיך...

זומער, 1942, האָב איך אַוועקגעגעבן מיינע גוטע שיך צו מיין שוועסטער אויף איר טויטן־מאַרש, דאָרט אין דעם קליינעם שטעטל. איך בין געגאַנגען אין דעם באַהעלטעניש אַרייַן אין אירע זומערדיקע סאַנדאַלן. זי האָט מיינע שיך נישט געוואָלט נעמען, נאָר איך האָב זי געבעטן און איבערצייגט אַז זיכער וועט זי דאַרפן גיין צופוס אַ ווייטן מהלך, זאָל זי נעמען מיינע שיך. איר וועג האָט טאַקע געפירט ווייט. דורך בעלזשעץ אין דער אייביקייט.

פון יענער צייט ביז לאַנג נאָך דער באַפרייאונג, האָב איך קיין שיך נישט געהאַט. איך האָב ערגעץ געקראָגן אַ פּאָר צעריסענע הילצערנע שיך אָדער געקויפט אַזאַ פּאָר פאַר דער פּאָרציע ברויט, האָט מען זיי ביי מיר אַוועקגעגנבעט ביינאַכט, אָדער זיי זענען זיך צעפאַלן אין די וואַסערן און בלאָטעס. מייסטנס זענען די פיס געווען אַרומגעוויקלט אין שמאַטעס מיט שטריק פאַרבונדן.

איינמאָל האָב איך אין פּלאַשאָוו־לאַגער געטראָפן אַ יונגנמאַן. איך האָב זיך דערפרייט אים צו זען, אונדזערס אַ גוטער באַקאַנטער. געווען איז ער אָנגעטאָן אין הויכע גלאַנציקע שטיוול און ער דערציילט מיר, אַז ער איז דער קאַפּאָ אין דער שוסטער־פאַבריק פון לאַגער. איך ווייז אים אויף מיינע פיס און בעט אים, אפשר קאָן ער מיר פאַרשאַפן אַ פּאָר שיך. ער זאָגט מיר צו דאָס צו טאָן. דעמזעלבן אויף דער נאַכט האָב איך דערציילט מיין מאַן די גוטע בשורה, אַז איך האָב געטראָפן מעכלאָוויצן אויף דעם אַפּעל־פּלאַץ און ער האָט מיר צוגעזאָגט צו געבן שיך. איך האָב נאָך צוגעגעבן ווי ריכטיק עס איז דאָס וואָרט: „שלח לחמך על פני המים” — אַז אויב מען וואַרפט ברויט אויף דעם וואַסער קומט עס צוריק צושווימען.

ווער איז דער מעכלאָוויץ?

## בערטאַ פערדערבער־זאַלץ

אין יאָר 1938, ווען די דייטשישע מערדער האָבן פאַרטריבן די פּוילישע ייִדן פון דייטשלאַנד איבער דער גרענעץ „אין קיינעמס לאַנד", אין זבאָנ־שין, האָט מען געבראַכט מיט דעם ערשטן טראַנספּאָרט, אַ פּאָר טויזנט ייִדן קיין קראָקע. דאָס רחמנות און ווייטיק איז געווען זייער גרויס. דער געשאַפענער קאָמיטעט, אין וועלכן איך און מיין מאַן האָבן מיטגעאַרבעט, האָבן אָפּגעוואַרט די מענטשן ביי די באַנען. די מענטשן זענען אָנגעקומען אין נאַכט־העמדער, פּידזשאַמעס; קראַנקע, אויף טראָג־בעטלעך. מען האָט אין ייִדישן אַקאַדעמישן הויז און אַנדערע ערטער, געמאַכט געלעגערס, כדי צו געבן די מענטשן אין די ערשטע נעכט אַ דאַך איבערן קאָפּ. מען האָט געבראַכט פון רעסטאָראַנען עסן. מיט דעם אָנפירן און פינאַנסירן האָט זיך פאַרנומען דער גרויסער נדבן און פּאָפּולערע פּערזענלעכקייט, זיגמונט אַלעקסאַנדראָוויטש און אונדזערער טייערער פריינד......

אין די נאָענטסטע טעג האָט מען זיך גענומען צו דער אַרבעט אַריינ־צוגעבן איינצלנע מענטשן אין פּריוואַטע היימען; צו מאַכן די אומגליקלעכע פילן בעסער און אויך צו פאַרגרינגערן דעם קאָמיטעט. מענטשן וואָס האָבן נישט גענומען עמעצן אין זייער הויז האָבן זיך ביישטייערט צו צאָלן יעדן חודש, כדי מ'זאָל קאָנען אויסהאַלטן די מענטשן און זיי איינאָרדענען. מיין מאַן האָט זיך פאַרשריבן צו צאָלן 20 פּראָצענט פון זיינע פאַרדינסטן יעדן חודש. ער האָט עס געטאָן דערפאַר, ווייל אונדזער ייִנגסט קינד איז געווען בלויז פינף וואָכן אַלט און עס וועט זיין שווער צו האָבן אַ פרעמדן מענטש אין הויז.

מיר האָבן זיך אָבער דורכגערעדט און מיט דער צושטימונג פון אונ־דזער משרת, האָבן מיר צו וויסן געגעבן דעם קאָמיטעט מען זאָל אונדז שיקן אַ מענטש צום וווינען און עסן ביי אונדז. מען האָט אונדז טאַקע געשיקט אַ מענטשן מיט די געהעריקע פּאַפּירן פון דער צוטיילונגס־ביוראָ. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן, אַ קורצער און זייער אַ דאַרער מיט פעך־שוואַרצע האָר און אויגן פון אַ יאָר 25—26. ער האָט גערעדט אַן אמתדיקן דייטש, וואָס האָט געגרילצט אין די אויערן. אין זיין האַלטונג האָט זיך געפילט אַ היפּש ביסל חוצפּה. ער האָט אונדז דערציילט, אַז ער איז ערשט נאָך אַ מאַגן־אָפּעראַציע און איך זאָל וויסן, אַז ער מוז האָבן אַ ספּעציעלע

דיעטע, צי קאָן איך מיר דאָס אונטערנעמען? איך האָב אַרײַנגערופֿן מײַן משרת אין עסצימער און דערציילט וועגן קראַנקן יונגן מענטש, אַז זי וועט דאַרפֿן קאָכן ספּעציעלע עסנס פֿאַר אים ביז ער וועט זיך פֿילן בעסער. ער איז שוין ביי אונדז פֿאַרבליבן.

נאָך אַ פּאָר טעג, האָט ער זיך זייער שנעל אײַנגעלעבט מיט דער סביבה. ער האָט מיר דערציילט זײַן גרויסן „יחוס”: זײַן מוטער איז אַ ייִדישע, קומט פֿון לעבן וואַרשע און הייסט מעכלאָוויץ. זײַן פֿאָטער איז אַ דײַטש, און ער אַליין איז אַ נישט געזעצלעך קינד. די מוטער האָט אים אַרײַנגעגעבן אין אַ ייִדישע דערציִאונגס־היים פֿאַר אַזעלכע קינדער. דערבײַ האָט ער נישט געזשאַלעוועט די ערגסטע קללות און זידלערייען פֿאַר זײַן מוטער, פֿאַרוואָס זי האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ ייִד. נאָר צוליב איר, דער ה... איז ער אַ פּוילישער ייִד. זײַן פֿאָטער איז אַ גרויסער מאַכער אין דער נאַצי־פּאַרטיי און האָט אויך זין פֿון זײַן דײַטשישער ווײַב, וועלכע זענען אַליין שוין וויכטיקע מענטשן אין דער פּאַרטיי. נאָר אים האָט ער נישט געוואָלט העלפֿן. ער האָט זײַן פֿאָטער פֿיל מאָל אויפֿגעזוכט און געבעטן, אָבער זײַן אויסזען, געניי ווי זײַן פֿאַרשאָלטענע מוטער, און אויך די פּוילישע ביר־געשרשאַפֿט פֿון זײַן מוטער, מאַכן אוממעגלעך אים צו העלפֿן.

איך בין געוואָרן זייער איבערגעשראָקן פֿון דעם און דאָס דערציילט מײַן מאַן. האָט ער מיר געזאָגט — רעד נישט מיט אים פֿיל, גיב אים אַלץ ווי געהעריק; זאָל ער גאָרנישט מערקן אַז ער איז אונדז נישט צום האַרצן. עס איז דאָך ווינטער, ער איז נישט גאַנץ געזונט, לאָמיר וואַרטן ביז צום פֿרילינג, דאַן וועלן מיר זען. אַלץ איז אָנגעגאַנגען ווי געהעריק, אָבער געשראָקן האָב איך זיך פֿאַר אים. אויך דאָס משרת האָט זיך פֿאַר מיר באַ־קלאָגט, אַז ער שאַפֿט זיך מיט איר און באַליידיקט זי, וואָס זי האָט פֿון אונדז קיינמאָל נישט געהערט. איך האָב זי געבעטן צו האָבן געדולד.

נאָך אַ געוויסער צײַט איז ער געוואָרן געזונט און ער, מיט נאָך צוויי דײַטשע מענער, האָבן זיך גענומען האַנדלען מיט שיך. מיר האָבן געזען, אַז ער קאָן זיך פֿײַן אַן עצה געבן אַליין.

איך מאַי 1939, האָבן מיר אים דערקלערט, אַז אונדזער וווינונג ווערט געשלאָסן און מיר פֿאָרן אַוועק אויף דעם גאַנצן זומער. ער איז אַוועק פֿון

אונדזער הויז אין בעסטער פריינדשאַפט. זינט דעמאָלט האָבן מיר פון אים נישט געהערט און אים נישט געזען, ביז איך האָב אים פּלוצים באַמערקט אין לאַגער 4 אין פּלאַשאָוו, אין 1944.

עס איז געקומען דער טאָג ווען ער האָט מיך געהייסן קומען אין דער פאַבריק נאָך אַ פּאָר שיך. איך בין אַריינגעקומען אין מאַגאַזין מיט צענער טויזנטער און אפשר הונדערטער טויזנטער פּאָר שיך — אויסגעסאָרטירטע, אויסגעפּוצטע — שיך פון אונדזערע קרבנות. עס זענען געזעסן שקלאַפן, שוסטער־אַרבעטער צו ברענגען אַלץ אין אָרדענונג. מעכלאָוויץ האָט אויף זיין עכט־דייטשישן שטייגער געגעבן באַפעלן, געשריגן. ווען ער האָט מיך דערזען, איז ער מיט פעסטע טריט צוגעקומען און פרעגט מיך, צי איך וויל שיך? — דו האָסט מיך געהייסן קומען — האָב איך אים געזאָגט.

ער ווייזט מיר מיט דער האַנט אויף די אַלע שיך און זאָגט צו מיר חוצפּהדיק — נישטאָ קיין איין פּאָר פּאַר דיר. האָסט נישט קיין שיך, לויף אַרום באָרוועס.

איך בין געבליבן שטיין פאַרלוירן, נישט געוווּסט וואָס מיט זיך צו טאָן...

— איך אויף דיין אָרט, וואָלט דאָ לענגער נישט געשטאַנען — האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן מיט חוצפּה.

אַלץ אין אים איז געווען אַזוי דייטשיש, אַזוי נידערטרעכטיק, ער האָט אַזוי סאַרקאַסטיש געקוקט אויף מיר. איך בין אַרויסגעלאָפן ווי פון אַ פייער און זיך ביטער צעוויינט.

אַזוי האָט אויסגעזען אונדזער „שיקן ברויט אויף דעם וואַסער"...

# רוצחישער סאַדיזם מיט זופּ

עס איז זומער 1944, איך האָב געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט. די שיכטן האָבן זיך געטוישט; איין וואָך ביינאַכט און איין וואָך בייטאָג. נאָך דעם צוריקקומען פון דער אַרבעט אויף דעם אַפּעל־פּלאַץ האָט מען אונדז ערשט גענומען צו עקסטראַ אַרבעט, צום טראָגן ברעטער, שטיינער, גראָבן גריבער און דאָס גלייכן. די זון האָט געשיינט ווי אין אַ שיינעם הייסן זומערטאָג. מיר האָבן אָבער געפילט, אַז דאָס רייצט זי זיך מיט אונדז, כדי אונדזער אויסגעמאַטערטקייט זאָל זיך בעסער אָנזען און אונדזערע אויסגעפּייניקטע גופים זאָלן זיך נאָך מער פּייניקן מיט דער שווערער אַרבעט און דורשט. ענדלעך איז געקומען די באַגערטע אָפּרו־צייט..

די זופּ וואָס מיר האָבן געזאָלט קריגן אין באַראַק, האָט מען געבראַכט צום אַרבעטס־פּלאַץ, ווו מיר האָבן זיך געשטעלט אין דער ריי, איינער הינטערן אַנדערן, צו קריגן דאָס ביסל זופּ. צווישן אונדז איז געווען אַ יונג מיידל פון אַ יאָר 15. ווי הונגעריק עס זענען די דערוואַקסענע, מאַטערן זיך די קינדער נאָך מער פון הונגער. זי האָט זיך געפעדערט און באַוויזן זיך צו שטעלן פון די ערשטע אין דער ריי כדי צו קריגן וואָס פריער די זופּ מיט אַן אויסרעכענונג, אַז אויב עס וועט בלייבן אין קעסל אַ ביסל זופּ, וועט זי בעטן די פאַרטיילערין זי זאָל איר געבן נאָך אַ ביסל. דאָס קינד איז אַזוי געשטאַנען און געוואַרט נעבן דעם קעסל, ווו עס האָבן געוואַרט נאָך אַ פּאָר־און־צוואָנציק מענטשן צו נעמען זופּ, און יעדער מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט בלייבן אַ ביסל פאַר דעם יינגן מיידל.

דאָס אומגליק האָט אָבער געוואָלט, אַז אין דעם מאָמענט איז דורכ־געגאַנגען דער גרויסער מערדער וואָס האָט מיט זיין אייגענער האַנט אומ־געבראַכט פיל מענטשן אין לאַגער, זיין נאָמען איז געווען ווילי, ימח שמו, אַלט אפשר 23 יאָר. ער האָט פאַרלוירן איין האַנט אויפן פראָנט און אַזוי

מיט איין ליידיקן אַרבל פון דער לינקער האַנט, איז ער געווען צווישן די גרעסטע רוצחים און פייניקער.

דער רוצח איז דורכגעגאַנגען און געזען דאָס קינד שטיין נעבן דעם קעסל מיט דעם טעפל אין דער צייט ווען אַנדערע זענען געשטאַנען אין דער ריי אָדער געזעסן אויף דער ערד און געגעסן. ער איז צוגעקומען, אין זיין טייוולאָנישן מוח האָט זיך אויסגעפּלאַנירט אַ נייער איינפאַל צום פייניקן. ער פרעגט דאָס קינד פאַרוואָס זי שטייט לעבן קעסל, האָט זי אים געזאָגט, אַז זי וואַרט, טאָמער וועט נאָך דעם אויסטיילן עפּעס בלייבן אין אים וועט זי בעטן נאָך אַ ביסל.

ער פרעגט זי איבער: — דאָס הייסט אַז דו ווילסט נאָך אַ ביסל? גוט! פאַרטיילערין, גיב איר נאָך אַ פּאָרציע.

זי האָט געקראָגן נאָך אַ פּאָרציע און אין איין ציטערניש פאַר אים, אויפגעגעסן. ער הייסט איר געבן נאָך. זי דאַנקט אים און זאָגט, אַז עס וועט אויספעלן פאַר אַנדערע. דאָ האָט ער שוין אַ געשריי געגעבן:

— די וועלכע האָבן נאָך נישט געגעסן, וועלן שוין היינט נישט עסן, דו נעם נאָך און עס!

זי האָט געגעסן נאָך אַ זופּ און ער הייסט דער פאַרטיילערין אַריינ־גיסן אין איר שיסל נאָך זופּ, און אַזוי אָן אויפהער, ער צווינגט זי צו עסן. דאָס מיידל וויינט און בעט אים, אַז זי קאָן נישט מער, אָבער מיטן רע־וואָלווער אין האַנט צווינגט ער זי צו עסן. דאָס קינד וואַלגערט זיך אויף דער ערד, גיט צוריק דאָס עסן און נעמט נישט מער. זי בעט אים ער זאָל זי דערשיסן. האָט ער צוגערופן צוויי קאַפּאָס און געהייסן אַריינגיסן איר אין מויל די זופּ ביז מען האָט די גאַנצע זופּ אין איר און אויף איר אויסגע־גאָסן. זי איז געבליבן ליגן כמעט אַ טויטע. מען האָט נישט געגלויבט אַז זי וועט לעבן. די אַנדערע פיר און צוואָנציק מענטשן האָבן דעם טאָג נישט געגעסן.

אַוועקגייענדיק האָט דער רוצח געלאַכט און געזאָגט:

— זעט ווי מיר מאַכן זאַט מענטשן־חיות, וואָס קאָנען זיך נישט באַגנו־גענען מיט זייערס, נאָר ווילן צונעמען ביי אַנדערע...

דאָס מיידל האָבן מיר אַ היים געטראָגן. זי איז אַ לאַנגע צייט זייער קראַנק געווען. זי איז אָבער געקומען צו זיך און האָט דורכגעלעבט סיי די, סיי שפּעטער נאָך אַנדערע פּייניקונגען.

נאָך דער באַפרייאונג האָב איך זי געזען.

## א „לעבעדיק" באַשעפעניש אין לאַגער — א שטשור

געזאַנג וואָס איז געווען ערגער ווי געוויין האָט מען געהערט אין אַלע לאַגערן. געזאַנג וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון די טיפענישן פון די גע־פּייניקטע נשמות, נישט וויסנדיק אפילו אַז מען ברומט עפּעס אין צוזאַמענ־האַנג מיט עפּעס אַ מחשבה, וואָס איז אויפגעשוווּמען. נאָר אין איין לאַגער־פּלאַץ ווּ איך האָב נישט געהערט קיין געזאַנג און אַפילו נישט קיין רייד, איז געווען אוישוויץ. יאָ, איך האָב געהערט שפּילן אַן אָרקעסטער און געזען זינגענדיקע, מאַרשירנדיקע גרופּן צו דער טויטן־קאַמער. דאָס איז אָבער געווען אונטער דעם צוואַנג פון די פּייניקערס בייטשן. אין די באַראַקן האָט אָבער געהערשט אַ טויטן־פאַרגליווערטקייט. שאָטנס, אין זיך פאַר־מאַכטע, פאַרשטומטע מיט פאַרצווייפלונג און פּחד אין די אויסגעלאָשענע אויגן. עס איז געווען אַ פּלאַץ ווּ אַלץ איז געווען טויט און אויסגעלאָשן, חוץ די רויטע פייער־צונגען פון אויוון, וואָס האָבן זיך געריסן צום הימל אַרויף און געטראָגן די לעצטע ווײ־געשרייען פון די מיליאָנען שמע ישראלס, עס איז געווען אַ משונהדיק געזאַנג און לויב צו גאָט...

אין אַלע לאַגערן, פּלאַשאָוו, אוישוויץ, בערגען־בעלזען, האָבן מיר דורך די אַלע יאָרן נישט געזען קיין לעבעדיקע באַשעפענישן, ווי קעץ, הינט, פליענדיקע פייגל אָדער טויבן אין דער לופטן. קיין איין מאָל! עס זעט אויס, אַז די באַשעפענישן האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן די ריחות און די רויך־געשטאַנקען פון די פאַרברענטע קרבנות.

איינמאָל, אין אַ דעצעמבערדיקן פאַרטאָג, אַרום 5 אינדערפרי, אין אוישוויץ, האָט די קאַפּאָ אַרויסגענומען מיך און מיין שוועסטערן־טאָכטער

סאַבינע, און געהייסן אונדז גיין ברענגען קעסלען וואַסער פון אַ גאַר ווייטן מהלך. איך האָב זי זייער געבעטן: ס׳איז דאָך שטאַרק קאַלט און מיר זענען באָרוועס און נאַקעט. האָט זי מיר געזאָגט איך זאָל פּרובירן בעטן די באַראַקן־עלטסטע, אפשר וועט זי אונדז אָפּלאָזן. די באַראַקן־עלטסטע האָט לעבן דעם זייטיקן אַריינגאַנג צו אונדזער באַראַק, וואָס איז פריער געווען אַ פערד־שטאַל געהאַט אַ זייטיקע שטוב פאַר זיך. איך האָב מיך אָנגענומען מיט מוט און בין אַרויפגעגאַנגען אויף עטלעכע שטיגן צו איר אין שטוב אַריין. ווי געפּלעפט בין איך אָבער געוואָרן אַריינקומענדיק אין איר שטוב, האָב איך דערזען אַן אַנדער וועלט. אַ שטוב, וווּ עס איז געשטאַנען אַ טיש, אַ באַנק און אַ בעט. אויף דעם בעט — גרויסע קישנס מיט בעטגעוואַנט, איבערגעצויגן מיט ציכלעך. אַ שענקל מיט נאָרמאַלע גלעזער, טעפּלעך און טעלער. וואַרעם און ליכטיק. דער קאָפּ האָט זיך מיר אַזש פאַרדרייט. איך האָב פאַרלוירן דאָס לשון.

דערזעענדיק מיך, האָט זי אויסגעשריגן אין סלאָוואַקישן לשון:

— ווער האָט דיר דערלויבט דאָ אַריינצוקומען?

זי אַליין איז געווען זייער פעט, פון נידעריקן וווּקס, אַלט אפשר 22 יאָר. זי האָט אויפגעמאַכט די טיר און האָט מיך אַ קאָפּ אַראָפּ געגעבן פון די שטיגן מיט אַ ביטערער קללה באַגלייט זאָגנדיק, אַז קיינער פון די שלעפּער האָט ביז איצט נישט געוואַגט צו באַטרעטן די שוועל פון איר שטוב.

דער גרויסער ווייטיק אין מיין רוקן האָט מיך צוריקגעבראַכט צו דער ווירקלעכקייט. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. מיר האָבן געמוזט גיין נאָך וואַסער. אויף דעם פּראָסטיק־פאַרשנייטן וועג האָב איך געזען דורכלויפן אַ באַשעפעניש. איך האָב אויסגעשריגן צו מיין פלימעניצע:

— זעסט? אַ קאַץ!

אָבער זי האָט פאַרבעסערט:

— ניין, טאַנטע, דאָס איז אַ גרויסער שטשור!

דאַן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די עקלדיקע באַשעפענישן זענען די שותּפים פון אונדזערע מערדער. זיי קומען נאָך זייער חלק פון אונדז...

אויף דעם זעלבן וועג האָב איך אָבער באַגעגנט אַן אַנדערע באַקאַנטע — די לבנה. זי האָט געשײַנט אין איר פולקייט. עס איז געווען די אַלטע גוטע באַקאַנטע און דאָך, נישט די זעלבע. זי האָט זיך ווי געשעמט פאַר מיר און געווען פאַרויטלט פון די פלאַמען, וואָס האָבן געפלאַקערט און האָט זיך מיט גרויסער אָנשטרענגונג געריסן אין דער הויך, ווי צו וועלן זיי פאַריאָגן...

## די טענה צום רבונו של עולם...

ס'איז בערגען־בעלזען, די לעצטע סטאַציע. די לעצטע כוחות, הונגער, מגיפות, טויט, אומאויפהערלעכער טויט. מען ליגט אין די פינצטערע לע־כער, קיין טראָפּן טאָג־ליכט. מען רעדט צווישן זיך, מען שטאַמלט, נישט וויסנדיק וואָס. אַמאָל קריגט מען צוריק דאָס באַוווסטזיין, ווי ס'געשעט געוויינלעך מיט צעמישטע מוחות.

איך האָב געהאַט אַ שמועס נאָר איך ווייס נישט צי מיט זיך אַליין אָדער מיט אַ שכנה. איינס ווייס איך, אַז דער שמועס איז געווען כדי צו וועלן וויסן און דערגייַן דעם „פאַרוואָס!” און דעם „פאַרווען”!? צי איז אונדזער פּייַן פון אַ העכערער מאַכט, אָדער דאָס איז גלאַט אַן וועלכער ס'איז העכערער געטלעכער מאַכט און אויפזיכט?

מייַן מיטשמועסערין פרעגט מיך:

— מייַנסטו, אַז אונדזער פאָלק איז געווען אַזוי זינדיק, אַז פאַר נישט זייַן געענוג גוט און פרום, האָט גאָט געשיקט די צרות אויף אונדז? הייסט עס, אַז גאָט האָט געפונען אין די רוצחים די אַלע גוטע מעלות, וואָס ער דאַרף און דעריבער אונדז איבערגעגעבן אין די מערדערס הענט? איז ער נישט דער אל רחום וחנון!? איז ער נישט דער אב־הרחמים!? אויב מ י ר ווידער זענען נישט גוט, וואָס איז מכוח אונדזערע טייערע תלמידי־חכמים? די זקני העדה? די קליינע קינדער, וועלכע זענען אומשולדיק ווי גאָט אַליין. פאַרוואָס קומט עס זיי!?

זי ווערט בייז און שרייַט:

— פאַרוואָס ענטפערסטו מיר נישט? רעד צו מיר! איך פאַרלאַנג אַן ענטפער! יאָ, איך ווייס, אַז דו רעדסט נישט, אַז דו ביסט צופיל סודותדיק און פאַרהוילן... אפשר ביסטו באַנקראָט! שוין אַזויפיל טויזנטער יאָר ווי מען ברענט און מען פייניקט אונדז, מיר דאַרפן שוין לאַנג זיין געלייטערט און ריין ווי גינגאָלד, זענען מיר ערשט איצט נאָך אַזויפיל גלותן, אויף נייע שייטערס פון אונטערגאַנג! אָדער אפשר איז גאָר גאָט מיט זיי? מיט אונדז געפּאַלענע און פאַרצוקטע וויל ער גאָר קיין מגע־ומשא נישט האָבן? — דו ביסט אפשר גערעכט, גאָט איז נישט מיט אונדז... זאָג איך דיר פייער־לעך: געדענק! אויב עס וועט עפּעס בלייבן אַן איבערבלייב פון אונדז, וועלן זיי אַנטלויפן פון זיך, אַננעמען אַן אַנדער געשטאַלט, אַן אַנדער צורה, ווערן שלעכטער פון שלעכט, דאַן וועט דער שארית הפליטה גוט זיין אויף דער עקלהאַפטער וועלט...

איך בין אויפגעשפּרונגען מיט אַ געשריי:

— לאָז מיך אָפּ! איך בין נישט מיט זיך! מיין קאָפּ שפּאַלט זיך מיר! איך פיל גאָרנישט! איך דאַרף גאָרנישט!... העלף מיר, ווי דו האָסט אַלע אַנדערע געהאָלפן.

*

מען האָט זיך ווייטער געצויגן מיט די לעצטע כוחות. זיך געשלעפּט ווי די שאָטנס. טרעף איך זיך אַמאָל מיט אַן עלטערער פרוי אין דער לאַט־רינע (בית־הכסא אין לאַגער־לשון). עס האָט מיך געוווּנדערט, ווי קומט אַן עלטערע פרוי, אין די זעכציקער, דאָ אַהער? צווייטנס — אין פאַרגלייך מיט אונדזער שטייגער, איז זי עפּעס צו גוט אָנגעטאָן. איך פאַרבינד מיט איר אַ שמועס. ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז אַ פּוילישע, אַ קריסטין. זי איז פאַר־נומען געוואָרן צוזאַמען מיט איר טאָכטער ביים וואַרשעווער פּוילישן אויפ־שטאַנד. די קליידער האָט מען ביי זיי נישט אַוועקגענומען. זי איז אין דעם פּוילישן באַראַק און טוט דאָרט גאָרנישט. איר טאָכטער גייט צו דער אַר־בעט אין קיך, ווו מען קאָכט פאַר די ס.ס.־לייט און דאָס העלפט איר פיל.

דערהערט אַז זי איז פון וואַרשע, בין איך געוואָרן זייער פאַראינטערע־סירט עפּעס צו הערן פון איר. די לעצטע ידיעה וואָס איך האָב געהאַט פון

מיינע נאָענטע, איז געווען, אַז מיין שוועסטערס זון, עדעק, דער אָן דעם פוס, מיט דער אַלטער פוילישער בעטלערין זיין באַשיצערין, האָבן זיך געפונעןביים אויפשטאַנד אין וואַרשע. איך האָב זי גענומען אויספרעגן, צי האָט זי נישט געזען אַזאַ קינד מיט אַן אַלטער באָבע ערגעץ אין וואַרשע? זי האָט מיר גאָרנישט געקאָנט זאָגן. איך האָב זי נאָר געבעטן, אַז איך וועל קומען אין איר באַראַק, אפשר ווייסט עפּעס איר טאָכטער, אָדער אַנדערע וועלכע זענען פון וואַרשע?

אין פוילישן באַראַק איז נישט געווען דערלויבט אריינצוגיין. דאָך האָב איך מיך אַריינגעשלייכט. איך בין גאָרנישט געוואָר געוואָרן.

זיצנדיק אין דעם באַראַק האָב איך געהערט פון אַ ווינקל אַ זיס געזאַנג. איך האָב געפרעגט די פוילישע פרוי ווער עס זינגט, האָט זי מיר דערציילט אַז אין דעם אַנדערן עק באַראַק איז פאַראַן אַ גאַנצע גרופּע פראַנצויזישע פרויען און נאָך צוויי אויף דער העכסטער נאַרע. זיי זינגען אָפט; זיי זינגען אַריעס און דועטן פון די בעסטע אָפּערעס. עס איז געווען עפּעס ווי נישט פון דער וועלט. איך בין צו זיי צוגעגאַנגען און מיט די ווייניקע צאָל פראַנ־צויזישע ווערטער, וואָס איך האָב געקענט, האָב איך זיי אויסגעפרעגט: איך האָב זיך דערוווּסט, אַז זיי זענען צוויי אָפּערן־זינגערינס פון פּאַריז. איך האָב מיר אָנגעטאָן דעם נחת־רוח און אַ פּאָר מאָל אַריינגעגאַנגען הערן זיי זינגען. זיי האָבן דאָס זייער גערן געטאָן פאַר מיר. געווען איז דאָס ביי־יאָר צייט, 1945.

# מען „אָרגאַניזירט״ שפּייז און קליידונג אין בערגען־בעלזען

דאָס פּוילישע מיידל האָט געבראַכט פון דער אַרבעט פאַר איר מוטער צו עסן. אָבער איינמאָל האָט זי געבראַכט אַ פּאָר שטיקלעך זייער דין געשניטן ברויט מיט מאַרמעלאַדע. זי האָט מיר אויך געגעבן איין שטיקל. מיט גרויס פרייד בין איך אַריינגעלאָפן צו מיין שוועסטערן־טאָכטער און מיין שוועגערין. איך האָב זיי איינגעטיילט דאָס שטיקל „דעליקאַטעס״. מיין שוועסטערן־טאָכטער האָט נאָר געוואָלט איך זאָל אויך נעמען אַ שטיקל. איך האָב איר אָבער געזאָגט אַ ליגן, אַז די קריסטין האָט מיר געגעבן אַן עקסטרע שטיקל. אַזוי האָבן מיר געוויינלעך, קעגנזייטיק זיך גענאַרט, כדי צו העלפן איינער דעם אַנדערן.

איך ווייס, אַז מיין שוועסטערן־טאָכטער האָט געזוכט אַלע וועגן כדי זיך צו באַקענען מיט די מיידלעך וואָס האָבן געאַרבעט אין קיך, און פון זיי געבעטן עפּעס. זי איז געווען פון די גליקלעכסטע, ווען זי האָט עפּעס געקאָנט קריגן און מיר אַוועקגעבן. איינמאָל האָט זי טאַקע געבראַכט אַן אוצר. אַ מיידל, וואָס האָט געאַרבעט איך קיך, האָט „אָרגאַניזירט״ אַ ביסל צעשניטן שטיקלעך חזיר־פּעטס און האָט מיר געגעבן אַ פּאָר שטיקלעך, די גרויס ווי אַ פּאָר פּאַרפּעל. דעם טאָג האָבן מיר אַלע געגעסן צו איינציקע פּיצלעך און דאָס רעשט געהאַלטן ווי אַן אבן־טוב.

עס איז געווען ווינטער און זייער קאַלט. האָב איך געטראָפן אַ פרוי אין דער לאַטרינע און זי דערציילט מיר, אַז זי אַרבעט ביים סאָרטירן קליידער וואָס מען ברענגט פון אוישוויץ. מיין שוועסטערן־טאָכטער, סאַבינע, ווי אַלע פון אונדז, האָט נישט געהאַט קיין מאַנטל. איך האָב אַלץ געטאָן, כדי אָנצוקליידן דאָס קינד אין עפּעס וואַרעמס. איך האָב געבעטן דער פרוי זי זאָל „אָרגאַניזירן״ פאַר איר אַ מאַנטל. זי האָט מיר צוגעזאָגט, אַז זי

וועט גײן צו דער אַרבעט אָן אַ מאַנטל און צוריק קומען אין אַ מאַנטל. זי וויל אָבער וויסן מיט וואָס איך קאָן איר דערפאַר באַצאָלן. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך האָב אַ פּאָר שטיקלעך חזיר־פעטס. צומאָרגנס האָב איך זי ווידער אָפּגעוואַרט און זי האָט געבראַכט זײער אַ גוטן, כמעט נײעם, גרוי־וואָלענעם מאַנטל מיט אַ קאַנגוראַ פוטערנעם קאָלנער. געזען האָב איך, לויט דעם צײכן, אַז דער מאַנטל קומט פון האָלאַנד. די טויש־טראַנזאַק־ציע איז צושטאַנד געקומען: איך האָב איר געגעבן די בערך 20 גראַם פעטס און גענומען דעם מאַנטל. איך האָב מיך פשוט מחיה געווען, אַז דעם קינד איז געווען וואַרעם. זי האָט דעם מאַנטל געטראָגן ביז לאַנג נאָך דער באַפרײַאונג.

דערווײל בושעוועט דער טיפוס יעדן טאָג ערגער. עס זענען פאַראַן וואָס אַמאָל מער און מער קראַנקע. מען וויל זײ איזאָלירן און מען נעמט זײ אַוועק אין אַן עקסטראַ באַראַק, וועלכן מען רופט „רעוויר" אָדער שפּיטאָל. מײַן שוועגערין ווערט קראַנק און מען נעמט זי אויך אַהין. איך גײ זי זען אָבער נאָר דורך דעם פענצטער. זײ ליגן דאָרט אײנער אויפן אַנדערן און גײען אויס ווי די פליגן. מײַן שוועגערין ווערט בעסער און מען זאָגט, אַז אין אַ פּאָר טעג וועט מען זי אַרויסלאָזן. מ׳האָט אָבער דאָרט אַרויסגע־וואָרפן די צעריסענע שמאַטע־שיך און זי האָט נישט אין וואָס צו גײן „אַהײם". די אַנדערע שמאַטעס האָט זי געהאַט אויף זיך. איך לויף אויף אַלע בערג מיסט אויסזוכן עפּעס אײנצוּוויקלען אירע פיס. איך האָף צו געפינען עפּעס אויף די מיסטן, ווײל דאָרט איז פריער געווען אַ לאַגער פון רוסישע געפאַנגענע. אײדער מען האָט אונדז דאָרט אַרײַנגעבראַכט זענען אַלע רוסן ליקווידירט געוואָרן. לײדער האָב איך געפונען נאָר אײן זעלנערישן שוך און אַ פּאָר פאַרפוילטע שמאַטעס אַרומצופּאַקן איר דעם אַנדערן פוס, כדי צו קאָנען זי צוריק פירן אין באַראַק אַרײַן. זײ האָבן זיך אָבער דאָרט צוגעאײַלט און זי, אָנפאַנג יאַנואַר, אַ שטעל־אַרויס געגעבן אין שנײ, אַ באָרוועסע, מיט דעם טיפוס. אַזוי באָרוועס איז זי געקומען אין באַראַק אַרײַן, אַ גאָר היפּשן מהלך.

פון דעם איז זי נישט געשטאָרבן. ערשט צוויי וואָכן נאָך דער באַ־פרײַאונג, דעם ערשטן מאַי, איז זי געשטאָרבן פון הונגער...

# קימפּעטאָרינס אין לאַגער

עס טרעפן זיך מערקווירדיקע זאַכן. ווען מייַן שוועגערין רבקה איז געווען אין רעוויר בין איך געווען באַזאָרגט, איך האָב געאָרנישט געהאַט וואָס איר צו געבן צו דערהאַלטן איר קראַנקן קערפּער. זי האָט באַקומען, ווי דער גאַנצער לאַגער, דאָס ביסל פאַרשטונקענע זופּ און אַ מאָל אַ ביסל שווארצע פליסיקייט, אַזוי גערופענע קאָפע. גייענדיק אַמאָל אַזוי אַ פאַר־צווייפלטע האָב איך געקוקט אויף די אָקאָרשט־אָנגעקומענע טראַנספּאָרטן פון אוישוויץ און געזען אָנקומען פון אַנדערן טייל לאַגער אַ גוט אויסזעענ־דיקע פרוי. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ברייטן ווייסן פאַרטעך. איך האָב תיכף דערקענט דאָס פּנים און געדענקט איר נאָמען — אַ פרוי פון קראָקע. איך בין צו איר צוגעלאָפן און אָנגערופן זי ביים נאָמען: — פרוי ש. זי האָט מיך דערקענט און מיר דערציילט, אַז זי איז נישט לאַנג געקומען פון אוישוויץ, וווּ זי איז געווען אַ הייבאַם אין אַ שפּיטאָל. אויך דאָ איז זי אין שפּיטאָל ביי דער זעלבער אַרבעט. זי איז געקומען אַהער זען, אפשר זענען פאַראַן אירע באַקאַנטע אין די נייע טראַנספּאָרטן פון אוישוויץ. איך בין געוואָרן זייער איבעראַשט און זי געפרעגט: צי ווערן דען געבוירן קינדער אין דעם גיהנום?

צופיל האָט זי מיר נישט דערציילט. איך האָב זי געבעטן אין וועלכער ס׳איז הילף פאַר מייַן קראַנקער שוועגערין, האָט זי מיר געזאָגט, אַז איך זאָל אין אַ באַשטימטער שעה צוקומען צו איר שפּיטאָל וואָס געפינט זיך נישט ווייַט פון דער טיפוס־אָפּטיילונג, וועט זי מיר געבן עפּעס פאַר דער קראַנקער. איר אויסזען האָט בכלל נישט דערציילט וועגן קיין הונגער...

איך האָב זיך קוים דערוואַרט אויף דעם צווייטן טאָג ווען זי האָט מיר געהייסן קומען. מיט נישט זיכערע טריט בין איך צוגעגאַנגען צו אַן איינזאַם־

שטייענדיק אין באַראַק אין פעלד און מיט אַ נאָך מער נישט זיכערער האַנט האָב איך געעפנט די טיר און זיך אַריינגעשלייכט. עס איז געווען אַ גרויסער קאָרידאָר, פון ביידע זייטן באַראַק זענען געווען געלעגערס מיט קימפּעטאָרינס.

דאָס ערשטע פון וואָס דער קאָפּ האָט זיך מיר צעמישט איז געווען די פריש־געוואַשענע פּאָדלאָגע און אַ גערוך פון ליזאָל. דער ריח האָט דערמאָנט אין ריינקייט און דיזענפעקציע. איך האָב מורא געהאַט זיך צו רירן פון אָרט, דער ריח זאָל דערווייל חלילה נישט פאַרשווינדן. עס זענען געקומען אויפן געדאַנק שפּיטאָל־זכרונות, דאָס מיינט ריינקייט, ווייסקייט און הילף צו קראַנקע. אין דער טראַכטעניש האָט מיך פּלוצים אויפגעוועקט אַ פראַגע:

— וואָס וויל איך דאָ?

לעבן מיר איז געשטאַנען אַ מיידל, אַ באַדינערין אין אַ פאַרטעך. זי האָט געקענט בולט זען, אַז קיין קינד גרייט איך זיך נישט האָבן, און צוליב אַנדערע צוועקן איז דאָך פאַרבאָטן דאָרט אַריינצוקומען. איך האָב איר געזאָגט, אַז די פרוי ש. האָט מיר געהייסן קומען. דאָס מיידל איז פאַרשוונדן אין אַ טיר, פון וואַנען איך האָב געהערט שרעקלעכע געשרייען. זי איז צוריקגעקומען מיר זאָגן, אַז איך זאָל וואַרטן.

אינצווישן זענען דערשינען דריי גאָר יונגע מיידלעך, זיי האָבן אַרומשפּאַצירט איבער דעם קאָרידאָר וואַרטנדיק אויף דער שעה פון האָבן די קינדער. איינע האָט געהאַט דעם אָנבליק, לויטן פּנים און קליידער, פון אַ רוסישע. וועגן די אַנדערע איז שווער געווען צו באַשליסן צי דאָס זענען יידישע אָדער קריסטלעכע מיידלעך. וואַרטנדיק אַזוי בין איך געוואָרן מער נייגעריק און געגאַנגען ווייטער. איך האָב אַריינגעקוקט אין די באַראַקצימערן און געזען גאָר יונגע מוטערס, האַלטנדיק זייערע וויינענדיקע עופהלעך ביי די אָפּגעדעקטע ברוסטן. איך האָב דערקענט צווישן זיי פיל יידישע יונגע קינדער און נישט צו־יונגע פרויען. יעדע מיט דעם קינד ביי דער זייט אָדער ביי דער ברוסט. אויף די פינצטערע פּנימער האָט זיך ווען־עס־איז באַוויזן אַ שמייכל קוקנדיק אויף די קליינע נפשותלעך. הגם ס׳איז אַ ספק צי זיי האָבן געוווסט ווי אַזוי און פון וועמען זיי האָבן געבראַכט זיי

אויף דער וועלט. זיי האָבן אָבער וואַרשיינלעך יאָ געוווּסט וואָס ס׳וועט זיין דער סוף פון זיי.

באַלד איז פרוי ש. צו מיר אַרויסגעקומען און געזאָגט, אַז די, וואָס שרייט אַזוי, איז נאָך נישט גרייט און זי קאָן זי נאָך איבערלאָזן אויף אַ שטיקל צייט. אַ צעטומלטע האָב איך נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן אָדער פרעגן. זי האָט דאָס באַמערקט. נאָר מיט זשעסטיקולאַציעס האָב איך שטאַמלענדיק געפרעגט:

— ווי אַזוי? ווען? ווער?

זי האָט מיר געענטפערט, אַז דאָס זענען אומגליקלעכע קינדער וועמען די רוצחים האָבן פאַראומגליקט. אַנדערע קומען פון אַרבעטס־לאַגערן, ווו עס אַרבעטן מענער און פרויען. דאָ איז אויך געווען אַ צאָל אונגאַרישע פרויען, וועלכע זענען ביז נישט לאַנג צוריק, געווען מיט זייערע מענער אין די געטאָס. איך האָב זי נאָר געפרעגט, צי די אויסגעהונגערטע און אויסגעמאַטערטע קאָנען איבערטראָגן די יסורים?

— רי מערהייט, זאָגט זי, לעבט איבער און אויב נישט...

— וואָס געשעט מיט די קינדער? — האָב איך זי געפרעגט.

— פרעג נישט צופיל... — זאָגט זי מיר, — דאָ גיב איך דיר אין אַ פלעשל פון מעדיצין אַ ביסל מילך (אפשר אַן אַכטל ליטער) און איך וויל נישט זאָלסט דאָ מער אַהער קומען.

ביים אַרויסגיין האָב איך נאָך אויפגעכאַפּט אַ האַרציק, טרויעריק וויגליד, געזונגען פון אַ מאַמע איבער איר קליין קינד.

אַרויסגעקומען בין איך פון דער פאַנטאַסטישער וועלט אַ צעמישטע, אַ צעטומלטע מיטן באַשלוס — קיינמאָל מער נישט צו גיין אַהין. איך האָב נאָר געגאַפט אויף דעם ביסל מילך, וואָס איך האָב שוין יאָרן נישט געזען און בין שנעל צוגעלאָפן צום שפּיטאָל און עס אַוועקגעגעבן מיין קראַנקער שוועגערין.

דורך מיין באַקאַנטשאַפט מיט דער קריסטלעכער וואַרשעווער פרוי, איז פאַר אונדז אַלעמען אין באַראַק אַרויסגעקומען אַ טובה, ליגנדיק אַזוי אין דערוואַרטונג אויפן טויט, זענען מיר איינגעפאַלן פאַרשידענע געדאַנקען. מ׳האָט דאָך געקלערט וויאַזוי די צעבראָכענע, קאַלטע גלידער מיט עפּעס

צו דערוואַרעמען. מיט וואָס און פון וואָס? — מיר האָבן אָנגעהויבן ציען די פּעדעם פון די דעקן, וואָס מען האָט אונדז געגעבן זיך צודעקן. פּעדעם האָבן מיר צוזאַמענגעבונדן און געמאַכט קנוילן. שפּעטער ערגעץ געפונען שטיקלעך האַלץ־שפּענער און מיט אַ מעסער, וואָס האָט ווער געהאַט אין באַראַק, אויסגעשניצט דאָס שטיקל האָלץ דין ווי אַ נאָדל צו העקלען. מיר האָבן אַזוי געהעקלט די געדריוולטע פּעדעם. קיין גרויס דערפאָלג האָבן מיר נישט געהאַט, ווייל די פּעדעם זענען געווען פון פּאַפּיר און צעקראָכן. איך האָב דאָס דערציילט דער וואַרשעווער קריסטין. האָט זי מיר באַשאָנקען מיט אַ גאַנצע אוצר: אַן אָפּגעבראָכענע העלפט פון אַ ראַזיר־מעסערל און אויך אַ נאָדל. דאָס איז געווען ממש אַ גרויסע הילף פאַר אונדז. מען האָט שוין נישט מער געהעקלט, נאָר מיט דעם ראַזיר־מעסער צוגעשניטן שטיקער פון די דעקן און מיט דער נאָדל גענייט. פּעדעם האָבן מיר אַרויסגעצויגן פון די שמאַטעס וואָס מען האָט געהאַט אויף זיך...

מיר זענען דאָך געווען דריי, איך, מיין שוועסטערן־טאָכטער און מיין שוועגערין, האָבן מיר זיך צוגעדעקט נאָר מיט צוויי דעקן און פון איין שמאַטע־דעק געמאַכט עפּעס אויף זיך אַרויפצושלעפּן. אַזוי האָבן אויך געטאָן פיל אַנדערע מיט דער הילף פון די „וווּנדערלעכע" מכשירים.

מיט וואַשן זיך דעם קאָפּ, איז געווען גאָר ביטער, דער שמוץ האָט פּשוט אויפגעגעסן. האָבן מיר דריי זיך איינגעטיילט מיט צוויי פּאָרציעס פון דעם ביסל שוואַרצן וואַרעמען וואַסער, וואָס האָט געהייסן קאַפע, (דאָס איז אויך נישט געווען יעדן טאָג) און מיט דער דריטער פּאָרציע האָט זיך יעדעס מאָל אַן אַנדערע געוואַשן דעם קאָפּ. מען האָט אַרויפגעגאָסן דאָס ביסל פליסיקייט איינער דער אַנדערער אויפן קאָפּ, אַזוי האָבן מיר געפּראַוועט „היגיענע".

דאָס רינגל מיט די גאָלדענע ציין וואָס מיר האָבן געפונען אין אוישוויץ, האָבן מיר געבראַכט קיין בערגען־בעלזען. איך האָב דאָס פאַרקויפט צו אַ באַראַקן־עלטסטע פאַר אַ פּאָרציע ברויט, מיר האָבן געזאָרגט פאַר אַ שטיקל רעזערוו. מיר זענען אויך באַגליקט געוואָרן אויף נישט קיין ערלעכן אופן, איך שעם זיך דערפון צו טראַכטן ווי ווייט נידעריק דאָס איז געווען, עס איז אָבער וואָר, ליידער. אָט וואָס עס איז געשען:

איבער אונדז, אויף אַ נאַרע העכער, האָט געווינט אַ „שטובאָווע״. דאָס איז אײנע, וואָס האָט געקראָגן צום צעטיילן דאָס ברויט אין אַ געוויסן טייל פון באַראַק. גראָד איז זי געווען זייער אַ פֿיינע יונגע פרוי מיט אַ שוועסטער און אַ שוועגערין. די פונקציע איז געווען אַ גוטע, ווייל ביים טיילן דאָס ברויט האָט מען אַלעמאָל פאַרדינט. דאָס עסן האָט מען גע־ווײַנלעך אויסגעטיילט לויט דעם מענטשן־שטאַנד פון נעכטיקן אָוונט. אָבער ביז צו דער שעה פון פאַרטיילן דאָס עסן, זענען שוין געווען אַ פּאָר טויטע. איז דאָס איבעריקע געבליבן ביי דער איינטיילערין, „שטר־באָווע״. מיר האָבן געזען און געוווּסט, אַז ביי זיי, איבער אונדז, איז נישט אַזאַ מאַנגל אין ברויט. געשעט אַ געשעעניש: מיר האָבן געפונען צוויי פּאָרציעס ברויט אויף אונדזער געלעגער, וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן פון דער „שטובאָוועס״ נאַרע. איך האָב באַלד דערציילט מיין שוועסטערן־טאָכטער און שוועגערין וועגן דעם אויסערגעוויינלעכן פאַל. מיר זעען ווי זיי זוכן די אבידה, זיי פרעגן צי מיר האָבן נישט געזען עמעצן אַ פרעמדן צוגיין צו זייער געלעגער און נעמען ברויט. איך האָב געלייקנט און דאָס ברויט נישט צוריקגעגעבן. ביז היינט צו טאָג האָב איך נישט קיין רו, די הונגער־נויט איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבן דעמאָלט אַ ביסל באַרעכ־טיקט די טאַט.

# נקמה פון אן אויסוווּרף

געווען איז אין יענער צייט מיט אונדז אין אַ באַראַק אַ יונגינקע קליין־געוויקסיק מיידל מיט אַ שיין קינדיש פּנימל און געקרייזלטע האָר, פון לעבן לובלין. וואָס עס זאָל נישט זייַן, האָט דאָס קינד אַלעמאָל געפילט אַ דראַנג צום זינגען, און זי פלעגט אויסזינגען די שענסטע יידישע פאָלקס־לידער. יעדער האָט זי זייער ליב געהאַט. אין דער צווייטער זייט פון באַראַק איז געווען אַ פרוי וואָס האָט נאָר גערעדט דייטש. און דאָס הערן זינגען יידישע לידער האָט זי צערייצט ווי אַ חיה.

די פרוי איז געווען אַ הויכע שיינע ברונעטקע אין די שפּעטע דרייסיקער יאָר, מיט שוואַרצע אויגן. אָפּלייקענען, אַז זי איז נישט קיין יידישע, האָט זי מיט איר אויסזען נישט געקאָנט. זי האָט געשטאַמט פון זייער אַ גוטער יידישער משפחה פון אַ שטעטל ביי דער דייטשיש־פּוילישער גרענעץ. מיט 20 יאָר פאַר דער מלחמה האָט זי זיך פאַרליבט אין אַ דייטש, פאַרלאָזט איר פאָטערס גוטע יידישע היים, זיך געשמדט און חתונה געהאַט מיט דעם דייטש. געוווינט האָט זי אין דייטשלאַנד, געהאַט צוויי זין. איז געקומען די צייט ווען מען האָט זי, צוליב איר אָפּשטאַם, אַרויסגעטריבן פון איר נייער סביבה. דער מאַן איז געווען אַן ס.ס.־מאַן, די קינדער היטלער־יוגנט. איז זי צוריקגעקומען צו איר פאָלק אין די געטאָס און לאַגערן. איר פאַרדאָרבנקייט איז אָבער געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דאָ, צווישן אונדז, האָט איר אַנטיסעמיטישקייט קיין גרענעץ נישט געהאַט — זי האָט געשיטפּעך און שוועבל אויף אַלץ וואָס איז יידיש. זי האָט זיך נאָך באַרימט מיט די העלדישקייטן פון איר דייטשישן מאַן און קינדער, און דערביי פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן זי באַלד פון דאַנען אַרויסנעמען. זי האָט אויך באַלד געמאַכט באַקאַנטשאַפט מיט אַלע ס.ס.־מענער אין לאַגער. זיי האָבן איר געבראַכט עסן און פּעקלעך. געהייסן האָט עס, אַז די פּעקלעך קריגט זי פון איר מאַן און קינדער, דורך זייער איינפלוס.

נאָך אַ קורצע פּאָר וואָכן איז זי שוין געווען אַ באַראַקן־עלטסטע און האָט אונדז טאַקע געפּייניקט מיט אַ שטאַרקער האַנט. זי האָט אפילו אָפּ־געזונדערט מיט אַ ווענטל אַ שטיקל באַראַק און זיך געמאַכט אַן עקסטראַ שטוב, וווּ זי האָט אויפגענומען אירע געסט, די ס.ס.־מענער און די דייטשישע קאַפּאָס.

איינמאָל מאַכט זיך אַ צופאַל — ביי מיין אַרבעט פון שלעפּן און רייניקן דאָס מיסט לעבן איינער פון די קיכן, וווּ מען האָט געקאָכט פאַר דעם דייי־טשישן פּערסאָנאַל, האָב איך, ווי געוויינלעך, געזוכט און גענישטערט אין די מיסטן און געפונען אַן „אוצר״. אַ מיטל־גרויסע ציבעלע, עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב שוין יאָרן נישט געהאַט געזען. דערלויבן זיך דאָס צו עסן, וואָלט זיין צו פאַרשווענדעריש. איך האָב גערעכנט צו קריגן אַ פּאַרציע ברויט פאַר דעם, פון איינער פון די באַראַקן־גבירטעס, די באַראַקן־עלטסטע, ווער דען קאָן זיך דאָס דערלויבן?

אַהיימקומענדיק האָב איך זיך באַראַטן מיט מיינע קרובים און מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין צו אונדזער אויבנדערמאָנטע באַראַקן־עלטסטע, ווענען עס פעלט נישט קיין ברויט. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ בין איך צו איר צוגעגאַנגען און מיט גרויס שרעק אָנגעקלאַפּט אין איר טיר. דאָך האָב איך איר אָנגעבאָטן דעם לוקסוס, די ציבעלע, פאַר אַ פּאַרציע ברויט. זי האָט געכאַפּט די ציבעלע פון מיין האַנט און פאַרקלאַפּנדיק די טיר, געהייסן קומען אַן אַנדערש מאָל נאָכן ברויט.

איך האָב געפילט אַ שטאָך אין האַרץ. נישט האָבנדיק קיין ברירה בין איך אַוועקגעגאַנגען. אַזוי בין איך געקומען צו איר יעדן טאָג נאָכן שטיקל ברויט און זי האָט כסדר אָפּגעלייגט אויפן צווייטן טאָג. ביז זי האָט מיר איינמאָל געזאָגט:

— אויב דו וועסט נאָך איינמאָל קומען מאָנען מיך ברויט, וועל איך דיך איבערגעבן צו די דייטשן, אַז דו האָסט געגנבעט אַ ציבעלע און מען וועט דיך פּאַרפּייניקן צום טויט.

איך בין צו איר מער נישט געגאַנגען. אין האַרצן האָב איך אָבער גע־שווירן נקמה צו נעמען אויב... דאָס איז אָבער געווען נישט מער ווי אַ נאַ־רישער ווונטש...

דערווײַל איז די צײַט געגאַנגען און מײַן גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל דערלעבן די באַפֿרײַאונג. איך בין דעמאָלט בכלל געווען ווײַט פֿון לעבן, האָב איך אַפֿילו נישט געטראַכט וועגן דעם געשעעניש מיט דעם אויסוואָרף, די באַראַקן־עלטסטע.

מאַכט זיך אַמאָל, שוין נאָך דער באַפֿרײַאונג, איך ליג אין בעט קראַנק, שוין אין דעם פֿרישן פֿרויען־לאַגער, און זע דורך דעם פֿענצטער ווי די פֿאַרשאָלטענע זיצט מיטן אַן ענגלישן זעלנער אין אַ דזשיפּ און שטעלן זיך אָפּ לעבן הויז. אויסגעזען האָט עס בײַ מיר ווי דער ענגלענדער האָט זי גענומען אין דזשיפּ אויף אַ שפּאַציר־רײַזע, וואָס עס האָט נישט זעלטן געטראָפֿן אין יענער צײַט. פֿאַר מיר איז פֿלוצלינג אויפֿגעשוווּמען איר האַנדלונג לגבי מיר און אַנדערע. איך האָב נישט געוואָלט פֿאַרלירן קיין צײַט ביז איך וועל זיך אָנטאָן, האָב מיך אַרומגעוויקלט מיט אַ דעק און אַרויסגעלאָפֿן צו דעם ענגלישן זעלנער און אים ענערגיש געפֿרעגט, ווײַזנדיק מיט דעם פֿינגער אויף איר, צי ער ווייסט ווער זי איז און צי ער שעמט זיך נישט צו ווײַזן זיך מיט איר?

ער האָט געזען מײַן אויפֿרעגונג און מײַן צושטאַנד, האָט ער מיך באַרואיקט און געזאָגט, אַז זי איז אַרעסטירט און ער פֿירט זי דורך דעם לאַגער, אַז די אַלע וואָס האָבן פֿון איר געליטן, זאָלן זי דערקענען און עדות זאָגן וועגן אירע „מעשים טובים". אויך איך האָב איבערגעגעבן אַלע אײַנצלהייטן וואָס איך האָב געוווּסט און געליטן פֿון איר. זי איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צו 20 יאָר תּפֿיסה.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע געשעעניש נאָך די אַלע יאָרן פֿון פּײַן און דערנידעריקונג, וואָס האָט מיר געגעבן אַ שטיקל געפֿיל, אַז איך געהער ווידער צום מענטשלעכן מין.

# נאָך דער באַפרייאונג אין בערגען־בעלזען

מיר זענען פריי, נאָר אין וואָס באַשטייט אונדזער פריי זיין? אין לאַגער זענען דאָ אַן ערך 60.000 מענטשן, כמעט מתים, וואָס ראַנגלען זיך מיט דעם טויט. און וואָס האָבן אונדזערע באַפרייער געטאָן אונדז צו פאַרגרינגערן אָדער צו דערהאַלטן ביים לעבן? גאָרנישט! ווייל וואָס וועלן זיי טאָן מיט די מענטשן־צויטן? עס איז זיי נאָר האַלב געלונגען — נאָך דער באַפרייאונג זענען אויסגעגאַנגען 27.000 „מענטשן", אָן צו באַקומען די מינדסטע הילף.

קיין דאָקטאָר איז נישט געווען בנמצא; דאָס עסן איז געווען בצימצום; קיין סאַניטאַרע הילף האָט מען נישט געזען פאַר די אויגן; דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן יאָ געטאָן: אויף יעדע פאָר שריט זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פעסער וואַסער אין גאַנצן לאַגער, אין וואַסער איז אַרייַנגעגעבן געוואָרן עפּעס אַ מעדיצין, וואָס האָט געמאַכט דאָס וואַסער געל און זויערלעך. אין יעדן פאַס איז געווען אַ גרויסער שעפּ־לעפל און זיי האָבן דורך די הילכער גערופן מען זאָל וואָס מער טרינקען פון דעם וואַסער.

באַלד צוויי וואָכן נאָך דער באַפרייאונג האָב איך מיך דערשלעפּט צו דעם באַראַק, ווו מיין שוועגערין איז געווען — איך האָב געטראָפן אַ סקעלעט אין שרעקלעכע יסורים. אין איר לייב איז געווען לעכער אויסגעגעסן פון די ווערעם און לייז. מיט גרויס אָנשטרענגונג האָב איך זיך דערשלעפּט צו דער סאַניטאַרער סטאַציע פון די ענגלענדער און געבעטן עפּעס הילף פאַר איר, אָבער אָן רעזולטאַט. אין צוויי טעג שפּעטער, צוויי וואָכן נאָך דער באַפרייאונג, האָט זי אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם.

די צאָל און דער טעמפּאָ פון אומקום איז נאָך דער באַפרייאונג געווען נאָך גרעסער.

איין זאַך האָבן זיי געטאָן בשלימות — צוזאַמענגענומען די טויטע פון די נאַרעס אין די באַראַקן. אויך מיך, ליגנדיק כמעט טויט, האָט אַן ענגליי־שער זעלנער מיך אַ שלעפּ־געטאָן ביים פוס, גרייט צום אַרויסצוואַרפן, און געזאָגט... "דעד" (טויט).

איך האָב מיך אָנגערופן:

— נאָך נישט. האָב געדולד...

אַזוי האָט זיך אויך זייער גוטהאַרציקייט אַרויסגעוויזן שפּעטער אין דעם אַנדערן לאַגער.

דער פרישער לאַגער איז געווען פון פריער נאָך אַרומגערינגלט מיט דראָטן און מיט אייזערנע אַרויסגאַנג־טויערן. מ׳האָט אָבער געמיינט, אַז מ׳איז פריי און ס׳האָט זיך געוואָלט אַרויסגיין פון לאַגער, אין די נעבנ־דיקע דערפער און שטעטלעך. אונדזערע באַפרייער האָבן אונדז אָבער ווייטער געהאַלטן אין לאַגער; האָבן באַוואַכט אַלע טויערן און נישט אַרויס־געלאָזט. ערשט נאָך פּראָטעסטן און בעטן האָט מען אונדז אַרויסגעלאָזט נאָר אויף געוויסע שעהן. ביז דאָס יונגוואַרג איז געוואָרן אויפגעבראַכט, האָבן געמאַכט דעמאָנסטראַציעס, זיך געוואָרפן אויף די היטער ביי די טויערן און עס איז געקומען צו געשלעגן.

פאַרוואָס האָבן זיי אונדז אַזוי געהיטן? האָבן זיי דען פאַר אונדז מורא געהאַט? ווייזט אויס, אַז זייער פּאָליטישע אויסרעכענונג האָט דאָס דיקטירט.

קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַרבינדן אויף וועלכן־עס־איז וועג מיט די אייראָפּעאישע אָדער מיט די איבערן ים־לענדער, האָבן מיר אין משך פון חדשים נישט געהאַט. איין זאַך האָבן זיי יאָ דערלויבט — די יידישע רבנים פון דער אַרמיי (טשאַפּלינס) זאָלן אונדז אַריינברענגען סידורים צום דאַווענען, קליינע מזוזות אָנצוטאָן אויף אונדזערע העלדזער. צו וועלכן צוועק האָט מען אונדז דאָס געגעבן? כדי צו פאַרהיטן אונדז פון בייזע רוחות, אָדער אונדז צו באַצייכענען ווער מיר זענען? זענען מיר דען נאָך ווייניק געצייכנט געווען?

## אַן ענגלישער זעלטענער געפינטס מיין ניו־יאָרקער ברודער

מיר האָבן געדאַרפט אַ ממשותדיקע הילף — צו געבן אונדז אַ וועג זיך צו קאָנען פאַרבינדן מיט דער וועלט. מען האָט געהאַט נאָענטע אין אַמעריקע אָדער אין אַנדערע וועלט־טיילן. האָט זיך געוואָלט לויפן, זוכן, גיין פון לאַגער צו לאַגער, אפשר...

איינמאָל איז צו דעם הויז וווּ איך האָב געוווינט, בלאָק 12 ל. וווּ ס׳האָט זיך אויך געפונען דער קאָמיטעט, מיט יוסף ראָזענזאַפט בראש (ער האָט דאָרט אויך געוווינט) צוגעפאָרן אַן ענגלישער לאַסט־אויטאָ מיט שפּייז צום אויסטיילן, ווי אַ צוגאָב צו דעם עסן וואָס מען האָט אונדז גע־געבן. מען האָט גערופן דורך דעם הילכער מען זאָל זיך איינשטעלן אין רייען צו דערהאַלטן די פּאָרציע שפּייז. די מענטשן האָבן זיך נאַטירלעך איינגעשטעלט. איך אָבער האָב זיך אַנידערגעזעצט אַן אַ זייט אויף דעם גראָז און געלייענט אַ בוך וואָס איך האָב גענומען אין דעם „רונד־הויז" אין הימלערס פּאַלאַץ, וואָס איז דאָרט געווען. גראָד איז דאָס געווען אַ בוך פון אַן ענגלישן שרייבער איבערגעזעצט אין דייטש.

די פּאָר ענגלענדער וואָס האָבן געבראַכט די שפּייז, האָבן זיך צו־געקוקט צו דער שפּייז־פאַרטיילונג פון אויטאָ און זיי זענען געווען זייער פאַרוווּנדערט וואָס איך גיי נישט צו נאָך מיין חלק. געמיינט האָבן זיי, אַז איך בין נישט קיין יידישע און וויל נישט שטיין מיט אַלע יידן צוזאַמען (דאָס האָבן זיי מיר שפּעטער געזאָגט). צוויי פון זיי זענען צו מיר צוגע־קומען און אַריינגעקוקט אינעם בוך וואָס איך לייען. זיי האָבן מיך גע־פרעגט צי איך בין אַ יידישע און פאַרוואָס איך נעם נישט פון דעם וואָס מען טיילט? איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך נעם פון זיי נאָר דאָס בייטיקסטע, בלויז כדי די נשמה צו דערהאַלטן, מער וויל איך פון זיי נישט, ווייל זיי באַטראַכטן אונדז נישט ווי קיין מענטשן וואָס האָבן געפילן און פאַרלאַנגען — מיר זענען דאָך אַזוי אָנגעווייטיקט.

איינער פון זיי האָט זיך פאַר מיר פאַרגעשטעלט און געזאָגט, אַז ער איז אויך אַ ייד און געבעטן איך זאָל אים זאָגן וואָס איך מיין און פאַרוואָס איך בין אַזוי פאַרביטערט אויף זיי ?

איך האָב אים דערציילט, אַז דורך די העכער 3 חדשים וואָס מיר זענען באַפרייט בין איך שוין געווען אין אַלע מיליטערישע און ציווילע אַמטן און געבעטן הילף וואָס באַשטייט בלויז אין איבערשיקן אַ בריוו, דורך וואָס פאַר ס'איז וועג, קיין אַמעריקע. מיט פאַרשידענע אויסריידן האָט זיך יעדער אַרויסגעדרייט פון צו טאָן דאָס. אַנדערע האָבן מיר געהייסן ברענגען די בריוו, נאָר האָבן זיי קיינמאָל נישט אַוועקגעשיקט. איך האָב געבעטן הילף ביים אויסגעפינען מיינע קינדער אין פוילן. אָבער עס ווערט גאָרנישט געטאָן אונדז אין דעם צו העלפן.

ער האָט געזען מיין דערשלאָגנקייט און מיר געזאָגט איך זאָל צוגרייטן אַ בריוו און ער וועט דעם צווייטן טאָג ספּעציעל קומען און דעם בריוו אַוועקשיקן מיט זיין פעלד־פּאָסט־נומער. איך האָב זיך סאַרקאַסטיש צעלאַכט און אָפּגעזאָגט זיך פון זיין הילף און אים פשוט געזאָגט, אַז איך גלויב אים נישט. מיין ענטפער האָט אים זייער ווײ געטאָן. ער איז אָבער צוגעשטאַנען צו מיר איך זאָל יאָ צוגרייטן אַ בריוו און ער וויל מיך איבערצייגן, אַז ער איז אַנדערש ווי די אַנדערע און ער וויל מיר העלפן מיט וואָס ער וועט נאָר קאָנען.

וואָס האָב איך אייגנטלעך געהאַט וואָס איינצושטעלן. איך האָב צוגעגרייט אַ בריוו. דער יונגערמאַן איז טאַקע געקומען, געבראַכט אונדז אַ ביסל שפּייז און צוגענומען דעם בריוו. אין איין וואָך שפּעטער האָט ער מיר געבראַכט אַן ענטפער פון מיין ברודער אין ניו־יאָרק. דער גאַנצער לאַגער איז געוואָרן אויפגערודערט. דאָס איז געווען דער ערשטער בריוו פון דער ווייטער, פאַר אונדז פאַרשלאָסענער, דרויסנדיקער וועלט.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער ענגלישער זעלנער, אַ פיינער יידישער בחור פון קאַנאַדע, האָט זיך זייער איבערגענומען מיט מיין גורל און טאַקע באַלד געשריבן צו זיינער אַ שוועסטער אין ניו־יאָרק, און זיי זענען תיכף געגאַנגען צו מיין ברודער. אַ דאַנק דעם זעלנער בין איך געווען אין קאָנטאַקט מיט מיין משפחה אין אַמעריקע. ער האָט אונדז אָפּט געבראַכט

שפּייז און מיך געבעטן כ׳זאָל נעמען פון אים געלט און אַז מיין ברודער וועט עס צוריקצאָלן זיין שוועסטער אין ניו־יאָרק. מיין ברודער האָט מיר טאַקע געשריבן איך זאָל נעמען געלט און ער וועט צוריקצאָלן. איך האָב אָבער יעדע געלט־הילף צוריקגעוויזן.

אין אויגוסט 1945 האָב איך באַשלאָסן זיך צו לאָזן אין וועג אַריין קיין פּוילן, אויפצוזוכן די קינדער. דער יונגערמאַן פון קאַנאַדע ווי מיין ברודער, האָבן מיך דורך בריוו געבעטן און געוואָרנט איך זאָל זיך נישט לאָזן אויף דעם געפערלעכן וועג. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז איך וועל חלילה די קינדער נישט געפינען, וועט דאָס אויף מיר מאַכן אַ דערשיטער־לעכן רושם. מיין באַשלוס איז אָבער געווען אַ פעסטער. איך האָב זיך צוגעגרייט צו דעם געפערלעכן און נישט וויסנדיק וווּהין פירנדיקן וועג.

# פון בערגען־בעלזען קיין פּוילן

איך האָב אָנגעהויבן מאַכן צוגרייטונגען. האָב איינגעזאַמלט שפּייז אין קענדלעך, דאַן גענומען טראַכטן ווו צו נעמען עפּעס אַ רייזע־טאַש אָדער אַ רוק־זאַק, צו קאָנען מיטנעמען אַ ביסל צידה־לדרך פאַר דעם לאַנגן און שווערן וועג. מען האָט דאַן גאָרנישט געקאָנט קריגן. אין מיין געדאַנק איז אויך געווען צו ברענגען עפּעס עסן פאַר די קינדער. מיינע אַלע האָפע־נונגען זענען געווען צו געפינען זיי לעבעדיקע און זיי מוזן דאָך זיכער זיין הונגעריק.

איך בין אַוועק צו די ענגלענדער בעטן לייוונט פון וואָס מען מאַכט צעלטן (טענט־קענוועס) אָבער מען האָט מיר אָפּגעזאָגט. דורך דעם בין איך שוין ווידער געצוווּנגען געווען צו באַגיין אַ נישט שיינע טאַט. איך האָב מיך פאַרקליבן הינטער אַזאַ צעלט און זעענדיק, אַז קיינער איז דאָרט נישטאָ, האָב איך פשוט אַרונטערגענומען דעם דאַך־צודעק און עס צוגע־נומען. איך האָב דערפון אויפגענייט צוויי רוקזעק מיט צוויי טאַשן. נאָדלען און פאָדעם האָבן מיר שוין געהאַט, דאָס האָבן מיר געקויפט ביי די דייטשן איך דעם נאָענטסטן שטעטל בערגען פאַר אַ ביסל אָפּגעשפּאָרט שפּייז.

דער צווייטער שריט איז געווען: קריגן אַ געלעגנהייט צו קומען קיין האַנאָווער, נישט ווייט פון אונדזער לאַגער, דאָס אָרט פון דער הויפּט־קאָמיסיע פון די געוועזענע קאַצעטלער. דאָרטן האָב איך און מיין שוועס־טערן־טאָכטער געקראָגן פּאַפּירן אין דייטש־ענגליש, אַז מיר זענען גע־וועזענע העפטלינגע און אַז מיר גייען אין אַנדערע לאַגערן צו זוכן לעבן־געבליבענע משפחה, און יעדע מיליטערישע מאַכט ווערט געבעטן אונדז געבן הילף אין וועג. דער קאָמיטעט האָט אונדז אויך געגעבן 50 דייטשישע מאַרק, מיר זאָלן זיך קאָנען העלפן אין וועג.

צוריקגעקומען פון האַנאָווער, האָבן מיר זיך נאָכגעפרעגט ביי מענטשן, געקומענע פון אַנדערע לאַגערן, צי זיי ווייסן נישט ווי אַזוי דער וועג פירט קיין פוילן, איבערהויפּט ווי אַזוי דורכצוגיין די רוסישע גרענעץ. די גרויסן זענען געווען ביטערע: מען געפינט טויטע אויף אַלע וועגן. אויב שמוגלען זיך דורך דער רוסישער גרענעץ, מוז מען גיין דורך די ערץ־גע־בירג. קיין באַנען גייען נישט. מען קאָן זיך נאָר אַמאָל אַריינכאַפּן אין אַ מיליטערישן לאַסט־צוג און אָפּפאָרן אַ פּאָר קילאָמעטער אַ טאָג.

מיין באַשלוס איז אָבער געווען געפאַסט און איך מיט מיין שוועס־טערן־טאָכטער האָבן פאַרלאָזן בערגען־בעלזען אָנהייב אויגוסט 1945. מיט־גענומענדיק אַ פּאָר שמאַטעס צו קאָנען טוישן אין וועג, און די הויפּטזאַך — ברויט און וואַסער אויף אַ פּאָר טעג און אַ פּאָר צענדליק קענדעלעך מיט פאַרשידענע שפּייזן, וואָס מיר האָבן די גאַנצע צייט געזאַמלט פאַר דעם צוועק. אין דעם האָט אונדז געהאָלפן דער נייער פריינד, דער יידיש־קאַנאַ־דישער זעלנער. ביז דער לעצטער מינוט האָט ער אונדז געבעטן נישט צו גיין, אַז די געפאַר איז גרויס, און אַז איך בין נאָך צו שוואַך. אָבער קיין זאַך האָט מיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן.

אונדזער ערשטער שריט איז געווען אָנצוקומען קיין האַנאָווער מיט אַ מיליטערישן אויטאָ. דאָרטן האָבן מיר זיך אַריינגעקראָגן אין אַ צוג און געפאָרן. וווהין? האָבן מיר נישט געוווּסט. נאָך אַ גאַנצע נאַכט פאָרן זענען מיר אָנגעקומען אין אַן אָרט, ווו דער צוג איז ווייטער נישט געגאַנגען, אויף אַ פּוסט פעלד. זענען מיר אַוועק צופוס צו אַ נאָענטן קליינעם ישוב, ווו ס'האָט זיך געפונען, אין מיליטערישע באַראַקן, אַ די.פּי.־לאַגער פאַר אויסגעוואָרצלטע.

נאָך אַ גאַנצן טאָג שלעפּן זיך זענען מיר דערקראָכן צום ישוב, ווו אַ פּאָר יונגע יידישע פרויען האָבן אונדז פיין אויפגענומען, געגעבן צו עסן און אַ בעט, ווו מיר האָבן זיך אויסגערוט.

דאָרט האָבן זיך די מענטשן מיט אונדז פאַראינטערעסירט און אונדז אָנגעוויזן אַ מאַרשרוט ווי אַזוי צו גייןן ווייטער, צו מזרח.

דעם צווייטן טאָג האָבן מיר זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו באַד־ריינהערץ, אין סביבה פון די ערץ־געבירג, ביי דער מזרח־מערב רוסישער גרענעץ.

דעם וועג האָבן מיר דורכגעמאַכט מיט דער הילף פון אונדזערע פּאַ־פּירן. מיליטערישע לאַסט־אויטאָס האָבן אונדז צו ביסלעך אויפגענומען. אָבער מער זענען מיר געגאַנגען צו פוס. אין אייך געגנט האָט מען אונדז אינפאָרמירט, אַז עס גייט אַ צוג קיין באַד־ריינהערץ. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געוואַרט אויף דעם צוג, און צומאָרגנס אין דער פרי זענען מיר אָפּ־געפאָרן און אָנגעקומען אין די פריע אָוונט־שעהן נאָך באַד־ריינהערץ. פון דעם געלט, די 50 מאַרק וואָס מיר האָבן געהאַט, האָבן מיר גאָרנישט פאַרנוצט. ווייל דעם גאַנצן וועג איז נישט געווען ווו אָדער וואָס צו קויפן. די טראַנספּאָרטאַציע אונדזערע איז אויך געווען אָן געלט.

אויף דער סטאַציע אין באַד־ריינהערץ האָבן מיר געפּלאַנט דורכצוזיצן די נאַכט. די סטאַציע געפינט זיך אין שטעטל, און קיין לעבעדיקן מענטש האָט מען דאָרט נישט געזען. כדי צו קריגן אַ טרונק וואַסער, זענען מיר אַריינגעגאַנגען אין ערשטן הויז לעבן דער באַן. דאָרט האָבן מיר געטראָפן אַ גרופּע יונגע פוילישע קריסטן, וועלכע האָבן איבערגענומען דאָס הויז נאָך דער באַפרייאונג.ביים פוילישן אויפשטאַנד אין 1944, האָבן זיי אונדז דערציילט, זענען זיי אַלע פאַרנומען געוואָרן אין וואַרשע דורך די דייטשן און זענען פאַרשיקט געוואָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער אין דער געגנט. זעענדיק, אַז זיי זענען אַלע קריסטן, האָבן מיר געהאַלטן אונדזער יידישקייט בסוד און זיי דערציילט, אַז מיר זענען פון קראָקע און געפינען זיך אויף אונדזער וועג אַ היים. אָנטרינקנדיק זיך מיט וואַסער, זענען מיר צוריק־געגאַנגען צו דער באַן־סטאַציע, כדי דאָרט איבערצונעכטיקן די נאַכט.

דאָרט איז אָבער געווען אויסנאַם־צושטאַנד און נאָך 9 אָוונט האָט קיינער זיך נישט געטאָרט געפינען אויף דער גאַס אָדער אויפן וואָקזאַל.

ס׳איז אָנגעקומען אַמעריקאַנישע מיליטערישע פּאָליציי (מ. פּ.) און אונדז באַפוילן צו פאַרלאָזן די סטאַציע. מיר האָבן געוויזן אונדזערע פּאַפּירן, אַז מיר זענען פרעמדע און קיין אָרט ווו צו גיין האָבן מיר נישט. האָט אונדז דאַן אַ מיליטערישער אויטאָ אָפּגעפירט אין אַ לאַגער. ווידער בלויז פּאָליאַקן. זיי האָבן באַפוילן אַ פּאָר מענער זיך אַרויסצוקלייבן פון איין צימער, זיי זאָלן זיך פאַרטיילן צווישן אַנדערע און זיי אָנגעזאָגט אויף אונדז אַכטונג צו געבן, צו באַזאָרגן מיט עסן.

דאָרט זענען מיר אָפּגעווען דריי טעג און געזוכט אַ וועג ווייטער. 3 מענער און 2 פרויען האָבן זיך אָנגעשלאָסן מיט אונדז צו גיין צוזאַמען איבער דער גרענעץ. אין דער געגנט איז נישט געווען קיין יידישע די.פּי.־לאַגערן נאָר פּוילישע און רוסישע. האָבן מיר דעריבער ווידער פאַרשוויגן אונדזער יידישקייט.

## אין א רוסישן עוואקואציע־פונקט

דעם צווייטן טאָג זענען מיר אַוועק אין שטאָט ווידער זיך צו זען מיט די יונגע פּאָליאַקן. דאָס איז געווען אַ גרופּע פון כמעט־סטודענטן, אַן אינ־טעליגענטערער קלאַס. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז אין קאַנצעלאַריע פון אַ רוסישן אָפיציר רעגיסטרירט מען רוסישע מענטשן וועלכע ווילן גייך אַ היים. און זיי אָנערקענען פאַר רוסישע אויך די יעניקע, וואָס זענען געבוירן איבער דעם טייך סאַן.

דאָס דערהערט, בין איך געגאַנגען אין דער געגנט ווו אַלע רוסן האָבן געוווינט. דאָס איז געווען די שענסטע טייל פון ריינהערץ, דאָס קור־אָרט און אַלע באַקוועמסטע ווילעס און האָטעלן. זיי, די מערהייט רוסן האָבן פאַרנומען די שענסטע פּלעצער, פון וועלכע זיי האָבן, פּשוט, אַרויסגע־וואָרפן די דייטשן.

מיר צוויי צוזאַמען מיט די פּאָר פּאָליאַקן האָבן זיך פאַרקליבן צו דער רוסישער רעגיסטראַציע־קאַנצעלאַריע, וואָס האָט זיך געפונען ממש אין אַ פּאַלאַץ. די דייטשן, די אייגנטימער, האָבן פאַר זיי געאַרבעט, געקאָכט, גערייניקט און זיי באַדינט.

איך האָב גערעדט צו דעם רוסישן אָפיציר אין נאָמען פון אונדזער גאַנצער גרופּע און אים דערקלערט, אַז מיר זיבן ווילן גיין אַהיים. פּאַפּירן האָבן מיר נישט, נאָר געבוירן זענען מיר אין לעמבערג און פּשעמישל, וואָס איז אויף דער צווייטער זייט פון טייך סאַן און האָב אים געבעטן ער זאָל אונדז העלפן צוריק קומען אַהיים. ער איז געווען זייער העפלעך און האָט אונדז קיין שוועריקייטן נישט געמאַכט, נאָר געהייסן אונדז קומען דעם צווייטן טאָג, ווען עס וועלן זיי מער מענטשן צום טראַנספּאָרט.

אַזוי איז טאַקע געווען. מען האָט אונדז מיט אַ לאַסט־אויטאָ צוגעפירט אין אַ זאַמלפּונקט, וווּ ס'האָט זיך געפונען אַ פריערדיקער קאַצעט־לאַגער. אַ גרויל האָט אונדז אַרומגעכאַפּט. ווידער זיך געפינען אין אַ שמוציקן פאַרוואָרלאָזטן טויטן־לאַגער. דאָרט אַהין האָט מען יעדן טאָג געבראַכט פון דער גאַנצער געגנט גרופּן מענטשן, בלויז רוסישע, ביז ס'האָט זיך אָנ־געזאַמלט אַ 2000 מענטשן. קיין איין ייד איז דאָרט נישט געווען, און אפשר זענען יאָ געווען, פאַרשטעלטע, אַזוי ווי מיר. רוסישע עסקאָרטן מיט די געהעריקע פּאַפּירן האָבן אונדז געפירט צו דער גרענעץ. די אַמעריקאַנער וואַך האָט אונדז דורכגעלאָזט.

איבער דעם זאַמל־לאַגער איז געווען אַ רוסישער קאָמענדאַנט פון דער אַרמיי, אַ גרויסער שיכור. אַלע רוסישע פאַרזאַמלטע האָבן געהאַט גאַנצע פּעק מיט רויב מיטצונעמען אַהיים. מיר, די קליינע גרופּע פּוילישע, האָבן ממש געציטערט פאַר די אַלע אַרום. אונדזער גליק — מיין און מיין פּלימעניצעס, איז געווען וואָס עס האָט זיך דאָרט געפונען אַן אינטעליגענטער רוסישער בחור, וואָס איז געווען דער סעקרעטאַר פון דעם פּרא־אדם, דעם קאָמענדאַנט און ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט אונדז. געזען ווי מיר האַלטן זיך פון דער ווייטנס פון דער גאַנצער גרופּע און פאַרשטעקן זיך אין אַ ווינקל מען זאָל אונדז נישט אַרויסזען, האָט ער אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיין רואיק און אויב דער קאָמענדאַנט, דער שיכור וועט אונדז

וועלן עפּעס שלעכטס טאָן, אָדער מאַכן ווולגאַרע באַמערקונגען, וועט ער אַלץ טאָן, כדי אונדז צו באַשיצן. אַזוי איז טאַקע געווען.

קיין עסן האָט מען אונדז אין לאַגער נישט געגעבן, נאָר גערופן אַז יעדער זאָל זיך פאַרשרייבן. דערביי איז אויסגערופן געוואָרן, צי עס געפינט זיך ווער וואָס קען דייטש, ווייל אין נאָענטסטן ישוב דאַרף מען קריגן די ברויט־קאַרטן און אויך איינקויפן די שפּייז אויף די קאַרטן. אַזוי ווי קיינער האָט זיך נישט געמאָלדן האָב איך אים געזאָגט, אַז איך קען דייטש. אַזוי, אַז דער בחור, איך און מיין שוועסטערן־טאָכטער זענען געגאַנגען אין דעם נאָענטסטן שטעטל. איך האָב געקראָגן די געהעריקע שפּייז־קאַרטן און אַ צעטל מען זאָל אונדז געבן די אַלע שפּייזן אָן געלט.

געווען איז דאָס אַ שטעטל מיטן נאָמען אַקראַ. דאָס שענסטע ווינקל אין דעם ערץ־געבירג. כאָטש דאָס געמיט איז נישט געווען דערביי, בין איך דאָך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער שיינקייט פון די בערג אַרום. דאָס שטעטל איז געווען אַריינגעקוועטשט ווי אין אַ שפּאַלט צווישן די בערג. די רוישנדיקע וואַסערלעך, די אויסטערלישע בריקלעך איבער די וואַסערלעך, אַלץ איז געווען ווונדערלעך שיין. מ׳האָט זיך געמוזט פאַרטראַכטן אָנקוקנדיק די שיינע נאַטור און זיך ווידער פרעגן: קאָנען דאָ, אין דער פּרעכטיקער סביבה, אויך געבוירן ווערן פינצטערע כוחות? נאָר דערהערנדיק, אַז די דורכגייער רעדן דייטש, איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז די נאַטור האָט קיין שום בשותפותדיקס מיט אָט די מענטשן־חיות.

אין דער גאַנצער געגנט אַרום זענען געווען פאַבריקן און אומגעהויערע בערג, נישט צו דערזען זיי מיטן אויג. אַרום איז געווען אָנגעשיט אייזן־רודע, ביי וועלכער ס׳האָבן געאַרבעט שקלאַפן.

צוריקקומענדיק מיט דעם איינקויף און דערצו נאָך, אַז מיר האָבן עס באַקומען אָן געלט, האָט מיך דער קאָמענדאַנט געלויבט און האָט מיר דערלאַנגט אַ האַלב טיי־גלאָז מיט משקה, איך האָב נישט געוווּסט וואָס דאָס איז. דערנאָך מיך צוגעפירט צו אַ קעסל, געבליבן פון פריערדיקן לאַגער ווו מ׳האָט געקאָכט פאַר די שקלאַפן, און האָט מיר געוויזן, אַז אין דעם קעסל האָט ער געמאַכט דעם היימישן שנאַפּס. דער סעקרעטאַר איז באַלד אויסגע־

וואַקסן לעבן אים און געזאָגט, אַז איך טאָר נישט טרינקען אַזאַ שטאַרקע משקה, איז ער איינגעגאַנגען אויף אַ קאָמפּראָמיס, איך זאָל אויסטרינקען די העלפט.

פויערים פון דער געגנט מיט פערד און וואָגן האָבן אונדז צוגעפירט, אַ 20 קילאָמעטער, צו דער גרענעץ. די גרענעץ זענען מיר אַלע אַריבער צופוס, און דערנאָך ווייטער זיך געשלעפּט צו אַ באַן־סטאַציע צופוס.

אַריבערקומענדיק די גרענעץ האָב איך געזען ווי אונדזער קאָמענדאַנט גיט אַ וואָרף אַראָפּ פון זיך די מיליטערישע קליידער און מישט זיך אויס מיט דעם עולם, ווי אַ ציווילער.

דאָרט זענען געווען אָנגעזאַמלט גרויסע מענטשן־מאַסן פון אַלע פונקטן און בלויז רוסישע. איך האָב געזאָגט צו מיין שוועסטערן־טאָכטער, אַז מיר זאָלן זיך ווי ווייט מעגלעך אַרויסבאַקומען פון דער מענטשן־מאַסע. אין אַ לופט־שעלטער האָבן מיר איבערגעוואַרט אַ מעת־לעת און דאַן מיט אַן אָפּענעם לאַסט־צוג, וואָס האָט געפירט קוילן, אָנגעקומען קיין מאַגדערבורג.

אויף דער גאַס אין מאַגדערבורג האָבן מיר זיך געפרעגט, צי עס געפינען זיך דאָרט עפּעס יידן, דער אַדרעס איז געווען צום יידישן בית־עולם. אנטמוטיקט אַ ביסל זענען מיר געגאַנגען אַהין. דאָרט האָט זיך טאַקע געפונען אַ ייד, אַ צוריקגעקומענער. ער וווינט אין דעם בית־עלמין הויז און פירט דאָרט אָן מיט דער יידישער געמיינדע, דאָס הייסט צו העלפן די געציילטע יידן וואָס קומען דאָרט צוריק. דער זעלבער איז אַ געוועזענער באַאַמטער פון דער מאַגדערבורגער יידישער געמיינדע. אַלץ וואָס ער האָט פאַר אונדז געטאָן איז געווען ווייטערע רעקאָמענדאַציע־פּאַפּירן אויף דער רוסישער זאָנע מען זאָל אונדז בייהילפיק זיין און שטיצן אין אונדזער ווייטערדיקן וועג.

אַזוי האָבן מיר געוואָגלט דורך אַן אַ צאָל פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך נישט וויסנדיק אפילו ווו מיר געפינען זיך. מיר זענען געווען אין פּאָטסדאַם, וואַנזעע, בערלין, און פון דאָרט זיך דערשלאָגן מיט דער מזרח־באַן קיין שלעזיע. אָנגעקומען זענען מיר פאַרנאַכט אין אַ שטעטל אין שלעזיע, ווו מ׳האָט אונדז געזאָגט, אַז דעם צווייטן טאָג וועלן מיר האָבן

אַ צוג קיין קראָקע. מען האָט אָבער נישט געלאָזט איבערזיצן די נאַכט אויף דער סטאַציע. מענטשן אויף דער גאַס האָבן אונדז אָנגעוויזן אַן אָרט ווו איבערצוזיצן די נאַכט — דאָס איינציקע אָרט איז געווען אַ קלויסטער מיט נאָנעס, ביי זיי איז פאַראַן אַ שעלטער פאַר היימלאָזע מענטשן.

## צוריק אין פוילן – אין היימישן קראָקע

אין די נאַכט־שעהן האָט מען געשאָסן, אויב מען האָט זיך געפונען אויף דער גאַס. די רוסישע פּאַטרולן האָבן דאָ געהאַט די אויבערהאַנט און מיר זענען געווען געצווונגען אָנצוקומען צום קלויסטער. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין דעם קלויסטער־טויער. ס׳האָט זיך געעפנט אַ זייטן־פענצטערל, ווו ס׳האָט זיך באַוויזן אַ קאָפּ פון אַ נאָנע. איך האָב איר געזאָגט, אַז מיר האָבן נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ. און ווידער די זעלבע מעשה, מיטן דאַרפן פאַרלייקענען ווער מיר זענען. זי האָט תיכף אויפגעמאַכט דאָס טויער און אונדז אַריינגעלאָזט נישט פרעגנדיק ווער און וואָס מיר זענען. באַלד האָט אַן אַנדערע נאָנע אונדז איבערגענומען, צוגעפירט דורך אומהיימלעכע לאַנגע קאַלטע קאָרידאָרן צו אַ צעלע לעבן אַ קיך. מיר האָבן באַקומען עפּעס אַ משונהדיק־וואַרעמען געטראַנק אין טעפּלעך, זיי באַדויערן, וואָס קיין ברויט איז נישטאָ. דאַן האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ גאָר גרויסער שטוב, ווו עס זענען אויף שטרוי־זעק אויף דער ערד געווען אויסגעלייגט אַ פּאָר צענדליק פרויען, מאַנכע מיט קינדער. מען האָט אונדז אָנגעוויזן אויף דעם לעצטן שטרוי־זאַק. איך און מיין שוועסטערן־טאָכטער האָבן זיך אונטערגעלייגט די פּעקלעך צוקאָפּנס און פון גרויס מידקייט טאַקע באַלד אַוועקגעפאַלן, אין די מלבושים און איינגעשלאָפן. אין דער פרי, אַ ביסל אויסגערוטע, זענען מיר אַוועק פון דאָרטן. כאָטש דאָס איז שוין געווען אונדזער פּערטע וואָך אין וועג איז נאָך פאַרבליבן ביי אונדז אַ פּאָר דייטשישע מאַרק, פאַר וועלכע מיר האָבן געקויפט עפּעס צו עסן און ביי־לעטן שוין אויף אַ נאָרמאַלן פּאַסאַזשיר־צוג.

מיר זענען אָפּגעפאָרן קיין קראָקע.

מיט יעדער מינוט איז געשטיגן די אומרו און האַרצקלאַפעניש — וואָס דערוואַרט מיך דאָרט? די לעצטע שעהן, וואָס נענטער צו קראָקע, אַלץ מער אומרו, מער פּלאַטערניש.

איך האָב געמוזט צוגרייטן מיין באַגלייטערין צו אַ זאַך, וואָס איז איר די אַלע יאָרן נישט געווען באַוווּסט. זי האָט נישט געוווּסט אַז איר ברודער איז אַן אינוואַליד, אָן אַ פוס. איך האָב פּשוט געציטערט, אַז זי זאָל זיך נישט צוזאַמענברעכן. פּלוצלינג געבן איר אַ זאָג האָב איך נישט געקאָנט, וויסנדיק ווי סענסיטיוו זי איז. איך האָב איר נאָר אָנגעהויבן געבן אָנצו־געהערן, אַז די גאַנצע צייט האָב איך איר נישט געוואָלט דערציילן, דאָס איר ברודער האָט זיך עפּעס געטאָן אין אַ פוס און ער גייט נישט אַזוי ווי פריער. האָט זי מיר געענטפערט: לאָז ער זיין הינקעדיק, אַבי מיר זאָלן אים זען אַ לעבעדיקן. — עס איז אַפילו מעגלעך — האָב איך ווייטער גע־צויגן דעם שמועס — אַז ער גייט מיט אַ שטעקן און אפשר גאָר מיט קוליעס. נאָר איין זאַך זאָג מיר צו, — האָב איך איר געבעטן — אַז דו וועסט אים דערזען, וואָס עס זאָל נישט זיין, זאָלסטו נישט אַריינפאַלן אין היסטעריע, ווייל דאָס וועט אויף אים שלעכט ווירקן. זאָלסט אַלץ אויפנעמען אָן עפּעס צו פרעגן אָדער קאָמענטירן. איצט האָט זי שוין געפרעגט וואָס איך ווייס, וואָס איז געשען? האָב איך איר דערציילט, אַז כ'האָב אַלע יאָרן אויסבאַ־האַלטן פאַר איר דאָס אומגליק מיט איר ברודער. — לאָמיר איצט גאָר האָפן און בעטן, אַז ווי אַזוי די קינדער זענען, זאָלן מיר זיי נאָר טרעפן לעבעדיקע. — מער האָבן מיר דעם גאַנצן וועג פון דעם נישט גערעדט.

פאַרזונקען אין מחשבות און אין ציטערניש, זענען מיר, נאָך 4 וואָכן וואָגלען, אָנגעקומען סוף אויגוסט, 1945, אויף דעם הויפּט־באַנהויף קיין קראָקע.

ביים אָנקומען אויף דעם באַנהויף, האָב איך אויסגעטוישט די לעצטע פאָר דייטשישע מאַרק אויף פּוילישע זלאָטעס, צו האָבן פאַר דעם טראַמ־וויי. די פּעקלעך האָבן מיר איבערגעלאָזט אויף דעם באַנהויף. און איצט? וווּאַהין מאַכט מען דעם ערשטן שריט? דעם אַדרעס ווו מיינע קינדער דאַרפן זיך געפינען האָב איך געדענקט. דאַרף מען נעמען דעם טראַמוויי און פאָרן קיין פּאָדגוזשע. אָבער צי וועט דאָס האַרץ דאָס אַלץ אויסהאַלטן?

## און די זון האָט געשײַנט

דאָס האַרץ קאָן אויסהאַלטן. אַזוי דערנענטערן מיר זיך דאָרט אַהין מיט דעם טראַמווײַ, כדי אויסצוגעפֿונען די וואָרהייט — וואָס עס איז געשען מיט טײַערסטן פֿון אַלע טײַערע, פֿאַר וועלכן איך האָב אַוועקגעגעבן אַזויפֿיל יאָרן פּײַן און לײַדן, אין קאַמף קעגן די רוצחים, מײַן גאַנץ וועזן האָט געפֿלאַטערט.

גייענדיק פֿון טראַמווײַ צו דעם הויז, זענען די פֿיס געוואָרן ווי הילצערנע קלעצער, זיי ווילן נישט גיין! אין דעם קאָפּ מישט זיך. איך פֿיל ווי דאָס האַרץ בלײַבט בײַ מיר שטיין. אין גאַס זעץ איך זיך יעדע פּאָר מינוט צו אויף דעם טראָטואַר און גיי ווײַטער אַ פּאָר שריט. איך בין שוין לעבן הויז. אַרײַנגיין אין הויז אַזוי, אין אַזאַ מעמד, טויג אויך נישט. אפֿשר ווייסן די שכנים נאָך אַלץ נישט ווער מײַנע קינדער זענען? אפֿשר איז נאָך אַלץ אַ סכנה?

געוווינט האָט די קריסטין מיט די קינדער אין אַ וווינונג אויפֿן פּאַרטער, אַזוי, אַז מען האָט געקאָנט פֿון הויף אַרײַנקוקן אין פֿענצטער. מיר האָבן זיך טאַקע צוגעשלײַכט צום פֿענצטער. אָבער וואָס איז דאָס? די שטוב איז לײדיק, קײנער וווינט נישט דאָרט! איז עס אַ גוטער אָדער אַ שלעכטער סימן?

דאַרף מען איצט האָבן כּוח צו פֿרעגן די נאָענטע שכנים, די וועכטעריק פֿון הויז, וווּ עס איז די משפּחה?

## ווו זענען די קינדער?

נאָך אַ ביסל וואַרטן און מאַכן זיך האַרץ, האָב איך אָנגעקלאַפּט. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין אַ קרובה פון דער פאַמיליע, וואָס האָט דאָ געוווינט און געפרעגט ווו זיי זענען?

— אָ, זי? איז געוואָרן אַ גאַנצע פּריצהטע! האָט זי מיר געענטפערט, זי וווינט ערגעץ אין קראָקע, אין אַ וווינונג מיט אַן עלעוויייטער.

פרעג איך שוין ווייטער:

— זיי זענען געזונט און די קינדער פון איר ברודער זענען אויך מיט איר?

זי גיט מיר אַ רעכן אויס די נעמען פון די קינדער און זאָגט, אַז אַלע זענען זיי מיט איר, אויך עפּעס אַ ייִנגל אָן אַ פוס איז ביי איר.

הערנדיק דאָס האָב איך איר געדאַנקט און זיך נאָכגעפרעגט, צי זי ווייסט נישט איר אַדרעס אָדער דעם אַדרעס פון אירס אַ שוועסטער. זי האָט אָנגערופן אַ גאַס, אָבער גענוי ווייסט זי נישט.

אַרויס פון דעם הויז, האָב איך מיך ערשט צוגעזעצט אין אַן אַנדער הויז אויף די שטיגן. אַ שטראָם פון טרערן האָט זיך געלאָזט פון מיינע אויגן. נאָך אָפּרוען זיך אַ ביסל, האָבן מיר ווידער גענומען דעם טראַמוויי צוריק אין שטאָט, צו דער גאַס ווו עס וווינט די שוועסטער. דעם לעצטן נאָמען פון דער שוועסטער האָב איך געוווּסט. בין איך געגאַנגען פון טויער צו טויער, געלייענט אַלע נעמען אויף די טאָוולען אין די טויערן. ביז כ'האָב געפונען. איך האָב אָנגעקלונגען, זי האָט מיך נישט דערקענט, כאָטש איך בין איר פריער זייער גוט באַקאַנט געווען. איך האָב איר נאָר געבעטן דער שוועסטערס אַדרעס און זי האָט מיר אים געגעבן. דאָס איז געווען אויף דלוגע (לאַנגע) גאַס, אַ קליינער מהלך פון איר.

# איך געפֿין מיינע טייערסטע...

מיט ציטערדיקע פיס בין איך צוגעקומען צום הויז דלוגע 86. איך בין פלוצים געבליבן שטיין, ווייל עס האָט מיר אַ שיין געגעבן אַ פּנים, וואָס אין פאַרלויף פון יאָרן האָב איך עס נאָר אין מיינע חלומות געזען. ביים ראָג פון גאַס שטייט אַ יונג, שלאַנק, הויך מיידל מיט צוויי לאַנגע בלאָנדע צעפּ און פאַרקויפט צו די פאַרבייגייער פּאַפּיראָסן פון אַ קעסטעלע וואָס שטייט אויף אַ בענקל. אין דער פּאַפּיראָסן־פאַרקויפערין האָב איך דערקענט מיין טייער קינד, מיין עלטערע טאָכטער. מיר זענען געבליבן שטיין פון דערווייטנס ביז זי האָט זיך אָפּגעפאַרטיקט מיט אירע קונים. זי האָט זיך אויסגעדרייט און אונדז דערזען. אונדזער אויסזען — אָפּגעריסן, אין שמאַטעס, שמוציק און אָפּגעפלאָגט און דאָך, דאָס אומגעריכטע באַווייזט זיך. זי האָט קוים באַוויזן אויסצושרייען מ—אַ—מ—ע!!! און איז געפאַלן אין מיינע אָרעמס אין חלשות.

שכנישע קינדער האָבן דאָס קעסטעלע מיט די פּאַפּיראָסן צוגעמאַכט און אַרויפגעבראַכט אין שטוב אַריין. זיי האָבן אַרויפגעפירט מיין טאָכטער, איך בין אַריין מיט איר צוזאַמען דאָרט אין הויז. אַריינקומענדיק האָב איך געטראָפן מיין קליין קינד, אַ מיידעלע שוין פון אַ יאָר 7, אָן ציין אין פראָנט, אַ זייער בלייך פּנימל. זי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום רע־אַקציע צו דער גרויסער געשעעניש. די קריסטין האָט אונדז געקושט און זיך געפרייט. אָבער מיין קליין קינד האָט אויסגעזען ווי אונדזער קומען איז איר גאָרנישט צום האַרצן. פלוצים איז אַריינגעקומען אַ פרוי מיט אַן אויסזען פון אַ בעטלערין, דאָס זאָל זיין איר מוטער? אַ פרעמדע בין איך איר, זי קען מיך אַפילו נישט!

איך האָב באַלד אויסגעפונען, אַז אַלע קינדער לעבן און זענען גע־זונט. זיי געפינען זיך נאָך אויף די פלעצער ווו איך האָב זיי איבערגעלאָזט,



רחבה פערדערבער
אין אַמעריקע.



רחל פערדערבער
אין אַמעריקע.

און אַז מיין שוועסטערס זון, כאָטש אַן אינוואַליד, מיט מיין צוויי משפּחה־יינגל —ביידע 17 יאָר אַלט, — זענען אַ טאָג פריער אָפּגעפאָרן אונדז זוכן, ווייל אין די רשימות פון יידישן קאָמיטעט האָבן זיי געזען, אַז איך און מיין שוועסטערן־טאָכטער געפינען זיך אין בערגען־בעלזען.

מיין עלטער קינד, ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט מיר דאָס ערשטע געפרעגט ווו איז אונדזער פאָטער. איך האָב איר ליידער דערקלערט, אַז נישט דער פאָטער און נישט די אַנדערע משפּחה־מענטשן, זיי אַלע וועלן, ליידער, נישט קומען צוריק.

די קריסטין מיט איר מאַן און קינד האָבן אונדז איבערגעגעבן זייער שלאָף־שטוב און זי האָט צוגעגרייט אַ גוט מאָלצייט. מיר האָבן זיך אַרומ־

געוואַשן פון דעם וועג און אָפּגערייניקט, און בין געגאַנגען שלאָפן מיט מיינע טייערע קינדער. איך זע ווי מיין קליין מיידעלע קניט פרום אַנידער פאַר דעם הייליקן בילד לעבן בעט און זאָגט דאָס געבעט פאַר דעם שלאָפן גיין. די קריסטין זאָגט צו איר:



1945, נאָך דער באַפרייאונג, אין קראָקע.
רחל פאַרקויפט פּאַפּיראָסן אויף אַ גאַסן־ראָג.
רעכטס — רחבה, דערנעבן — די קריסטלעכע פאַרזאָרגער און זייער קינד.

— זעסט, ווייל דו האָסט אַלעמאָל אַזוי גוט געבעטן די הייליקע מוטער, איז דיין מוטער געבליבן לעבן און איז צוריקגעקומען צו דיר.

מיין עלטער קינד האָט אָבער שוין לאַנג געהאַט אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דעם אַרויפגעצוווּנגענעם גאָט, פון וואָס איר באַשיצערין איז גאָר־נישט געווען צופרידן.

די נאַכט בין איך, טראָץ דער מידקייט, נישט געשלאָפן, נאָר געוואַכט איבער מיינע קינדער. איך האָב מורא געהאַט, אַז איך וועל איינשלאָפן און דערנאָך זיך איבערוועקן, קאָן דאָס חלילה האָבן געווען בלויז אַ חלום, וואָס איך האָב אַזויפיל יאָרן געחלומט.

איך האָב געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן און דורך אַ שפּעלטל אָבסער־ווירט מיין קליין קינד וואָס איז געווען לעבן מיר. דאָס קינד איז געזעסן און געקוקט מיר אין פּנים ווי עס וואָלט געפּרוווּט עפּעס אויסגעפינען.

ביז דעמאָלט האָט דאָס קינד נאָך נישט געהאַט אַרויסגערעדט צו מיר קיין איינציק וואָרט. איך עפן די אויגן און אָט הער איך די ערשטע ווערטער, וואָס דאָס קינד זאָגט צו מיר, נישט אָנרופנדיק מיך מוטער, נאָר אַזוי גע־קוקט אין דער ווייטקייט און געפרעגט:

— דו האָסט געזאָגט, אַז מיר האָבן נישט קיין פאָטער, איז ער טויט. אפשר קאָן מען עפּעס טאָן איך זאָל אים כאָטש טויטערהייט איינמאָל אָנ־קוקן? איך וואָלט אַזוי געוואָלט אים זען. איך קען דאָך אים נישט...

דער ערשטער טאָג אין מיין היימשטאָט. אין מיין זכרון דערוואַכן די אַלטע גוטע צייטן מיט אַזויפיל גוטס און ליבע און אַזויפיל טייערע אַרום. אָבער די שטאָט האָט מיך אויפגענומען מיט אַ פוסטקייט, מיט אַ קאַלטער פרעמדקייט.

מיין ערשטער וועג איז געווען צו די צוויי יינגלעך פון מיין שוואָגער און שוועגערין. איצט זענען זיי שוין אַלט 8 און 6 יאָר. דער עלטערער, פייוול, האָט געהייסן פרעדעק און דער יינגערער הערשל — יאַנעק.

זייער געוועזענע דינסט, וואָס איז איצט זיי געווען אַ מוטער, האָט מיך אויפגענומען מיט גרויס פאַרוווּנדערונג און אומצופרידנקייט — איך לעב גאָר. זי האָט ווי געפילט, אַז עפּעס בייז וועט איר געשען. אָט די אַלטע בתולה האָט שוין ביי זיך געהאַט באַשלאָסן, אַז זי וועט די קינדער קיינעם

Wyciąg z księgi urodzonych

Urzędu parafialnego rzymsko-katolickiego

w *Jaśle*

*Irena Maj* syn córka *Andrzeja*

*i Marii Szewczyk* urodził*a* się w *Jaśle*

dnia *4. grudnia 1931 r.*



*Jasło*, dnia *6. marca* 19*44* r.

*K Kwolek prob.*

Wyciąg z księgi urodzonych

Urzędu parafialnego rzymsko-katolickiego

w *Jaśle*

*Krystyna Maj* syn córka *Andrzeja*

*i Marji Szewczyk* urodził*a* się w *Jaśle*

dnia *2. marca 1939 r.*



*Jasło*, dnia *6. marca* 19*44* r.

*K Kwolek prob.*

די אַרישע מעטריקעס פאַר מיינע צוויי טעכטער אויף די נעמען:
אירענאַ און קריסטינאַ מאַי.



אברהם דוד בראָך און אברהם פעלדמאַן — אויף דער „אַרישער" זייט.



אברהם־דוד בראָך אין אַמעריקע.

נישט צוריקגעבן, אַפילו נישט דער אייגענער מוטער. זי האָט דאָך זיי, זינט זייער געבוירן, דערצויגן און נאָר זי האָט אַ רעכט צו זיי. אין אַלע פּאַפּירן, וואָס זי האָט פאַר זיי געמאַכט, האָבן זיי געהאַט איר פאַמיליע־נאָמען: קאַציוק.

איך האָב בכלל אויסגעמיטן צו רעדן מיט איר וועגן דעם ענין. יעדן טאָג האָב איך באַזוכט די קינדער און זיי גענומען צו מיינע קינדער; זיי דערציילט וועגן זייערע עלטערן און ווער זיי זענען; אַז זיי און מיינע קינדער וועלן זיין צוזאַמען מיט מיר. זיי האָבן אָבער צו מיין פּלאַן אַרויס־געוויזן גרויס אומצופרידנקייט. איך האָב זיי געקויפט פאַרשידענע זאַכן און האָב אַלעמען יעדן טאָג גענומען אין דער קינדער־שולע ביים יידישן

קאָמיטעט, כדי זיי זאָלן זיך צוזאַמענקומען מיט יידישע קינדער ווי זיי. איך האָב געוואָלט דערוועקן עפּעס אַ נייגעריקייט אין זיי. אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען וואָכן און חדשים.

ביי דער שוועסטער פון זייער משרת האָב איך באַגעגנט אַן אַנדער יידיש יינגעלע. זי האָט מיר דערציילט, אַז ער הייסט אַנטעק ניעדזשעלאַ... דאָס איז געווען אַ קינד אפשר פון 5 יאָר אַלט, געשטאַמט פון לעבן טאַרנע. אויך דאָס קינד האָב איך באַשלאָסן צו נעמען. אין דעם יידישן קאָמיטעט האָב איך זיך טאַקע רעגיסטירט מיט 8 קינדער, אַלע אויף מיין נאָמען, אַלס מיינע קינדער. אין דעם קאָמיטעט האָט מען מיך גערופן „די גרויסע מאַמע״. די 8 קינדער זענען געווען:



אברהם דוב בראָך און זיין שוועסטער סאַבינע נאָך דער באַפרייאונג.
סאַבינע איז געשטאָרבן אין אַמעריקע, אין עלטער פון 37 יאָר, אין 1961.



אברהם פעלדמאַן נאָך דער באַפרייאונג.

רחל, מיין עלטערע טאָכטער, אין פויליש אירענאַ מאַי, געבוירן 1930.
רחבה, מיין יינגערע טאָכטער, אין פויליש: קריסטינאַ מאַי, געבוירן 1938.
אברהם־דוב, מיין שוועסטערן־זון, פויליש: עדעק קאָלאָדזשעי, גע־בוירן 1928.
שפרינצע, מיין שוועסטערן־טאָכטער, פויליש: באַשאַ שעליגאַ, גע־בוירן 1924.
אברהם, אַ קוזינקעס זון, פויליש: זיגמונט סירעק, געבוירן 1928.
פייוול, מיין מאַנס ברודערן־זון, פויליש: פרעדעק קאַציוק, געבוירן 1937.
צבי, מיין מאַנס ברודערן־זון, פויליש: יאַשעק קאַציוק, געבוירן 1939.
אַ פרעמד קינד, פויליש: אַנטעק ניעדזשעלאַ, געבוירן ? ?...

## דער קאַמף פאַר דעראָבערן די קינדער

מיין לאַגע איז געווען גאָר אַ שווערע, ווייל די מענטשן ווו די אַלע קינדער האָבן זיך אויפגעהאַלטן, דערזעענדיק מיך, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן און פאַרלאַנגען געלט פון מיר אויפצוהאַלטן די קינדער, כאָטש זיי האָבן געטראַכט און געזאָגט אָפן, אַז זיי האָבן מאַנכע קינדער גאָרנישט בדעה צוריק אָוועקצוגעבן. אין דער שווערער לאַגע האָב איך מיך גע־וואָנדן צום יידישן קאָמיטעט. זיי האָבן מיך יעדן חודש געשטיצט מיט אַ גע־וויסער סומע, וואָס איך האָב איינגעטיילט צווישן זיי און דערביי יעדעס מאָל צוגעזאָגט און פאַרזיכערט, אַז איך וועל זיי געבן מער. צו דעם צוועק האָב איך באַזוכט באַקאַנטע און כלומרשטע פוילישע פריינד, ווו איך און אַנדערע משפחה־מיטגלידער האָבן איבערגעלאָזט פאַרשידענע ווערט־זאַכן. מיט געוויין און געבעט האָב איך צוריקגעקראָגן קלייניקייטן, וואָס איך האָב פאַרקויפט און זיי אַוועקגעגעבן דאָס געלט. דער אַפּעטיט זייערע איז אָבער יעדעס מאָל געוואַקסן.

איך האָב אָנגעהויבן רעאַליזירן מיין פּלאַן פון צוזאַמענעמען די קינדער צו זיך. די פאַרזאָרגערס האָב איך פאַרזיכערט, אַז איך וועל פריער

נישט פֿאַרלאָזן פּוילן ביז איך וועל זײַ נישט באַפֿרידיקן. דאַן האָב איך שוין מיט זײַ גערעדט אָפֿן און געפֿרעגט, ווו זענען די אַלע זאַכן, וואָס די עלטערן האָבן איבערגעלאָזט בײַ זײַ פֿאַר זייערע קינדער? זײַ האָבן מיר דערקלערט, אַז עס איז נישט געווען גענוג, ווייל זײַ האָבן צוליבן האַלטן די קינדער, נישט געקאָנט דורך דער צייט פֿאַרדינען און האָבן אַליין גע־מוזט לעבן דערפֿון. איך האָב זײַ געבעטן מיך פֿאַרשטיין, אַז איך פֿאַרלאַנג נישט קיין חשבון, און מײַן דאַנקבאַרקייט צו זײַ האָט גאָר קיין שיעור נישט, אַז עס איז אויף דער וועלט נישטאָ אַזויפֿיל געלט אָפּצוצאָלן פֿאַר זייער גוטסקייט, נאָר איצט האָב איך גאָרנישט. איך וועל אַלץ טאָן, כּדי זײַ צו פֿאַרגיטיקן. איך נעם דאָס גאַנצע אחריות אויף מיר.

די פֿאַמיליע, ווו מײַנע קינדער זענען געווען, וואָס האָט פֿריער געוווינט אין פֿאָדגורזשע זייער אָרעם אין אײן שטוב, האָט איצט געוווינט אין זייער אַ שיינער וווינונג מיט שיין מעבל. דאָס אַלץ צוליב אויסהאַלטן די קינדער. באַלד נאָך דעם פֿרײַ ווערן איז מײַן שוועסטערס זון און מײַן עלטערע טאָכטער געגאַנגען צום לאָקאַטאָרן־אַמט און זײַ דערציילט ווער זײַ זענען, אַז עס זענען דאָ נאָך אַזעלכע קינדער ווי זײַ, און זײַ האָבן נישט ווו צו זײַן, און ביז איצט האָט די פּוילישע פֿרוי זײַ געהאָלפֿן. זײַ האָבן תּיכּף באַ־קומען די וווינונג, וועלכע די דײַטשן האָבן פֿאַרלאָזט, געווען דאָרט אויך אַן עלעווייטער צוליב דער אינוואַלידנשאַפֿט פֿון מײַן שוועסטערס זון. אָבער נאָך אַ פּאָר טעג וווינען דאָרט, איז געקומען אַ לאָסט־אויטאָ צוצונעמען די מעבל, ווייל דאָס געהערט נישט צו דער וווינונג. צום גליק האָט אין דעם זעלבן הויז געוווינט אַ יידישער בחור פֿון דער רוסישער זיכערהייטס־פּאָלי־צײַ און פֿון רחמנות צו די קינדער, האָט ער זיך באַצויגן גאָר פֿרײַנדלעך צו זײַ. ער איז ערגעץ געפֿאָרן און געבראַכט אַ באַשטעטיקונג איבערצולאָזן אַלץ. אונטן איז שוין אַלץ געווען אויפֿגעלאָדן און מען האָט עס צוריק אַרויפֿגעבראַכט.

די צוויי עלטערע ייִנגלעך האָבן אויך געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו פֿאַר־דינען אויף פּרנסה. זײַ האָבן אָנגעהויבן פֿאַרקויפֿן ציגאַרעטן אויף דער גאַס. געקויפֿט טאַבאַק און פֿאַרקויפֿט צו אַנדערע. די פּוילישע פֿאַמיליע האָט זײַ געהאָלפֿן און זײַ האָבן געהאַט פֿײַן פּרנסה.

ווען די צוויי עלטערע ייִנגלעך האָבן געהאַט פֿאַרלאָזט קראָקע, כּדי אונדז אויפֿצוזוכן — פֿאַר אונדזער קומען קיין קראָקע — איז דאָס געשעפֿט ווײַטער אָנגעגאַנגען דורך מײַן עלטערער טאָכטער מיט דער הילף פֿון דער פֿאַמיליע. דאַן ווען איך האָב געטראָפֿן מײַן קינד אויף דער גאַס פֿאַרקויפֿן פּאַפּיראָסן (דער האַנדל איז געווען פֿרײַ) איז דאָס געווען די איינציקע קוועלע פֿון פֿאַרדינען אויף דעם טעגלעכן באַדאַרף.

דערווײַל זענען אָנגעקומען די ימים־נוראים און די יום־טובֿים, 1945. דאָס האַרץ האָט געוויינט און געוויטיקט דערמאָנענדיק זיך ווי אַזוי קראָקע האָט אַמאָל אויסגעזען אין די הייליקע טעג. איך האָב אויף קוזמיר אין אַ פּריוואַטער וווינונג, אויסגעפֿונען אַ מנין. דאָרט אַהין בין איך געגאַנגען מיט אַלע קינדער ראש־השנה און יום־כּיפּור צום דאַווענען.

נאָך די יום־טובֿים האָב איך אָנגעהויבן פּלאַנירן ווען און ווי אַזוי אַרויסצופֿירן די קינדער פֿון פּוילן. קודם־כּל איז מײַן שוועסטערס טאָכטער אַליין צוריקגעפֿאָרן קיין בערגען־בעלזען מיט דער האָפֿענונג דאָרט צו טרעפֿן איר ברודער, וואָס האָט נאָר וואָס פֿאַרלאָזן קראָקע. זי האָט אויך געוואָלט זיך זען מיט איר חבֿר, וועלכער איז שפּעטער טאַקע געוואָרן איר מאַן, און פֿעסטשטעלן צי מען קאָן דאָרט אַהינפֿירן די אַנדערע קינדער. אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז זי צוריק געקומען מיט דעם באַשלוס איינציקווײַז דאָרט אַהין אַריבערפֿירן די קינדער, ווײַל עס איז זייער שווער צו גיין דורך דער רוסישער גרענעץ מיט אַלע צוזאַמען.

אינצווישן בין איך דערגאַנגען דעם אַדרעס פֿון איידעלע מענטשן, טײַערע פֿרײַנד און גרויסע בעלי־טובֿות, וועלכע האָבן זיך אין דער לעצטער מינוט אַרויסגעריסן פֿון דעם גיהנום. אין אָנהייב מלחמה זענען זיי מיט אַ ספּעציעל געקויפֿטן עראָפּלאַן, בשלום אָנגעקומען קיין ישׂראל. איך האָב זיי געשריבן וועגן מײַן לאַגע און אינפֿאָרמירט, אַז איך ווייס נישט ווי אַזוי איך וועל מיך קאָנען אַרויסראַטעווען מיט די קינדער. דערבײַ בין איך דאָך גליקלעך צו האָבן די אַלע קינדער מיט זיך.

מײַן שוועסטערס טאָכטער איז נאָך אַ פּאָר וואָכן צוריקגעקומען און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז זי מיט מײַנע צוויי מיידלעך זאָלן זיך די ערשטע לאָזן אין וועג אַרײַן קיין בערגען־בעלזען. איך האָב באַשלאָסן דאָ צו

בלייבן און אויסצוקעמפן די אַנדערע קינדער, ווייל די פּאַליאַקן האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו געבן מיר די איבעריקע קינדער. זיי האָבן אויס־געלערנט די קינדער מיך צו האַסן. זיי האָבן טאַקע מיט מיר מער נישט געוואָלט גיין. כדי צו האָבן פרייע הענט, האָב איך קודם אַוועקגעשיקט מיינע קינדער. איך האָב זיך צוגעגרייט צו דעם קאַמף.

אַזוי האָבן די קינדער, אָנהייב נאָוועמבער 1945, זיך געלאָזט אין וועג צו דער דייטש־רוסישער גרענעץ. פאַר דער רייזע האָב איך מיר גע־באָרגט געלט ביי אַ באַקאַנטער פרוי וואָס איז צוריקגעקומען פון לאַגער. אַן אָרנטלעכער פּאַליאַק האָט איר צוריקגעגעבן אַלץ, וואָס זי האָט אים איבערגעלאָזט.

מיט זייער אַ שווער האַרץ האָב איך פון איר געבאָרגט דאָס געלט, ווייל ווו וועל איך נעמען איר צוריקצוגעבן? זי האָט מיר אָבער איינגע־רעדט און איבערצייגט, אַז איך וועל איר זיכער צוריקגעבן, איך זאָל נעמען וויפל איך וויל און איר געבן די געלעגנהייט מיר צו העלפן אין דער וויכ־טיקער מינוט. קיין אַנדערע ברירה האָב איך דאָך במילא נישט געהאַט. איך האָב אויך דער קריסטין, ווו מיינע קינדער זענען געווען, באַצאָלט זי זאָל מיט זיי מיטפאָרן.

איך האָב מיינע קינדער, מיין שוועסטערס טאָכטער און זייער באַגליי־טערין, צוגעפירט קיין גערליץ (זגאָזשעליצע, שלעזיע) ביז צו דער גרענעץ.

אין מיטן שטאָט, איבערן טייך, איז געווען די רוסישע און מזרח־דייטשישע גרענעץ. דאָרט האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף אַ ייד, אַ פּאַרמיטלער ביי אַ פּוילישן אָפיציר, וואָס האָט געאַרבעט מיט דער פּוילישער און רוסי־שער גרענעץ־וואַך, וועלכע פירט אַריבער מענטשן. איך האָב באַצאָלט אַ געוויסע סומע. דורכגעשלאָפן די נאַכט ביי דעם יידישן מעקלער און איך דער פרי געגאַנגען מיט זיי צו דער בריק, ווו דער אָפיציר האָט שוין אויף אונדז געוואַרט. ער איז געגאַנגען פאָרויס און זיי געהייסן נאָכגיין. איך בין געבליבן פון דער זייט בריק און געזען ווי די קינדער מיט זייער באַגלייטער גייען אַראָפּ פון דער אַנדער זייט בריק. איך האָב זיי נאָכ־געשיקט אַ האַנט־קוש. מיט אַ געבעט אויף אַ בשלומדיקן און געזונטן וועג האָב איך זיך פאַרקליבן צום וועג אויף צוריק קיין קראָקע.

געלט האָב איך געהאַט זייער ווייניק. איך האָב געבעטן פאַרשידענע מיליטערישע אויטאָס מיך מיטצונעמען. כמעט קיינער האָט נישט אָפּגעזאָגט. דאָס פאָרן איז אָבער געווען אין קליינע שטרעקעס און ערשט נאָך דריי טעג בין איך אָנגעקומען אין קראָקע.

## ישראל־חיילים ראַטעווען קינדער

ביים אָנקומען קיין קראָקע, האָט מיך דערוואַרט אַ גרויסע איבערראַשונג. מען האָט מיר דערציילט, אַז צוויי ענגלישע זעלנער זוכן מיך. זיי וואַרטן שוין דאָ די אַלע טעג ווען איך בין אַוועק אויסער קראָקע.

איך בין תיכף געגאַנגען אויף דעם אַדרעס וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען צוויי ישראל־חיילים אין דער ענגלישער אַרמיי. דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון מיין שרייבן צו די טייערע מענטשן און פריינד קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן זיך געוואָנדן ווו עס איז געווען נויטיק און די צוויי חיילים האָבן געקראָגן פּאַפּירן און אינסטרוקציעס צו פאָרן און העלפן מיר מיט די קינדער. פאַר שמחה האָב איך מיך זייער צעוויינט אין דעם באַוווסטזיין, אַז עס ווערט אויסגעשטרעקט אַ האַנט מיטצוהעלפן אין דעם קאַמף פאַר אַרויסראַטעווען די איבעריקע קינדער. איך האָב זיי דערציילט, אַז פינף קינדער זענען שוין אַרויס פון פוילן, נאָר מיט די איבעריקע דריי גייט עס מיר שווער, מען וויל זיי מיר נישט געבן. איך האָף, מיט זייער הילף, צו קאָנען באַקומען די קינדער.

אינצווישן איז געשען, אַז נאָך דעם פרעמדן קינד פון לעבן טאַרנע, איז געקומען צו פאָרן אַ מומע וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון אַ לאַגער און מיך איבערצייגט, אַז איר שוועסטער האָט איר געגעבן צוויסן ווו דאָס קינד געפינט זיך. זי האָט דאָס קינד אַרויסגעקריגן און מיט זיך מיטגענומען.

איך האָב מיט די צוויי חיילים געמאַכט אַ באַזוך ביי דער קריסטין, ווו מיינע צוויי איבעריקע קינדער האָבן זיך געפונען. די צוויי בחורים,

אַלײן פּױלישע, האָבן נאָך געקענט אַ ביסל די שפּראַך. זײ האָבן זיך גע־שפּילט מיט די קינדער און יעדן טאָג זײ גענומען אויף אַ שפּאַציר. די פּאַ־ליאַקן האָבן אויך אַ ביסל רעספּעקטירט די ענגלישע זעלנער. איך האָב דערווײַל אויסגעאַרבעט אַלע נייטיקע פּאַפּירן, אַז אַלס די אײנציק־פּאַר־בליבענע פון דער משפּחה, די מומע פון די קינדער, גיב דאָס רעכט די צווײ זעלנער צו נעמען די קינדער קײן דײַטשלאַנד.

ווען די פּאַפּירן זענען שוין געווען פאַרטיק פאַר די דרײַ קינדער און געווען זענען נאָר צווײ קינדער, האָב איך מיטגעגעבן די חיילים אַן אַנדער קינד, אַ יתום, וואָס האָט זיך ביז דעמאָלט געפינען בײַ פרעמדע מענטשן.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען איך בין געגאַנגען מיט די צווײ חיילים זען די קינדער, איז שוין אויף אַ געוויסן פּלאַץ אַלץ צוגעגרייט געווען פאַרן וועג. די קריסטין האָט עפּעס פאַרויסגעפּילט און מיט אונדז מיטגע־גאַנגען. אַזוי גײענדיק שפּאַצירן, איז אָנגעפאָרן אַ מיליטערישער אויטאָ. די קינדער זענען איך אים אַרײַן, און לויט אַ צײכן, מיט דער האַנט איז דער אויטאָ פאַרשוווּנדן.

די קריסטין איז געבליבן אַ דערשיטערטע, האָט געוויינט און זיך גע־ריסן די האָר פון קאָפּ. זי האָט דאָך די קינדער דערצויגן פון געבוירן אָן און זײ אמתדיק ליב געהאַט.

איך האָב זי געבעטן זי זאָל מיר מוחל זײַן און איר געגעבן צו פאַר־שטײן — דאָס האָט אַנדערש נישט געקאָנט זײַן; יעדן טאָג רעדן וועגן דעם און אַמפּערן זיך, וואָלט אונדז בײדן קראַנק געמאַכט; איך וואָלט די קינדער קײנמאָל נישט אויפגעגעבן, איז עס איצט געשען. לאָמיר בײדע בעטן און האָפן אויף דאָס בעסטע פאַר זײ. איך וויל מיר זאָלן בלײַבן גוטע פרײַנד. פאַרגיב מיר, איך וועל דיר דאָס קײנמאָל נישט פאַרגעסן.

די חיילים האָבן מיר געגעבן זײער אַדרעס, ווו זײ געפינען זיך אין פראַנקפורט, און ווען איך וועל קומען צוריק קײן דײַטשלאַנד, וועל איך דאָרטן טרעפן די קינדער.

# איך זוך שפּורן פון צעשטערטן נעכטן

היף נאָוועמבער 1945.

איך האָב געקראָגן באַריכטן, אַז אַלע קינדער זענען גוט און געזונט אָנגעקומען אויף די באַשטימטע פּלעצער. דער גרעסטער עול איז שוין אַראָפּ פון מיין קאָפּ, איך האָב די קינדער שוין באַזאָרגט, מישטיינס גע־זאָגט, אין די די.פּי.־לאַגערן. מיין האַרץ וואַרפט זיך שוין נישט מער אין שרעק פאַר זיי. זיי געפינען זיך מער נישט דאָרט, ווו עס האָבן געלויערט אויף זיי פאַרשידענע געפאַרן. עס שטייט אָבער ווייטער פאַר מיר אַ גרוי־סער פראַגע־צייכן: און וואָס ווייטער?

איצט בין איך אין קראָקע אַ פרייער מענטש, דאָס הייסט — איך האָב צייט און קאָן זיך אַ ביסל אַרומקוקן אויף אין אַנדערע ערטער, זוכן, נישטערן, אפשר וועל איך עפּעס געפינען אַ לעבעדיקן צייכן פון די מער ווי הונדערט אומגעקומענע מענטשן פון מיין משפּחה. עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז איך זאָל אין ערגעץ נישט געפינען קיינעם?

איך האָב טאַקע פאַרבראַכט וואָכן און חדשים אין קראָקע און אין אַנדערע שטעט, אין דער אומגעגנט, ווו איך האָב נאָר געהאַט אַ שפּור, אַז מיינע טייערע משפּחה, פריינד, האָבן געקאָנט אָנשפּאַרן אָדער האָבן גע־קאָנט אַמאָל דאָרט זיין. ליידער האָב איך קיין לעבעדיקן און אפילו קיין טויטן צייכן נישט געפונען.

בין איך דאַן געגאַנגען אויף דעם בית־עולם פון מיינע טייערע — פאָ־טער, שוועסטער און אַנדערע משפחה־מיטגלידער. דער בית־עולם אויף דער מעד (מיאָדאָווע)־גאַס, שטייט, ער איז אָבער אַ האַלב־צעשטערטער, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נייעם וועג. דאָס איז גראָד דער טייל, ווו מיינע טייערע האָבן גערוט. אַזוי, אַז די לעבעדיקע־טויטע צייכנס זענען אויך נישט פאַרבליבן.

איך האָב זיך אַרומגעדרייט אין מיין היימשטאָט ווי אַ שאָטן, וווּ אַלץ איז געוואָרן אַזוי פרעמד. פאַר די אויגן האָב איך געהאַט וויזיעס, געשפּענסטער; נישט געהאַט פאַר וועמען זיך אויסצווויינען. האָב איך באַשלאָסן צו לאָזן זיך פאָרן אויף שליאַכן פון די פּוילישע וועגן. איך האָב באַזוכט יעדע שטאָט און שטעטל אָדער דאָרף, וווּ נאָר איך האָב אַמאָל עמעצן געהאַט. איך האָב געוווּסט פון אונדזער גרויסן אומקום און אַז איך האָב גאָר קליינע אויסזיכטן. איך האָב אָבער נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דער ווירקלעכקייט. מיט דעם באַשלוס, אַז איך מוז נאָך עמעצן געפינען, בין איך אויסגעפאָרן מער ווי האַלב גאַליציע. ליידער האָב איך זיך אויף יעדן אָרט נאָר אָנגעטראָפן אויפן טראַגישן אמת, און איך האָב אויפגעגעבן יעדן געדאַנק פון זוכן און געפינען...

איך וויל נאָר דערמאָנען אַ פּאָר פון די יידישע שטעטלעך וווּ איך בין געווען, וואָס איך האָב געטראָפן דאָרט, געזען און דורכגעלעבט.

אין טאָרנע האָב איך געזען די חורבות פון אומקום אין געטאָ. געקריגן אַ מאָלצייט אין יידישן קאָמיטעט און אַן אַדרעס צו אַ פּאָר צוריקגעקומענע פרויען זיי זאָלן מיך לאָזן איבערשלאָפן, און האָב זיך געלאָזט קיין דאָמבראָווע.

אין דאָמבראָווע האָב איך געטראָפן דאָס זעלבע, אויסער אַ ביסל עסן און זיך איבערשלאָפן. דער קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר צוריקגעקומענע, האָט מיר נישט געקאָנט געבן קיין שום ידיעות. זיי האָבן צוגעגעבן, אַז די אַלע וואָס איך זוך, וועל איך שוין קיינמאָל מער נישט געפינען. האָבן זיי מיך באַטראַכט פאַר אַ חסר־דעה ווען איך האָב געזאָגט, אַז מיין אַרומפאָרן הייבט זיך ערשט אָן. זיי האָבן נאָר צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, געמיינט צו זאָגן: יאָ, נישט קיין וווּנדער, מענטשן האָבן פאַרלוירן דעם שכל.

פון דאָמבראָווע בין איך צוריק דורך טאָרנע, געקומען קיין דעמביץ, וווּ איך בין אָנגעקומען אין אַ שפּעטער פינצטערער און שנייענדיקער נאַכט. אַלע מיטפאָרערס, וועלכע איך האָב באַגעגנט זענען נישט געווען קיין יידן. אפשר זענען מאַנכע יאָ געווען יידן נאָר האָבן ווי איך, אָנגענומען נישט

קיין יידישע צורה. פון דער באַן אין דער שטאָט אַריין בין איך געגאַנגען צוזאַמען מיט דאָרטיקע פּאָליאַקן. זיי האָבן מיר געראָטן, אַלס פרעמדע, וואָס האָב נישט ווו אויפצוהאַלטן זיך איבער דער נאַכט, זאָל איך אַריין אין דער בעקעריי וואָס אין מאַרק. דער בעקער וועט מיך לאָזן זיך אָנוואַרעמען און איבערזיצן די נאַכט. דערביי מיר אָנגעוויזן, אַז דאָרט ווו עס איז ליכטיק, דאָרט איז די בעקעריי און מען אַרבעט. איך בין טאַקע צוגעגאַנגען און אָנגעקלאַפּט, אַ פּאָליאַק פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק האָט מיר געעפנט די טיר, איינגעלאָזט אינעווייניק און מיך געהייסן זיצן ביז עס וועט אָנהייבן טאָגן. ער האָט מיך אויסגעפרעגט ווער איך בין און ווו איך גיי. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב משפּחה דאָ נישט ווייט פון דער שטאָט און אַזוי ווי די צייטן זענען נישט קיין זיכערע, וויל איך ביינאַכט נישט גיין, אַז איך בין אים זייער דאַנקבאַר פאַר זיין גוט האַרץ. מער האָב איך מיט אים גאָרנישט גערעדט. איך האָב נאָר געהאַלטן האַלב פאַרמאַכט די אויגן ער זאָל מיינען, אַז איך שלאָף.

אין מיין כלומרשטן שלאָף בין איך אָבער אַריין אין אַן אַנדערער וועלט, אין אַ וועלט פון אַמאָל. אָט זע איך אַ טיפּיש יידישע בעקעריי. אויף דעם ערשטן שטאָק, ווו עס וווינט איצט די קריסטלעכע פאַמיליע, וווינט די יידישע משפּחה פונעם בעקער. איך האָב בולט געזען, ממש גע־פילט דעם יידישן בעקער מיט לאַנגע פאַרמעליקטע באָרד און פּיאות, געזען אים קנעטן און באַקן ברויט, חלות, בייגל, אייערקיכלעך און אַנדערע יידישע געבעקסן. דאָס ווייב העלפט אַרויס אין דרייען די בייגל, די ראָ־געלעך, ס׳איז פּרייטיק, יידישע פרויען ברענגען צום באַקן זייערע בוימל־קוכנס, לעקעכער צום פאַרבייסן שבת נאָכן קידוש. פאַרנאַכט־צו רוקט מען אין דעם אויוון אַריין שבתדיקע טשאָלנטער מיט קוגלען פון גאַנצן יידישן שטעטל.

דער בעקער ענדיקט פאַרקלעפּן דעם אויוון, כדי די היץ זאָל האַלטן און יידן אין שטעטל זאָלן האָבן געשמאַקע מאכלים לכבוד שבת. די קינ־דערלעך פון אויבן זענען שוין שבתדיק אָפּגעוואַשן און פאַרקעמט; לויפן מיט אַ פריילעך געפּילדער אַראָפּ די טרעפּ אין דער בעקעריי צו טאַטע־מאַמע — עס איז בלויז 10 מינוט צו ליכט־בענטשן.

איך בין געווען אינגאַנצן פאַרזונקען אין מײַן פאַנטאַזיע־וועלט, ווען דער קריסט גיט מיך אַ ריס־אַרויס דערפון און זאָגט צו מיר: — עס איז שוין בלוי אין דרויסן, קאָנסט שוין גיין אויב דו ווילסט. איך האָב אים באַדאַנקט, געקויפט אַ שטיקל ברויט און אַרויס אַ פאַריתומטע אין דרויסן, אין דער קאַלטער פרעמדער וועלט אַריין.

איך האָב מיך אַרומגעדרייט אין מאַרק, צו ווען פון די נאָך זעלטענע דורכגייער זאָל איך צוגיין און פרעגן צי עס זענען דאָ פאַראַן יידן און ווו זענען זיי? איך האָב אָבער באַשלאָסן צו וואַרטן ביז קינדער וועלן גיין אין דער שולע און ביי זיי פרעגן.

איך האָב געזען דורכגיין צוויי פּוילישע מיידלעך פון אַ יאָר צוועלף. איך האָב זיי אָפּגעשטעלט און געפרעגט ווו עס וווינען דאָ צוריקגעקומענע יידן? די קינדער האָבן זיך ווי דערשראָקן פאַר דער פראַגע, זיך איבער־געקוקט, איינע האָט מיר אָנגעוויזן, אַז אין דער ענדע פון גאַס וווינען יידן.

איך בין אַהין געגאַנגען און געטראָפן אַ מיטליאָריקע פרוי מיט צוויי טעכטער. זיי זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ דאָרף. איך הער פון זיי, אַז עס זענען נאָך דאָ פאַראַן אַ פּאָר צוריקגעקומענע יידן, נאָר די סכנה איז גרויס און אַלע גרייטן זיך אַוועקצופאָרן. האָב איך געפרעגט אויף אַלע וואָס איך האָב געזוכט. — יאָ, מיר ווייסן, אַלע זענען אומגעקומען. זיי האָבן דערציילט ווו און ווען.

דאָס איז געווען דער גרוס, וואָס איך האָב דאָ אָפּגענומען, און זיך געלאָזט אין מײַן ווייטערדיקן וועג.

פון דעמבינץ האָב איך געוואַנדערט אין מײַן ווייטערדיקן וואָגל־וועג מיט אַ צעבראָכן האַרץ, און זיך פאַרקליבן קיין מיעלעץ, ווו איך האָב גע־האַט טייערע פריינד און אַמאָל אַ שיינע פאַרגאַנגענהייט פאַרבראַכט מיט דער דאָרטיקער יוגנט.

איך בין אין וועג פאַרבייגעפאָרן דעם גרויזאַמען לאַגער פּוסטקאָוו. אין דעם האַלב־פאַרניכטנטן לאַגער האָב איך, ווי אַ מיראַזש, געזען די שאָטנס און געהערט די קרעכצן, די וויי־געשרייען מיט די שמע־ישראל־אויסרופן פון די טויזנטער אָדער צענער טויזנטער פאַרפּייניקטע יידן פון יענער געגנט.

## בערטאַ פערדערבער־זאַלץ

אין אַ ווינטערדיקער פינצטערער נאַכט, בין איך אָנגעקומען קיין מיעלעץ. נישט ווייסנדיק ווו זיך צו ווענדן כדי דורכצוקומען די נאַכט, האָב איך זיך צעשמועסט מיט די פּאָר אָנקומענדיקע פּאַליאַקן, געבעטן זיי זאָלן מיר אָנווייזן אַ פּלאַץ ווו די נאַכט איבערצוּוואַרטן. זייענדיק זיכער, אַז איך בין אַ קריסטין, האָט מיר אַן עלטערע פרוי געזאָגט: — איך זע אַז דו ביסט אַ פרעמדע, דאָך ביסטו צווישן אייגענע. עס איז זייער געפערלעך צו גייך ביינאַכט אויף די גאַסן, די רוסן געפינען זיך דאָ. איך וועל דיך דעריבער נעמען אין מיין הויז. איך האָב אַן עקסטראַ בעט, וועסט זיך אויסרוען און אין דער פרי וועסטו גיין צו דיינע קרובים אין דאָרף. (איך האָב זיי אַזוי געזאָגט).

אַריינגעקומען בין איך מיט דער פרוי אין אַ מאַרק־הויז. דער אַריינגאַנג איז געווען פון דעם זייטיקן פאָרהויז. עס איז געווען אַ טיפיש יידישע שטוב מיט אַלע קליינִיקייטן, — מעבל, געשיר און אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס זענען פאַרבליבן פון דער יידישער משפחה. אַ שויבן־שענקל מיט פיל שיינע טעלער און קאָלירטע גלעזער — זיכער פסחדיקע כוסות. נאָר איין זאַך איז נישט געווען צוגעפּאַסט צו דער שטוב — די גרויסע צאָל הייליקע קריסטלעכע בילדער אויף די ווענט. מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ בעט אין אַ קליין שטיבל, ווו איך זאָל שלאָפן. אַ מידע און אויסגעפרוירענע האָב איך זיך געלייגט אין בעט. איך פיל איך ליג אין אַ יידיש בעט, די קישנס, דאָס בעטגעוואַנט אַזוי נאָענט, אַזוי היימיש, ווי עס וואָלט מיך ווער אויפגענומען מיט וואַרעמקייט נאָך אַ לאַנגער בענקעניש.

איך האָב גענומען באַטראַכטן די איינשיט, אינעווייניק פון דעם בעטגעוואַנט, ס'איז אַ נייער רויטער דאַמאַסק, פון די פיינסטע וואָס מען האָט געמאַכט פאַר באַלעבאַטישע כלות צו זייער חתונה־אויסשטייער. איך האָב נאָך געזוכט און טאַקע געפונען וואָס עס איז מיר איינגעפאַלן: איך האָב דערטאַפּט אין די פעדערן מטבעות „אָפּגעשפּראָכענע” פון אַ רבין, וואָס מאַמעס פלעגן אַריינלייגן אין די פערענעס פון די קינדער, עס זאָל זיי ברענגען מזל.

דורך דעם געוואַנט האָב איך די „אָפּגעשפּראָכענע” מטבעות אַרויסגענומען, זיי געהאַלטן ווי אַ שמירה אין מיין האַנט, און האָב זיך ביטער

צעוויינט. געשלאָפן בין איך נישט, אָבער אויך נישט וואַך געווען. איך בין אַרײַנגעפאַלן אין אַ צושטאַנד, ווו דער געדאַנק האָט צוריקגעבראַכט צו דעם „אַמאָל איז געווען”. איך האָב דורך דער נאַכט דורכגעלעבט גאַנצע דורות פון יידיש משפחה־לעבן אין אַט דער שטוב.

געווען אַ טייערע משפחה, געוווינט אין מאַרק; געצויגן חיונה פון דעם פראַנט־געוועלב; געפראַוועט שבתים און יום־טובים, שמחות און אבילות. מ׳האָט געהאַט אַ טאָכטער חתונה צו מאַכן, געמאַכט צוגרייטונגען. דאָס ערשטע איז דאָס שײַנע, פון ווײַסע פוך־פעדערן, געמאַכטע בעט־געוואַנט און די פון דאַמאַסק רויטע אײַנשיטן. מען לייגט אַרײַן מיט כוונה און מיט האַרץ די „אָפּגעשפּראָכענע” אַלטע מטבעות. שכנים, משפחה ווינטשן האַרציק. מען זעט שוין אין דמיון די חתונה, דאָס נחת פון קינדער. עס קומט אַ נײַער דור; מען מאַטערט זיך מיט פרנסה: מען לעבט אין שרעק צוליב אונדזערע שכנים־פיינד, די פּאָליאַקן, וועלכע טוען אָן נישט ווייניק צרות. דאָך האָט מען זיך געפילט אײַנגעוואָרצלט און מ׳איז אָנגעגאַנגען מיט אַ פול, רייך לעבן.

אַזוי האָב איך זיך דורכגערעדט מיט דעם בעט און בעטגעוואַנט אַ גאַנצע נאַכט און מיר האָבן זיך אַזוי גוט, אַזוי אייגן געפילט... ביז דער גרויער באַגינען האָט אָנגעהויבן אַרײַנצוקומען דורך דעם פענצטער. איך האָב זיך געמוזט אָפּרײַסן פון דעם וואָס איז מיר געווען אַזוי באַקאַנט און לעבעדיק. איך האָב פאַרלאָזט די שטוב, ווען אַלע שטוב־מענטשן זענען נאָך געשלאָפן. אָן צו זאָגן אַ דאַנק, איך האָב נאָר צוגערירט מײַנע פינגער צו דעם ביישטידל אויף דער טיר ווו, כאָטש איבערגעפאַרבט, זענען נאָך פאַרבליבן אַלטע צייכנס פון דער אַמאָליקער מזוזה... און איך בין אַוועק.

מײַן פּנים וואָלט זיכער געווען אויסגעגעבן וואָס איך האָב די נאַכט דורכגעלעבט. נאָך אַ פּאָר שעה אַרומבלאָנקען זיך איבער די גאַסן, האָב איך זיך דערפרעגט צו דעם רעשטל צוריקגעקומענע, זיך מיט זיי דורכ־גערעדט און געוואָלט גיין אין דאָרף זוכן נאָענטע. זיי האָבן מיך אָבער נישט געלאָזט און דערביי מיר פאַרזיכערט, אַז עס איז קיינער דאָרט נישטאָ און ס׳איז אַ גרויסע געפאַר צו גיין.

בערטאַ פערדערבער־זאַלץ

אַ באַן אַוועקצופאָרן פון דאָרט איז געווען נאָר ביינאַכט איינמאָל אין מעת־לעת. גיין אַליין צו דער באַן איז געווען זייער געפערלעך. עס זענען דאָרט געווען צוויי רוסישע זעלנער יידן, וועלכע האָבן דעם ביסל איבער־בלייב, דעם צעבראָכענעם, זייער פיל געהאָלפן. דעם זעלבן טאָג אָבער האָט מען די זעלנער נישט געזען און איך האָב געמוזט די נאַכט דורכקומען מיט די מענטשן. דעם נעכסטן אויפדערנאַכט האָבן מיך די מענטשן, אין באַ־גלייטונג פון צוויי רוסישע זעלנער, געבראַכט צו דער באַן. מיט נאָך מער ווייטיק האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין אויף ווייטערדיקע זוכענישן.

פון מיעלעץ ביז איך געפאָרן קיין ראָזוואַדאָוו. דורכגעפאָרן דעם ביטערן לאַגער סטאַלאָוואַ־וואָלאַ, ווו אין די דאָרטיקע אַמוניציע־פאַבריקן זענען אַזויפיל יידן־שקלאַפן אומגעקומען. עס איז מיר ווידער באַשערט געווען אָנצוקומען קיין ליזשענסק ביינאַכט. די באַנען זענען מער געשטאַנען ווי געפאָרן. איך האָב אַלץ נישט געוואָלט אויפגעבן, נאָר געזוכט אַן איבער־בלייב און האָב געהאָפט אויך צו זיין דאָרט אויפן קבר פון גרויסן רבין ר׳ אלימלך און אויך פון קרובים. איך האָב געטראַכט אויסצוגעפינען עפעס וועגן אַלע אַנדערע וואָס האָבן דאָ ערשט מיט אַ קורצע פאָר יאָר צוריק געלעבט.

# א שווידער־נאַכט אין אַ קאַטוילישן קלויסטער

אָנגעקומען מיט דער באַן בין איך אַרום 11 ביינאַכט. מיט מיר צוזאַמען איז געקומען בלויז נאָך איין מענטש — אַ נאָנע פון דאָרטיקן גרויסן קאַ־טוילישן קלויסטער.

נישט האָבנדיק קיין פאַרדאַכט, אַז איך בין אַ יידישע, האָט זי מיך געפרעגט, צי איך גיי אין שטאָט, ווייל אַליין האָט זי מורא צו גיין, נאָך די געשעענישן וואָס קומען דאָ כסדר פאָר. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך בין אַ פרעמדע און דאַרף פאָרן אין דאָרף צו מיין משפחה, איך האָב נישט ווו די נאַכט איבערצונעכטיקן און מוז בלייבן אויף דער באַן־סטאַציע. זי האָט מיך אָבער געוואָרנט, אַז אויך דאָ איז זייער געפערלעך צו זיין. זי ראָט מיר דעריבער מיטצוגיין מיט איר אין קלויסטער אַריין. זי איז די הויפט־מוטער פון קלויסטער, זי האָט פאַר מיר אַ בעט און ווי אַ קריסט־לעכע פרוי, איז איר חוב מיך צו באַשיצן. עס זאָל מיר קיין שלעכטס נישט געשען; אַלע הייליקייטן וועלן אונדז באַגלייטן אין דעם וועג פון דער באַן צום קלויסטער.

ווידער געפין איך זיך דאָ אונטער דער שוץ, וואָס איך האָב געמיינט, אַז איך וועל זי שוין קיינמאָל נישט דאַרפן.

אין דער פינצטערער נאַכט האָב איך נאָר געקענט זען די קאָנטורן פון די קלויסטער־מויערן, וואָס האָבן פאַרנומען אַ גאָר גרויסן שטח. אַ קלונג, אַ מיסטעריעזער סקריפּ פון אַ שווערן טויער; געוועלבטע פינצטערע וועגן; באַלויכטן מיט אַ גאָר קליין לעמפּל; אַ באַגריסונג אין דער שטיל מיט „זאָל אייביק געלויבט זיין״. ווייטער ווערט געעפנט אַ שווערע טיר און מ׳האָט מיך געגומען ביי דער האַנט און צוגעפירט אין דער פינצטער צו אַ בעט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זיי מאַכן איבערהויפּט נישט קיין ליכט, ווייל ליכט

אין פענצטער קאָן נאָך ברענגען אַהער די רוסן, פאַר וועלכע זיי האָבן זייער מורא.

זי ווייזט מיר דאָס בעט ווו איך וועל שלאָפן, נאָר קודם, זאָגט זי מיר, וועלן מיר קניען פאַר דער זייער וויכטיקער פיגור, דאַנקען איר פאַר דעם איבערגעקומענעם וועג און בעטן אויף אַ רואיקע נאַכט.

מיין האַרץ איז געווען זייער פאַרקלעמט. שוין ווידער זיך אַראָפּגע־לאָזט קניען. איך האָב זייער געוויינט אין דער שטיל, נאָר געפרעגט און ווידער געפרעגט: — נאָך אַלץ נישט גענוג, גאָט?

ליגנדיק אין דעם בעט דורך דער נאַכט האָבן מיך די אַלע קלויסטער־שאָטנס נישט אָפּגעלאָזט. די בלוטיקע טאָרקוועמאַדאָס און אַנדערע רשעים, דורך אַלע דורות. אַ פאַרמאַטערטע האָב איך זיך גאַנץ פרי אויפגעהויבן און זיך אַרויסגעשלייכט פון דעם אומהיימלעכן און פרעמדן פלאַץ.

## ליזשענסקער הריגה און גראָדזשיסקער מאָרד

דער מאָרגן איז געווען אַ זוניקער. איך בין געגאַנגען צום מאַרק, ווו עס קומען פערד און וועגענער פון דער גאַנצער געגנט. איך האָב גע־האָפט צו געפינען אויף פויערים פון דעם שטעטל גראָדזשיסק, איך זאָל קאָנען דאָרט צופאָרן.

די שעה איז געווען גאָר אַ פריע און איך בין אַריינגעגאַנגען אין אַ שענק קויפן אַ גלאָז טיי מיט אַ זעמל. אינצווישן זענען אַריינגעקומען אין דער שענק פיל שטעטלדיקע און דאָרפישע פּאַליאַקן און האָבן צווישן זיך געפירט אַ לעבעדיקן שמועס פון וועלכן איך האָב זיך צוהערנדיק אויס־געפונען וואָס עס איז דאָרט פאָרגעקומען אין די לעצטע טעג. זיי האָבן קאָמענטירט די הריגה פון די פאַר צוריקגעקומענע יידן קיין ליזשענסק.

עס זענען אין שטעטל צוריקגעקומען 9 יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין איין הויז. האָט מען ביינאַכט אַריינגעוואָרפן אַ באָמבע און אַלע אומגע־ברענגט. איין צד האָט געהאַלטן, אַז מען האָט זייער גוט געטאָן, ווייל וואָס האָבן זיי נאָך דאָ צו זוכן? ווער דאַרף זיי דאָ? די אַנדערע האָבן צוגעגעבן,

אַז, אמת, מיר דאַרפֿן זיי טאַקע נישט, אָבער מען האָט זיי געדאַרפֿט זאָגן זיי זאָלן זיך אָפּטראָגן, אויב נישט וועט מען דעמאָלט זען וואָס מ׳האָט צו טאָן. זיי זענען אָבער געקומען צום באַשלוס, אַז עס איז גאָר קיין שום שלעכטס נישט געשען, און אויב עס לעבן נאָך מאַנכע פֿון זיי, וועלן זיי וויסן נישט צו קומען מער אַהער, ווייל מיר וועלן זיי אויסרויכערן ווי די מייז.

מיך האָבן זיי נישט פֿאַרדעכטיקט, ווער איך בין און, אַז איך הער מיך צו. איך האָב באַצאָלט און בין אַרויס. עס איז שוין גאַרנישט געוואָרן פֿון מיין פּלאַן צו גיין צום בית־עולם, אָדער זוכן לעבעדיקע רעשטלעך.

איך בין פֿאַרבייגעגאַנגען דאָס נייע חורבן־קבר, דאָס אויפגעריסענע הויז, ווו די 9 יידן זענען פֿון זייערע אַמאָליקע שכנים און זיכער אויך פֿון בעל־חובות — נאָך אַלע שרעקלעכע איבערלעבענישן און נאָך אַזויפיל יאָרן פֿון ליידן, אַזוי אכזריותדיק אומגעבערענגט געוואָרן. איך האָב געמורמלט מיט די ליפּן אַ יתגדל ויתקדש...

איך האָב געפֿונען אַ בעל־עגלה וואָס איז געפֿאָרן קיין גראָדזשיסק און זיך געלאָזט קעגן נייע באַגעגענישן.

געקומען אין דעם פּיטשינקע שטעטעלע, ווו איך, מיין שוועסטער מיט אונדזערע קינדער, האָבן אין די חורבן־יאָרן פֿאַרבראַכט 20 חדשים און געזען און געקענט דאָס לעבן פֿון די פּאָר צענדליקער משפּחות, און אויך געווען דער עדות פֿון זייער אומקום. איך האָב זיך דערנענטערט צו די יידישע הייזלעך און געסלעך מיט אַ פֿלאַטערניש אין האַרצן. כאָטש איך האָב געוווּסט דעם אמת, דאָך האָב איך געוואָרט, עס מוז דאָך יעדע רגע אַרויסקומען, זיך באַווייזן אַ גוט באַקאַנט יידיש פּנים. ליידער איז אַזוי נישט געווען.

דער פֿויער, דער בעל־עגלה, האָט מיך צוריקגעבערענגט צום באַוווּסט־זיין — ער האָט מיך געפֿרעגט ווו ער זאָל מיך צופֿירן, ווו עס וווינט מיין משפּחה, צו וועלכער איך פֿאָר.

— צום לערער פֿון דער שולע — האָב איך אים געענטפֿערט (דער, וועלכער איז געווען דער איידלסטער און אַליין געשטרויכלט געוואָרן ביים וועלן אונדז העלפֿן).

ער האָט מיך צוגעפירט צום לערערס הויז. איך האָב אים געטראָפן אין דער היים. זיין פרייד איז געווען זייער גרויס צו זען מיך אַ לעבעדיקע. זיין ווייב איז אויך אַ צופרידענע. פאַר זיינע אונטערגעוואַקסענע קינדער בין איך אָבער געווען אַ קרובה פון ווייט, וועלכער זיי קענען נישט.

איך בין אַריינגעגאַנגען מיט אים אין אַ צווייט צימער. ער האָט מיר דערציילט, אַז פון די דאָרטיקע יידן איז קיינער נישט צוריקגעקומען און ער איז זיכער, אַז זיי זענען נישט געבליבן לעבן. נאָר איין יונגער בחור פון דיין משפחה, האָט זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן אין וואַלד און איז באַלד נאָך דעם קריג געקומען אַהער, אָבער גלייך ווי מען האָט אים דערזען אויף דער גאַס האָט אים עמעץ פון הינטן דערשאָסן. איך בין געוואָרן זייער דער־שיטערט דאָס צו הערן. דער עיקר — כ'בין געווען אַזוי נאָענט צו האָבן עמעצן געפונען, ווי איך האָב מיר געהאַט פאָרגענומען, און דאָ האָט מען אים אַזוי ברוטאַל אומגעבראַכט. דאָס איז געווען דער 19־יאָריקער בחור שמעון, אַ זון פון מיינע משפחה־מענטשן, ער איז אומגעקומען, ווייל די שכנים און „יורשים" האָבן נישט געוואָלט עפּעס צוריקגעבן פון דעם רויב, וואָס איז ביי זיי געווען.

דער לערער האָט מיר אָנגעבאָטן זיין הילף אויב איך וויל ערגעץ גייַן. ער האָט אויפגעקלערט, אַז אַליין איז פאַר מיר זייער געפערלעך זיך צו ווייזן אויף דער גאַס. איך בין מיט אים נאָר צוגעגאַנגען אויף איין אָרט, צו איינעם פון די רייכסטע און אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים אין דער געגנט, ווו מיין שוועסטער האָט איבערגעלאָזט פעלצוואַרג פאַר אַ גרויס פאַרמעגן — בלויז טייערע פעלץ־פעלן, ווי ביבער, פיש־אָטער, מורמעל (מינק) פער־סיאַנער און אַנדערע.

איך בין געקומען צו דעם פויער מיט מיין באַגלייטער נאָכמיטאָג. מיין גוטער פריינד, דער לערער, האָט אים דערציילט אַז איך מיט מיינע צוויי קינדער האָבן זיך געראַטעוועט, אויך צוויי קינדער פון מיין שוועסטער, און אַז מיר זענען זייער אָרעם, און אַז ער זאָל מיר געבן וואָס עס איז אים געבליבן. דערצו, האָט ער צוגעגעבן, איז איין קינד פון מיין שוועסטער אַ קריפּל, אָן אַ פוס. ער האָט אויך דערקלערט, אַז ער קען דאָך מיך, ווייל איך בין שטענדיק געקומען מיט מיין שוועסטער און געבראַכט די סחורה

צום באַהאַלטן. דער פויער האָט אונדז אָבער דערציילט פאַרשידענע מעשיות, אַז מען האָט ביי אים אַלץ צוגענומען און ער האָט אונדז אָפּגעהאַלטן ביז עס איז געוואָרן בין־השמשותדיק. מיין באַגלייטער, דער גוטער מלאך, איז אָבער געוואָרן זייער אומרואיק. ער האָט עפּעס אַרויסגעפילט און געזען עפּעס אַ צוגרייטונג, וואָס איך האָב גאָרנישט באַמערקט.

מיר זענען באַלד אַוועק פון דאָרט און נאָכדעם ווי מיר זענען אָפּ־געגאַנגען אַ פּאָר הונדערט שריט, האָט מיין באַגלייטער מיר געגעבן אַ שלעפּ אַראָפּ פון דעם פעלד־וועג, גלייך אין מיטן פעלד אַריין. מיט דער אַנדערער האַנט האָט אַראָפּגעריסן מיין העל טיכל פון מיין קאָפּ, ווייל מען קאָן עס זען פון דער ווייטנס אַפילו אין דער פינצטער און אויפדעקן ווו מיר גע־פינען זיך. ער האָט מיך געהייסן שנעל זיך לייגן אויף דער ערד און ער האָט אויך אַזוי געטאָן. עס האָבן טאַקע פון דער זייט, ווו מיר זענען פריער געווען, אָפּגעהילכט עטלעכע שאָסן. אַזוי אָפּליגנדיק אַ ביסל, האָבן מיר זיך פאַרקליבן אין אַ גאַנץ קעגנגעזעצטער זייט און דורך אַן אומוועג צוריקגעקומען אַ היים.

אַריינקומענדיק איז הויז האָט ער מיך געהייסן וואַרטן אין פאָרהויז, אַליין איז ער אַריין אין הויז און אויסגעלאָשן דאָס גאַנצע ליכט. אַזוי פאָרזיכטיק איז ער געווען, ער האָט געוווסט פאַרוואָס. מער קיין ליכט האָט ער נישט אָנגעצונדן ווייל ער האָט פאַרדעכטיקט, אַז זיי זענען אין דרויסן און מיט דער הילף פונעם ליכט אינעווייניק וועלן זיי מיך זען און צו מיר שיסן.

איך בין איבערגעקומען די נאַכט אין צרות. דער מאָרגן איז גראָד געווען אַ שיינער און מיר האָבן געמאַכט צוגרייטונגען ווי אַזוי זיך אַרויסצוקריגן פון דעם גיהנום.

# א פאַריתומט ייִדיש קינד אין א קריסטלעכן יתומים־הויז

קעגנאיבער דעם הויז, ווו מײַן באַשיצער האָט געוווינט, איז געווען אַן אָכראַנקע (אַ יתומים־הויז), ווו נאָנעס האָבן זיך, פון כמה יאָרן, פאַר־נומען מיט דערציִען קינדער. דורכן פענצטער האָב איך זיך צוגעקוקט ווי די קינדער שפּילן זיך. צווישן די קינדער האָב איך באַמערקט אַ רויט־האָריק מיידעלע מיט זייער אַ צאַרט ווייס פּנימל פון אפשר אַ יאָר פינף. אָנגעטאָן איז זי געווען ווי די אַנדערע דאָרפישע קינדער. איך האָב דאָס קינד דערקענט און מײַן האַרץ האָט געגעבן אַ צאַפּל, דאָס איז שלום, ר׳ משהס קינד. דאָס קינד איז אפשר צוויי יאָר אַלט געווען, ווען עס איז געשען די אויסראָטונג אין דעם שטעטל. כדי צו זײַן זיכער האָב איך גע־פרעגט די שטוב־מענטשן וועגן קינד און זיי האָבן דאָס באַשטעטיקט. די עלטערן האָבן דאָס קינד, ביים גיין דעם לעצטן וועג, איבערגעגעבן צו די נאָנעס. די גרויסע מצווה צו פאַנגען ייִדישע נשמות האָט זיי באַוויגן צו נעמען דאָס קינד. אַלע אַרום האָבן דערפון געוווּסט, נאָר כדי אויך צו האָבן אַ שטיקל חלק אין דער „מיצווה״, האָבן זיי אַלע פאַרשוויגן. דאָס קינד האָט דאָרט איבערגעלעבט און עס ווייסט נישט ווער און וואָס עס איז. איך האָב שפּעטער דאָס אַלץ איבערגעגעבן צו פאַרשידענע מענטשן און גע־האָפט, אַז עפּעס וועט געטאָן ווערן כדי דאָס קינד אַרויסצוראַטעווען. ליידער ווייס איך איצט, אַז דאָס קינד איז פאַר אונדז פאַרלוירן.

אין מיטן פון דעם זעלבן טאָג, בין איך געגאַנגען מיט מײַן באַגלייטער דעם מהלך פון צען קילאָמעטער צו דער באַן־סטאַציע, כאָטש מיר האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ערשט דעם צווייטן טאָג אין דער פרי וועט זײַן אַ באַן. אָנקומענדיק אַהין, האָט מײַן באַגלייטער מיך אַרײַנגעפירט אין אַן אַלט אײַנ־געפאַלן הײַזל צו אַן אַלטיטשקער פרוי, וועלכער ער האָט געקענט. ער האָט איר געזאָגט, אַז איך בין זײַן מומע, אַז איך האָב פאַרשפּעטיקט דעם

פרימאַרגן־צוג, און געבעטן זי זאָל אים טאָן אַ טובה און מיך לאָזן זיין אין איר הויז ביז דעם צווייטן פרימאַרגן, ווייל איך בין זייער מיד. זי האָט איינגעשטימט און אין דער אַרעמקייט מיר געמאַכט באַקוועם ווי מעגלעך. איך בין דאָרט איבערגעקומען די נאַכט און אין דער פרי פאַרלאָזט דאָס אָרט אויף אייביק, דאָס אָרט ווו איך האָב איבערגעלעבט אַזויפיל אין די פריערדיקע יאָרן, און איצט נישט געפונען קיין צייכן פון דעם אַמאָל באַחנטן יידישן שטעטעלע.

איין צייכן פון דעם גוטן אַמאָל האָב איך דאָך באַוויזן אָפּצוראַטעווען. איך האָב מיך באַוויזן אַריינצוכאַפּן צו אַ שכנה פון דעם לערער, די סעק־רעטאַרין פון דער דאָרטיקער געמיינדע, ווו איך האָב אין 1942 געהאַט איבערגעלאָזט פאַרשידענע ווערטפולע זאַכן. צווישן אַנדערע זאַכן איז דאָרט געווען אַ גאָבעלין־־בילד, זייער אַ פיינע אַרבעט, וואָס האָט ביי מיר גע־נומען אַ פּאָר יאָר אַרבעט. עס איז געווען אַ בילד אויף אַ ביבלישער טעמע, אַנדערהאַלבן מעטער די גרייס, איין מעטער די ברייט, און געווען איינגע־ראַמט אין אַ זייער טייערער באַגילדעטער ראַם, וועלכע האָט שטענדיק געהאָנגען איבער מיין טעכטערלס פּאָרטעפּיאַן. ווען מיר האָבן פאַרלאָזט קראָקע, האָב איך דאָס בילד אַרויסגענומען פון דער ראַם און מיטגענומען אַהער. אַריינקומענדיק איצט אין דעם הויז האָט מיר דאָס בילד אַ שיין־געגעבן אין פּנים אַריין. עס האָט געהאָנגען אויף דער וואַנט בלויז די קאַנווע, אָן אַ ראַם. ביים באַגריסן זיך מיט איר האָב איך גאָרנישט גע־פרעגט אָדער פאַרלאַנגט עפּעס וואָס פון מיינע זאַכן. איך האָב נאָר גע־געבן אַ זאָג, אַז אָט דאָס בילד אויב דו וואָלסט נישט זיין דאַקעגן, וואָלט איך דיר געבעטן מיר דאָס צוריקצוגעבן. נישט ווייל עס האָט עפּעס אַ ווערט, נאָר בלויז פאַר אַ סענטימענט. זי, אפּנים אַ צופרידענע וואָס איך פרעג נישט און וויל נישט מער, האָט עס אַראָפּגענומען פון דער וואַנט און עס מיר דערלאַנגט. איך האָב געדאַנקט און זיך אָפּגעזעגנט אַ צופרידענע, אַז מיין טרחה האָט זיך געלוינט. איך האָב מיך מיט דעם בילד מער נישט געשיידט ביזן היינטיקן טאָג.

פון דאָרט האָט מיין וועג געפירט דורך פשעוואָרסק, יאַראָסלאַוו, לאַנ־צוט, ריישע — אומעטום האָב איך געטראָפן דאָס זעלבע חשכות, פרעמד־

קייט, אומקום, נישט צו געפינען קיין לעבעדיקן אָדער טויטן צייכן פון די יידן. איבער דעם טייך סאַן האָב איך נישט באַוויזן צו פאָרן, ווייל דאָרט איז שוין געווען רוסלאַנד און איך האָב זיך בלויז באַגנוגנט מיט שרייבן קיין לעמבערג, ראַוואַ־רוסקאַ, יאַוואָראָוו, לובאַטשאָוו. ווען איך בין צוריק געקומען קיין קראָקע, האָב איך געטראָפן ענטפערס פון אַ יידישן קאָמי־טעט אָדער פון אַ שטאָטישער גמינע. אַלץ מיט דעם זעלבן נוסח:

— „די אַלע, אויף וועלכע דו פרעגסט, פון זיי איז קיינער נישט צוריקגעקומען. לויט אונדזערע ידיעות, זענען אַלע פאַרניכטעט".

אין ריישע בין איך געגאַנגען אויף דעם בית־עולם זוכן, אפשר וועל איך געפינען די קרובים פון מיינע באָבע־זיידע. זיי זענען דאָרט געלעגן אַזוי בכבודיק, זאָט אין יאָרן. דער זיידע 96 און די באָבע 97. זיי האָבן בשעתו געמאַכט אַ גאָר גרויסן רושם אין דער שטאָט מיט זייער גרייטן זיך צו דער אייביקער רו, צו דעם עולם־האמת. זיי האָבן אָפּגעלעבט צוזאַמען 77 יאָר. אַמאָל, דאָס איז געווען אין די 1920־קער יאָרן, האָבן זיי פאַרבעטן אַלע זייערע קינדער און כמעט אויך די גאַנצע שטאָט ריישער יידן. זיי האָבן געמאַכט אַ גרויסע סעודה נאָך וועלכער דער עולם איז אַוועק אויף דעם בית־החיים און דאָרטן האָט מען אויפגעדעקט צוויי מצבות, וואָס זיי האָבן זיך געהאַט איינגעקויפט ביים לעבן. אויף די מצבות זענען געווען אויסגעקריצט די נעמען, דער נוסח, נאָר עס איז געווען איבערגעלאָזט דאָס אָרט פאַר דעם דאַטום פון דער פטירה. די מצבות זענען געשטעלט געוואָרן אויף זייערע שוין פריער געקויפטע פלעצער. אויך אויפן אָרט האָט מען געמאַכט אַ לחיים. דער זיידע האָט אָנגענומען דער באָבען פאַר דער האַנט, זי צוגעפירט צו די מצבות, איר געווונטשן מזל־טוב צו זייער בשותפותדיקן הויז. דאַן האָט דער זיידע באַצאָלט דער חברה קדישא און אַלע אַנדערע הוצאות, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אַ לוויה. ער האָט אויך אָנגעזאָגט, ווו עס זענען די צוגעגרייטע קליידער פאַר ביידע. טענצלדיקע, פריילעכע האָבן זיך די צוויי אַלטיטשקע געהאַלטן ביי די הענט און אַהיימ־געגאַנגען. זיי האָבן נאָך געלעבט אַ היפּשע פאַר יאָר. אָט צו די קברים בין איך דאָס איצט געגאַנגען. ליידער איז דאָס בית־עולם פאַרניכטעט. קיין לעבעדיקער, קיין טויטער צייכן — איז נישטאָ.

# אין מיין חרובן געבורטס־שטעטל קאָלבושאָוו

ענדלעך בין איך געקומען צו דעם וואָס כ׳האָב אָפּגעלייגט אויף שפּעטער — צו פאָרן פון ריישע אין מיין געבורט־שטעטל קאָלבושאָוו, ווו עס גע־פינען זיך די קברים פון מיין מוטער און איר גאַנצע משפחה, אירע עלטערן און פון אַזויפיל פריינד און שכנים. אַ גאַנץ שטעטל, ווו 2000 טייערע יידישע מענטשן האָבן געלעבט און אַזוי אכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן.

איך נעם דעם אויטאָבוס אין ריישע. עס איז דער זעלבער אייגנטימער. איך דערקען אים, ער אָבער דערקענט מיך נישט פון וואָס איך בין צו־פרידן. עס פאָרן פיל מענטשן — אַלץ פרעמדע. איך זיץ אין אַ ווינקל מיט מיינע טראַכטענישן. אָט פאָרט מען דורך דעם וואַלד אין מיטן וועג, ווו די טויזנטער פון מיין שטעטל און פון דער גאַנצער אומגעגנט, זענען אומ־געקומען, לעבעדיק באַגראָבן געוואָרן. איך הער ווי די געפייניקטע קרעכצן, שרייען, רופן צו די הימלען. עס טראָגן זיך נאָך אין דער לופט די שמע־ישראלס, עס הערן זיך נאָך די יללות אין דעם געוואָי פון ווינט, פון די דראָבנע שנייעלעך וואָס פאַלן.

פון מיין פאַרצערטקייט האָב איך זיך ערשט אויפגעכאַפּט, ווען די לאַנדשאַפט האָט זיך געביטן. עס איז אויפגעשוווּמען אַ באַקאַנט בילד. אָט איז שוין די גורע, דער אַריינפאָר אין שטאָט. איך בין געזעסן אין גרויס שפּאַנונג, ווייל פון דער לינקער זייט פון געריכטס־הויז, ליגט דאָס שטעטל. אַ פרייער בליק דורך לאַנקעס, דעם טייך, די טאַרגאָוויצע (בהמה־מאַרק). אָט איז שוין מיין געסל, און איצט, פאַרנאַכט, ווען די לאָמפּן אין די הייזער ברענען, קאָן מען אַריינקוקן אין די שטיבלעך. איך בין געוואָרן זייער גע־שפּאַנט און אומרואיק און צו זיך געמורמלט:

— ניין, עס איז נישט וואָר וואָס איך האָב געהערט פון דעם חורבן דאָ. איך וויל, איך מוז געפינען אַלץ ווי פריער...




**בײַ די מצבות פֿון מײַן מוטער און מײַן באָבע (דער מוטערס מוטער) פֿון לינקס צו רעכטס: די מחברין, דער פֿאָטער, דער ברודער י ר ו ח ם (לעבט אין אַמעריקע) און די שוועסטער פ יי ג ע, אומגעבראַכט געוואָרן אין יאָר 1942 אין דעם טויטן־לאַגער בעלזשעץ.**

פאַר מיינע אויגן האָט זיך אָבער אַנטפּלעקט דאָס שרעקלעכע, וואָס האָט אַלץ באַשטעטיקט. פאַר מיר האָט זיך באַוויזן אַ טויטער מדבר, אַ פּוס־טער שטח. עס זענען אָפּגעווישט געוואָרן אַלע יידישע געסלעך, הייזלעך, אַלץ איז פאַרשוווּנדן — אַ ליידיק, אומהיימלעך פעלד. דאָס אויג געפינט נישט, וווּ זיך צו פאַרהאַלטן. עס באַווייזט זיך גאָר פון גאָר ווייט אַ קליי־נער, טונקעלער פּונקט. יאָ, דאָס זענען די ביימער פון בית־עולם. און דאָרט ווי זעט עס אויס?

מיר זענען אַריבער די בריק אויפן וועג צום מאַרק אַריין. איך האָב



דאָס חרובע יידישע בית־עולם אין קאָלבושאָוו נאָך דער מלחמה.

געזען ווי די ברעגן פון טייך זענען פיין אויסגעלייגט און אויסגעגלייכט מיט יידישע מצבות. דער מאַרק זעט אויס דער זעלבער אָבער ר'איז נישט דער זעלבער — די זייט צו מזרח איז פאַרברענט, אַלע דורכגאַנג־טויערן זענען פאַרמויערט צו די זייטן־געסלעך, וו" דאָס געטאָ איז געווען. אין מיטן מאַרק אַ קליינער רוסיש־מיליטערישער צמענטאַזש מיט אייזערנע פאַרקנדלעך אַרום און אויף די הילצערנע שטערן־מצבות מיט נעמען, האָבן געהאָנגען העלמען פון די געפאַנגענע קריגס־קרבנות. (די רוסן האָבן באַ־גראָבן די געפאַלענע אויפן אָרט, ווו זיי זענען געפאַלן). אַלץ טרייסלט זיך אין מיר, עפּעס אַזוי פרעמד איז מיין היים... קיינער קומט מיר נישט אַנט־קעגן ווי אַמאָל מיט אַ: — סקאָצל־קומט! אָדער ברוך הבא! ווי עס איז אַלעמאָל געווען דער פאַל ווען איך בין געקומען אַהיים.

יאָ, איינעם, גאָר אַן אַלטן באַקאַנטן, אָבער שוין אַ פאַרעלטערטן און אָפּגעלאָזטן, האָב איך יאָ דערזען: — דער גרויסער מאַרק־פּלומפּ, ווו מיר האָבן געשעפּט דאָס בעסטע און קאַלטסטע וואַסער אין שטעטל.

איך בין צוגעגאַנגען נענטער צום פּלומפּ. ווי פריער, זענען אויך איצט געווען די רערן פון וואַנען דאָס וואַסער גיסט זיך אַרויס. עס איז געבליבן דאָס הויכע הילצערנע געשטעל און די צוויי לאַנגע אייזערנע פּלומפּ־הענט, ווו צוויי מענטשן האָבן געקאָנט אין דער זעלבער צייט אַריינפּלומפּן וואַסער אין צוויי עמערס. ס'איז אויך דאָ דאָס אַרומגעמויערטע גערטנדל מיט דער בעטאָנענער פּאָדלאָגע, ווי אַן איינזאַמל־פּלאַץ פאַר די אַריבערגעגאָסענע וואַסערן.

פּלומפּ טייערער! וויפל ליבע מחשבות קומען צו מיר איצט צוריק? אין די זומערדיקע שבת־נאָכמיטאָגס, ווען פאָטער און מוטער זענען אויפ־געשטאַנען פון דעם שבתדיקן שלאָף, בין איך געלאָפן אין מאַרק צו דיר נאָך אַ פרישן טרונק וואַסער. ס'איז געקומען עמעץ צו גאַסט, האָט מען מכבד געווען מיט וואַסער און מיט היימישן זיסן סיראָפּ, אָדער מיט היימיש־געמאַכטע קאָנפיטורן פון ווייַנשל, וויינפּערלעך און אַנדערע. דאָס האָט אונדז דער פּלומפּ צוגעשטעלט דאָס מחיהדיקע פרישע וואַסער. אין וועלכן יידישן הויז איז דאָס נישט געווען קיין קאָנפיטורן מיט סיראָפּס? מען איז דאָך שטענדיק געווען פאָרגעגרייט צו שמחות, ביי זיך, ביי פריינד און

משפחה — חתונות, בריתן, תנאים׳ס, מזלדיקע אויפשטאַנדן און „גלאַט״ מען זאָל נישט דאַרפֿן! חלילה בעת אַ קרענק, דאָס האַרץ צו דערכאַפּן. מײַן מוטער האָט אויך געוווּסט צוצוגרייטן פֿאַר אַן אָרעמען קראַנקן, אָרע־מער קינפּעטאָרין אַ קרעפּטיקער יאַיכל מיט אַ שטיקעלע עוף, אַ ביסעלע שוואָמען־זופּ, און אוודאי אַ קאַפּ סיראָפּ און קאָנפּיטור.

חוץ די גאָלדענע מעלות פֿון דעם פֿלומפּ, האָט ער אויך געראַטעוועט צוויי ייִדן אין שטעטל פֿון אַ שריפֿה. עס איז אַ מעשה שהיה, וועלכע איז אַרומגעגאַנגען צווישן אחינו בני ישראל:

אין די 1890־קער יאָרן, איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפֿה אין שטעטל. אַ מימרא איז געווען, אַז מען האָט געקאָנט פֿאַרהיטן פֿון דער שריפֿה, נאָר... געווען איז עס אין אַ דינסטיק, אין סאַמע מאַרק־טאָג. ביים ייִדישן שענקער איז געווען געפּאַקט מיט פּויערים. געווען איז אַ קאַלטער פֿראָס־טיקער טאָג, האָט מען דאָרט געטרונקען טיי מיט ראָם. פּדיון איז געווען גרויס און מ׳האָט געדאַרפֿט שנעל צוגרייטן הייסע טיי. האָט דער שענקער אַרויסגעשטעלט אין דרויסן אַ סאַמאָוואַר מיט האָלץ־קוילן, כּדי דער ווינט זאָל זיי וואָס שנעלער צעבלאָזן. איז אַרויס אַ פֿונק און האָט אָנגעצונדן אַ ביסל שטרוי. צוויי יונגע בחורים (איך האָב זיי געקאָנט שוין ווי צוויי אַלטע ייִדן) האָבן דאָס דערזען. זאָגט איינער צום צווייטן: אפֿשר מאַכן אַ געוואַלט? וואַרט, וואַרט, ענטפֿערט דער צווייטער, וואָס איילסטו זיך? לאָז עס זיך צעברענען... אין אַ פּאָר מינוט איז שוין דער מאַרק אין אַלע פֿיר עקן, געשטאַנען אין פֿלאַמען. צוליב דעם גרויסן ווינט, האָט מען גאָרנישט געקאָנט טאָן ווי נאָר אַנטלויפֿן מיטן לעבן. זענען אָבער צוויי ייִדן געבליבן שטעקן אין מאַרק און נישט געקאָנט דורכגיין די פֿלאַמען. איז דער אויסוועג געווען: אַריין אין דעם באַסיין פֿון פֿלומפּ; האָבן אָבער אויך דאָרט די פֿלאַמען געברענט און געבראָטן. זענען זיי געפֿאַלן אויף אַן המצאה. איינער איז געלעגן אַ פּאָר מינוט אין דעם איינגעזאַמלטן וואַסער פֿון באַסיין און דער אַנדערער האָט אויף אים געפּלומט שטראָמען וואַסער און דער־נאָך האָט דער צווייטער אים אויסגעביטן — אַזוי האָבן זיי זיך געראַטעוועט.

פֿלומט טײַערער, איינציק־פֿאַרבליבענער אַלטער פֿרײַנד, עס זעט אויס, אַז כּדי צו לעשן די פֿלאַם־פֿײַערן וואָס האָבן דאָ לעצטנס געברענט — ביסטו

געוועזן צו שוואַך, דעריבער אַזאַ אומעטיקייט אויף דיר, יאָ, איך פאַרשטיי...

די פרעמדע קאַלטע נאַכט איז צוגעפאַלן. איך האָב מיר דערפרעגט צו אַ פּאָר יונגע יידישע בחורים, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. זיי זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין דערפער און וועלדער און איבערגעלעבט די גרויזאַמע צייט. זיי האָבן מיר געגעבן אַן אָרט, ווו די נאַכט איבער־צוקומען.

דערלעבט דעם גרויען פרימאָרגן אין דעם פּראָסטיק־ווינטערדיקן טאָג מיט האָפענונג צו געפינען אַ צייכן פון מיינע משפחה־מענטשן, דער עיקר פון מיין מוטערס קבר. איך בין אָנגעקומען צום דעם הויפּט־אַריינגאַנג פון בית־החיים. פון ביידע זייטן טויער שטייען דאָרט בלויז די צוויי מאַרמאָרנע זיילן, אויף זיי די טאָוולען מיט אויסגעקריצטע גאָלדענע נעמען פון די פאַרזאָרגער פון בית־הקברות און פון די, וועלכע האָבן ערשט פאַר דעם קריג געמאַכט דעם גדר. צווישן די נעמען איז אויך פאַראַן מיין פאָטערס נאָמען. איך בין געשטאַנען און געלייענט נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל די טייערע נעמען, ווי אַ הייליקע תפילה. דאָס טויער, דער גדר, און די מצבות זענען אָבער נישטאָ, אַלץ איז פאַרניכטעט. עס האָט מיך געעקבערט די פראַ־גע: פאַרוואָס האָבן זיי איבערגעלאָזט די צוויי זיילן מיט די נעמען?

אַריינגעגאַנגען אין דעם פאַרוויסטן פּלאַץ האָב איך גלייך צוגעשפּאַנט צו דעם אָרט, ווו איך האָב געוווּסט אַז ס'איז מיין מוטערס קבר. אויך די קברים פון מיין מוטערס עלטערן און משפחה זענען געווען דערנעבן. נישט ווייט איז אויך געווען דער אוהל פון דעם אַלטן רב ר' אברהם־אהרן ציר, זון פון גאון יקותיאל־יהודה טייטלבוים. אַלץ איז פאַרשוווּנדן, נאָר פון אונטער דעם שניי שטעקן אַרויס שטיקער געהילץ פון אַלע פיר עקן פון אוהל, אַ זכר לחורבן...

שטיי איך דאָ אויף דעם אָרט פון מיין מוטערס קבר, אין דעם בין איך זיכער. אָט איז דער יונגער ניסנבוים, וואָס איז מיר אין דער מינוט אַזוי נאָענט, וואָס האָט אַזוי באַשאָטנט דעם קבר, געוואַכט איבער אים, אָבער נישט דערהיטן, געווען צו שוואַך...

דער שניי איז אָנגעשאָטן אויף העכערע און קלענערע בערגלעך. איך ווייס נישט וואָס צו טאָן מיט זיך, איך בין זייער צעבראָכן, כאָטש לייג

זיך דאָרט אַנידער און ווער פאַרוויגט פון דער ווייסער פוסטקייט. אָבער ניין! איך מוז דאָך עפּעס טאָן. וואָס טוט זיך אונטער דעם שניי, אָט דעם באַרג אונטער דעם ניסנבוים, און אפשר אונטער אַן אַנדער בוים? זאָל איך זוכן דאָ? אפשר דאָרט? איך מוז דאָך עפּעס געפינען, עפּעס אַ צייכן געפינען!

איך בין צוגעפאַלן צו דעם באַרג שניי און מיט מײַנע בלויזע הענט אַוועקגעשאַרט היפּש שניי, זיך אַ ביסל דערוואָרעמט די הענט מיט דער פאַרע פון מויל און ווייטער געגראָבן. און אַ נס איז געשען, אַ גרויסער נס! אָט לייען איך מײַן מוטערס נאָמען אויף אַ שטיין וואָס איך האָב אויפגע־גראָבן. יאָ, עס איז מײַן מוטערס גוט באַקאַנטע מצבה. איך שאַר שוין ווייטער דעם שניי מיט אימפּעט און איך געפין אויך מײַן מומעס מצבה, מײַן מוטערס שוועגערין. איך בין געלאָפן ווי משוגע צום אַלטן קברות־גוי, וועלכער האָט געוווינט אין דעם קברות־הויז. ער זאָגט אַז ער איז אַלט און קאָן מיר נישט העלפן אויפגראָבן די מצבות. איך האָב אים עפּעס געגעבן אין האַנט אַרײַן איז ער געלאָפן אין דערבײַיאיקן דאָרף און געבראַכט צוויי פויערים, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרדינען אַ פּאָר זלאָטעס. איך האָב זיי געהייסן גראָבן גריבער לעבן מײַן מוטערס און מומעס קבֿרים, אויף די ערטער ווו איך האָב געגלויבט, אַז דאָרט זענען די קבֿרים, און געהייסן די צוויי מצבות אַרײַנ־גראָבן ביז אין דער העלפט פון די גריבער, און געבעטן צו גאָט זיי זאָלן שטיין ווי לאַנג...

באַצאָלט די אַרבעטער האָב איך אַוועקגעלייגט מײַן מידן קאָפּ אויף די מצבות און זיך ביטער צעוויינט. דער פאַרנאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. איך האָב זיך געכאַפּט אַז איך בין דאָ אין אַ גרויס געפאַר. די אַרבעטער וועלן דערציילן, אַז אַ לעבעדיקע יידישקע איז דאָ איינע אַליין אויף דעם בית־הקבֿרות. אויב אַ יידישקע, האָט זיך דאָך זיכער געלט... האָב איך זיך אָפּגעזעגנט מיט די קבֿרים, מיט די געפונענע מצבות און געגאַנגען אין שטעטל.. גייענדיק, איז מײַן פּנים געווען געווענדט אויף צוריק, כדי וואָס לענגער זען די מצבות, וועלכע האָבן מיר אַזוי היימיש צוגעוווּנקען...

צוריקגעקומען אין שטעטל, בין איך אַרײַן אין דער בעקערײַ, ווו עס איז אַמאָל געווען אַ חסידישער אייגנטימער, מיט זין, טעכטער, איידעמס,

שנירן און פיל אייניקלעך. איצט איז דאָרט געווען אַ פּאָליאַק. איך האָב געקויפט אַ שטיקל ברויט און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ צוריקגעגאַנגען צו די פּאָר יידן. ווידער איבערגעקומען אַ נאַכט אונטער אַ דאַך. איך האָב גע־ ווּוסט, אַז מיין זוכעניש און וואָגלעניש איז ביים סוף.

איך בין געווען אַ צופרידענע. היינט האָב איך געפונען... היימישע. נאָענטע שטיינער...

דעם נאָענטסטן טאָג האָב איך זיך נאָך אַריינגעכאַפּט צו מיינע אַ גע־ וועזענען פּוילישע שול־חברטע פון די קינדער־יאָרן. זי וווינט אין מאַרק אין שענסטן יידישן הויז. פוןביידע געוועלבער דאָרט האָט זי געמאַכט איין גרויס קאָלאָניאַל־געשעפט מיט די בעסטע איינריכטונגען. די יידן פון שטעטל האָבן די אַלע זאַכן נישט געהאַט. זי האָט עס זיך איינגעשאַפּט אין די גרעסערע שטעט, וואָס עס איז איר נישט שווער אָנגעקומען. זי האָט געוווינט אויף דעם שטאָק, וווּ דער יידישער באַלעבאָס האָט פריער געוווינט מיט זיינע חתונה־געהאַטע קינדער. האָט זי געגאָסן קראָקאָדיל־טרערן אויף אונדזער חורבן וואָס זי האָט נעבעך געדאַרפט צוזען. עסן און טרינקען האָט זי מיר פאָרגעלייגט, איך האָב זיך אָפּגעזאָגט.

רעדנדיק אַזוי, דערציילט זי מיר, ווי צו אַ גוטן פריינד, אַז זי האָט אַ ביסל געלט און זי וואָלט זייער געוואָלט קויפן אין אַ גרויסער שטאָט אַ גרויס הויז. אַזוי ווי זי ווייסט, אַז איך האָב אַ גרויס הויז אין קראָקע און זי האָט נישט קיין צייט צו פאָרן און צו זוכן, ווייל זי אַז איך זאָל איר פאַר־ קויפן מיין הויז. איך האָב איר געזאָגט: — דו קאָנסט דאָך נישט קויפן אומגעזען? און דאַן איר געגעבן אַן אַדרעס, אַז דאָרט וועל איך אויף איר וואַרטן און פאַרקויפן דאָס הויז: דעם אַדרעס האָט זי קיין מאָל נישט גע־ קאָנט געפינען...

דער אויטאָבוס איז אָנגעקומען, און מיט דעם זעלבן וועג האָב איך פאַרלאָזט, די אויף אייביק פאַר מיר אומגעבראַכטע היים, ווו איך בין גע־ בוירן געוואָרן. געפאָרן צוריק צו מיין היימשטאָט קראָקע מיט דעם פולן באַוווּסטזיין, אַז איך האָב נישט מער וואָס צו זוכן...

# צוריק אין קראָקע – אין אויסגעליידיקטן געטאָ...

אַ ווינטערדיקער טאָג, איך קום אַהיים. ס׳איז קראָקע, ווו איך קאָן יעדע גאַס, יעדעס שטעגל אויף די שיינע פּלאַנטן, יעדעס הויז כמעט. נאָר ווי קאָן אַ היים זיין אַזוי פּוסט, קאַלט און פרעמד? איך האָב אויפסניי אויפגעשוידערט פון אונדזער גרויסן חורבן.

איך האָב זיך אַרומגעדרייט אַליין. געבליבן אַזוי עלנד. ביז צו די טעג בין איך געווען זייער פאַרנומען מיטן צוזאַמענגעמען די קינדער, זוכן אַ וועג ווי אַזוי זיי אַרויסצוקריגן פון פּוילן, אַרומלויפן זוכן עמעצן, וואָס איך האָב ליידער נישט געפונען. איצט בין איך געווען בלינד צו דעם גאַנצן אַרום, נאָר לעבנסלאָזע ליידיקייט האָב איך געזען.

נאָך מיין צוריקקומען פון די זוכענישן, האָב איך געטראָפן ידיעות פון די קינדער, אַז זיי זענען אָנגעקומען צו זייערע נייע וואָגל־פּלעצער. זיי זענען געווען פאַרטיילט צווישן ציילסהיים, לעבן פראַנקפורט, און בערגען־בעלזען און אויך אין לאָנדאָן. ערשט איצט האָב איך אָנגעהויבן אַרומקוקן זיך אין קראָקע. אַ גרויסע בענקעניש האָב איך געהאַט אין מיין האַרץ. איך בין אַרומגעגאַנגען אָן אַ ציל. געבלאָנדזשעט איבער אַלע גאַסן, ווו נאָר עס האָבן געוווינט פריינד, משפחה און סתם יידן. פאַרבייגעגאַנגען געשעפטן, וואָס זענען אַמאָל געווען יידיש, ווו איך פלעג אַריינקומען. געגאַנגען אין געטאָ, צוגעגאַנגען צו די געוועזענע געטאָ־שפּיטאָלן, צו די הייזער, וואָס איך האָב אין צוואַנגס־אַרבעט געריייניקט נאָך די אויסזידלונגען. אָפּגעשטעלט זיך ביי אַלע חרובע פינצטערע געסלעך. עס האָבן אַזוי בולט נאָך געקלונגען אין מיינע אויערן די וויי־געשרייען, די לעצטע מינוטן פון ראַנגלעניש אין דער גרויסער פּיין. דאָס ערגסטע — פאַר מיינע אויגן זענען אויפגעשווומען די קינדערשע אויסגעהונגערטע פּנימלעך מיט די גרויסע פּיבערדיקע אַנגסטיקע אויגן.

איך בין געגאַנגען צום הויז אויף דער יוזעפינסקאַ גאַס, ווו מיר האָבן געוווינט אין געטאָ — דאָס הויז וואָס איז געווען אַן אָרט פון תורה און גייסטיקער שטיצע פאַר אַ גרויסן טייל מענטשן אין געטאָ. דאָ זענען זיי זיך צוזאַמעגעקומען אין דעם פינצטערן קאָרידאָר לעבן די טירן, געוואָלט אויפכאַפּן אַ קלאַנג, אַ ווידערקול פון די, וואָס פלעגן זיך דאָרט צוזאַמענ־קומען. אַנשטאָט דעם, האָב איך אָבער פאַרנומען קולות און קללות אין דער פוילישער שפּראַך מיט די נידעריקסטע ווערטער, פון הייזעריקלעך־שיכורע העלדזער...

איך בין געווען גרייט צו פאַרלאָזן די פאַרשאָלטענע ערד...

מיינע צוגרייטונגען האָבן זיך אָנגעהויבן. איך בין געגאַנגען צו די אַלע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן ראַטעווען מיינע אַלע קינדער, כדי זיך אָפּצורעכענען מיט זיי און אויסגלייכן מיינע חובות. קיין געלט האָב איך אָבער נישט געהאַט, נאָר אין מאַנכע ערטער האָב איך אָפּגענומען אַ ביסל זאַכן וועלכע איך, אָדער די עלטערן פון די אַנדערע קינדער, האָבן איבערגעלאָזט און האָב דאָס אַלץ פאַרקויפט. דער וועד־הצלה האָט מיר אויך געהאָלפן מיט אַ געוויסער סומע.

די פּאָליאַקן האָבן מיר אויפגעגעבן אַ פּרייז, וואָס איך בין שולדיק חודשלעך, פאַר אויסהאַלטן די קינדער דורך אַלע יאָרן. איך האָב אָבער פאַרלאַנגט אַ קעגן־חשבון וואָס זיי האָבן אָפּגעלייזט פאַר די אַלע ווערט־זאַכן, וואָס יעדער פון די עלטערן האָט איבערגעלאָזט מיטן איבערגעבן די קינדער, פאַר אויסהאַלטן די קינדער. יעדע סומע וואָס זיי איז געקומען, האָב איך צוגעצאָלט.

מיין גליק איז געווען וואָס אַ באַקאַנטע פרוי האָט געהאַט פיל געלט און זיך געשראָקן עס צו פירן מיט זיך איבער די גרענעצן. זי האָט געהאַט צו מיר צוטרוי און האָט געוווסט דעם צוועק אויף וואָס איך דאַרף דאָס געלט. זי האָט מיר געבאָרגט אַ געוויסע סומע וואָס איך זאָל אָפּצאָלן, ווען מיר וועלן זיין אין דער פרייער וועלט. דאָס האָט מיר מעגלעך געמאַכט זיך אויס־צוצאָלן. איך האָב די פּאָליאַקן דערקלערט, אַז די באַצאָלונג איז נאָר אַ קליי־נער געלט־חוב, אַז פאַר דעם וואָס זיי האָבן געטאָן, איז גאָרנישט דאָ אַזאַ פאַרמעגן זיי צו קאָנען באַצאָלן. איך האָף זיי צו געדענקען און פאַרגיטיקן

דורך די יאָרן פון מיין וויטערדיקן לעבן, נישט געקוקט דערויף, ווי אַזוי זייער האַנדלונג איז געווען און פון וואָסערע מאָטיוון זייער הילף איז געקומען.

דאָס איינציקע אָרט, וווּ איך האָב געקראָגן אַ טרייסט און אַן אָרט וווּ זיך קאָנען אויסוויינען אין מיין גרויסער עלנדקייט, איז געווען ביים דעמאָלסטיקן הויפּט־רב פון קראָקע ר׳ מ. ל. אין מיין גרעסטן יאוש און פאַרלוירנקייט, בין איך געלאָפן אין הויז פון דעם טייערן פריינד זיך אַראָפּ־רעדן פון מיין פאַרביטערט האַרץ. דער רב, נעבעך, אַליין אַ צעבראָכענער, אַ שוואַכער נאָך זיינע אייגענע צרות, אַלץ און אַלעמען פאַרלוירן. האָט ער אָבער אַלעמאָל געפונען ווערטער מיך צו עצה׳ן און טרייסטן. אָט די פריינד־שאַפט מיט דער רבנישער משפחה קומט פון דער צייט ווען מיר האָבן געוווינט אין געטאָ אַ טיר ביי אַ טיר. איך וועל אַלעמאָל זיין דאַנקבאַר און געדענקען די טרייסט־ווערטער, וואָס האָבן מיר צוגעגעבן מוט.

פאַר מיין אַוועקפאָרן האָב איך געוואָלט נעמען פון דער יידישער גע־מיינדע געבורט־שיינען פאַר אַלע מיינע קינדער, ווייל אייגנטלעך זענען זיי דאָך אַלע ביי־געבוירענע. איך האָב געוואָלט זיי זאָלן צוריק באַקומען זייערע יידישע נעמען, זייערע עלטערנס נעמען, זיי זאָלן וויסן ווער זיי זענען און זאָלן אויפהערן זיך באַנוצן מיט זייערע פרעמדע געבורט־שיינען און פרעמדע נעמען.

איך האָב אויסגעפונען ווער עס האָט די ביכער און בין געגאַנגען אַרויס־נעמען די אָפּשריפטן. איך בין אַריינגעקומען אין הויז צו אַ שיינעם גוט־אויסזעענדיקן ייד, אַ הדרת־פנים. אין קיך איז אַ פרוי געווען פאַר־נומען מיט צוגרייטן אַ מאָלצייט. אַ יונג מיידל, אפנים אַ סעקרעטאַרין, איז געווען פאַרנומען ביי די פיל ביכער, אין וועלכע עס זענען געווען פאַרשריבן די יידן פון דער קראָקעווער יידישער קהילה, ליידער שוין מער נישט צווישן די לעבעדיקע. עס איז אויך געשטאַנען אַ שרייב־מאַשין און אַנדערע זאַכן, וואָס עס האָט געמאַכט דאָס צימער אויסזען ווי אַ קאַנצעלאַריע.

איך דערצייל דעם מיידל, אַז איך וויל זיבן מעטריקעס פאַר מיינע קינדער, געבוירענע אין קראָקע. איינס איז געווען נישט קיין קראָקעווער. זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ ביסל שרעק, געמיינט, אפשר, אַז איך בין

אַ משוגענע. זי האָט אָנגערופֿן דעם באַלעבאָס. איך האָב דערקלערט ווער איך בין פֿון קראָקע, ווער די קינדער זענען, ווער זייערע עלטערן זענען געווען און אַז איך האָב שוין די אַלע קינדער אַרויסגענומען פֿון פּוילן. איצט וויל איך פֿאַר זיי מיטנעמען די פּאַפּירן און זיי צוריקגעבן זייערע אמתע יידישע נעמען, צוריקברענגען זיי צו דעם וואָס זיי זענען — צו זייער שטאַם.

מיין אויסזען און אָנטועכץ האָט נישט געוויזן, אַז איך בין אימשטאַנד צו געבן געלט פֿאַר די פּאַפּירן. דער ייד האָט זיך נישט געשעמט צו פֿאַר־לאַנגען פֿון מיר אַ געוויסע סומע געלט, וואָס פֿאַר מיר איז דאָס געווען אַ פֿאַנטאַסטישע. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך האָב נישט קיין געלט, הגם איך שעם מיך דאָס צו זאָגן פֿאַר אַ פֿרעמדן מענטש. האָב איך געזען אַז ער וויל נישט מוותר זיין, און געמאַכט אַ פּרווו אים צו באַווירקן, גע־זאָגט אים, אַז איך האָב געהאָפֿט, אַז ער וועט זיין צופֿרידן צו קאָנען כאָטש מיט אַ קלייניקייט העלפֿן די, מיט ניסים לעבן־געבליבענע יתומים. ער איז בייז געוואָרן:

— ווער זענט איר דאָס מיר צו זאָגן אַזעלכע ווערטער? אויב איר וועט מיר נישט געבן די געפֿאָדערטע סומע, וועט איר די פּאַפּירן נישט קריגן.

עס האָט מיך זייער פֿאַרקלעמט ביים האַרצן. אין מיין פֿאַרביטערטקייט בין איך ווידער געלאָפֿן צום קראָקעווער הויפּט־רב, צו מיין איינציקן פֿריינד און טרייסטער. איך האָב זיך דאָרט גוט אויסגעוויינט. אויף דער עצה פֿון רב בין איך ווידער אַרויפֿגעגאַנגען צום ייד, כאָטש מיט גרויס ווידערווילן, און האָב אים געזאָגט, אַז איך קאָן אים פֿאַרקלאָגן צו דער מאַכט פֿאַר וועלן געלט פֿון מיר, איך וועל דאָס אָבער נישט טאָן, איך וויל נאָר ער זאָל מיט מיר גיין צו אַ דין־תורה. ווי נאָר איך האָב דאָס געזאָגט, איז ער אַ זייער בייזער אַרויסגעלאָפֿן פֿון צימער, גערופֿן די סעקרעטאַרין און גע־הייסן נעמען פֿון מיר נאָר וויפֿל די סטעמפּל־אָפּצאָל באַטרעפֿן און מיר געבן די געוווּנטשטע פּאַפּירן.

איך האָב די אַלע פּאַפּירן שפּעטער געגעבן צו מיינע אַלע קינדער. זיי באַנוצן זיך טאַקע מיט זייערע אמתדיקע נעמען.

## א מיסטעריעזע „חתונה"

אין אַ געוויסן טאָג האָט מיך אָפּגעזוכט אַ יונגערמאַן, וועלכער איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געפונען צווישן די פּאַרבליבענע אין בערגען־בעלזען זיין כלה פון פאַר דער קריג. ער האָט צו איר געשריבן און זי האָט אים געהייסן מיך אויפזוכן, אַז איך בין איר טאַנטע. איך האָב אים געזאָגט ווי טייער זיין כלה און אויך איר שוועסטער זענען ביי מיר. איך בין, אמת, נישט זייער טאַנטע, נאָר אַז אַלע יונגע מיידלעך אין לאַגער האָבן מיר גערופן טאַנטע, זיי האָבן געהערט ווי מיין שוועסטערן־טאָכטער האָט מיך גערופן. דאָס רופן מיך טאַנטע (זיי האָבן קיין מוטערס אָדער טאַנטעס נישט געהאַט) האָט געשאַפן אַ וואַרעמע אַט־מאָספער צווישן מיר און די קינדער, מיר האָבן זיך געפילט גוט און נאָענט. וויפל מאַמעס אָדער מומעס זענען נאָך דעמאָלט געווען?

איך האָב זיך זייער געפרייט מיט דעם יונגן מענטש. ער האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל צושטימען, אַז זיין כלה זאָל קומען קיין קראָקע און איך זאָל פאַר זיי דאָ מאַכן די חתונה. איך בין געווען גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס נאָר איך וועל קאָנען פאַר די קינדער. דאָס מיידל איז געקומען. די אויפגאַבע איז פאַר מיר נישט געווען קיין לייכטע. דאָס האַרץ איז מיר געווען צעבראָכן, פאַרוואָס דאַרף איך גראָד זיין די פאַרטרעטערין פון טאַטעס, מאַמעס, שוועסטערס, מומעס, פעטערס, פריינד און באַקאַנטע ביי דער חתונה פון די צוויי קינדער? וואָס נאָך פאַר אַ אויפגאַבן וואַרטן אויף מיר אין מיין צעבראָכן לעבן?

צו וועמען גיין פרעגן, זיך באַראַטן ווי אַזוי צו אַראַנזשירן די חתונה, זיך קאָנען אָננעמען מיט אַ ביסל מוט? איך בין, נאַטירלעך, ווידער גע־גאַנגען צו דעם בעסטן פון די פריינד, דעם קראָקאָווער רב. עס איז מיר טאַקע באַלד אַלץ גרינגער געוואָרן.

דער רב איז געווען דער מסדר־קדושין און ביי אים אין שטוב איז גע־שטעלט געוואָרן די חופּה. אפשר צוואַנציק יונגע מענטשן, דער חתן־כלה׳ס באַקאַנטע — אחים לצרה פון דורכלעבן צוזאַמען די מלחמה, זענען געווען די געסט. עס איז געווען ווייט פון צו זיין אַ פריילעכע חתונה. קוואַלן פון טרערן האָבן זיך ביי יעדן געעפנט.

נאָך דער חתונה האָב איך אַלעמען פאַרבעטן צו מיר, צו מיין קריסטין אין הויז ווו איך האָב געוווינט. איך האָב געהאַט צוגעגרייט אַ וועטשערע. צוערשט געגעבן טרינקען אַ לחיים מיט לעקעך און קיכלעך. דאַן פיש מיט חלה, מעל־שפייזן, געקאָכטע פרוכטן און ביר אָדער טיי. דעם באַלעבאָס מיינעם האָב איך געגעבן אַן עקסטראַ פלעשל י״ש — דער כראָנישער שיכור האָט זיך אָנגעטרונקען, אים אויף דעם אופן איינגעשטילט ער זאָל נישט שטערן די אַזוי אויך פאַרשטערטע שמחה.

בשעת דעם מאָלצייט האָט זיך אין דעם פירהויז אַריינגעשלייכט אַ ניי־דעריקער אַלטער ייד אין זייער אַן אָפּגענוצטן מלבוש, הגם עס איז געווען ווינטער, איז ער געווען אָן אַ מאַנטל. איך האָב געמיינט, אַז ער וואַרט אויף עמעצן פון די געסט. באַלד אָבער זענען אַ יונגע פרוי און מאַן אַריין מיט אים אין קיך און נאָך זיי זענען נאָך צוויי מענטשן נאָכגעגאַנגען. פלוצים האָב איך דערהערט פון דער קיך אַ באַקאַנטן ניגון און באַקאַנטע ווערטער. איך בין דאָרט שנעל אַריינגעגאַנגען אין דער קיך און דערזען אַ צווייטע חתונה.

דאָס בילד האָט אַזוי אויסגעזען:

מיין קריסטלעכע באַלעבאָסטע און איר שיכורער מאַן צוזאַמען מיט נאָך צוויי מענטשן, וואָס זענען פריער געהאַט אַריינגעגאַנגען, האַלטן אַ טלית ביי די פיר עקן אויפגעהויבן הויך ווי אַ חופּה, און דאָס פּאָר וואָס האָבן די ערשטע דערזען דעם פרעמדן אַריינקומען (ווייזט אויס, אַז זיי האָבן געהאַט אָפּגערעדט מיט אים) שטייען אונטער דער טלית־חופּה און דער ייד איז מסדר־קדושין. איך בין זייער איבעראַשט געוואָרן, נישט געוואָלט זיי שטערן מיט אַ וואָרט, ווייל די צערעמאָניע איז אָנגעגאַנגען. איך האָב געפרעגט די אַנדערע מענטשן וואָס דאָ קומט פאָר? קיינער פון די איבעריקע האָט נישט געוווּסט.

נאָך דעם באַלוינען דעם ווינקל־רב, ווי זיי האָבן אים אָנגערופן, זענען מיר געוואָר געוואָרן אָט וואָס:

אין קראָקע האָט קיין שום רב נישט געוואָלט זיי חתונה מאַכן, ווייל עס איז געווען אַ סברה, אַז דעם מאַנס ווייב לעבט. אויך די יונגע פרוי האָט נישט געוווּסט און נישט געהערט פון עמעצן, אַז איר מאַן לעבט נישט. זיי זענען אָבער געווען פאַרליבט איינער אין צווייטן און אויך איינזאַם, האָבן זיי באַשלאָסן צו זיין צוזאַמען, אָבער נישט אָן אַ חופה, כדת וכדין. האָבן זיי געבראַכט צו דער חתונה צוויי עדות און באַשטעלט עפּעס אַ צוויי־פלהאַפטן ווינקל־רב, וועלכער האָט זיי חתונה געמאַכט.

גיי פאַרשטיי וואָס פאַר אַ טייער פאָלק מיר יידן זענען. זאָל זיין ווי אין ווען און דורך וועמען, אַבי כדת משה וישראל...

# דער גורל פון מיין מוטערס פערל

פּאָדגוזשע ביי קראָקע, מערץ 1946.

איך האָב מיך היינט געזעגנט מיט מיין מוטערס פּערל...

אייגנטלעך, וואָס איז דאָס פאַר אַ געשעעניש — זיך געזעגנט מיט פּערל? מיט אַ טויטן קעגנשטאַנד? וואָס איז דאָ פאַראַן אויסערגעוויינלעכס צו פאַרצייכענען?

מיש איך אויף אין מיינע רעיונות די געשיכטע פון די דאָזיקע פּערל, זייער יחוס. זיכער זענען אַזעלכע יחוסדיקע פּערל אָדער אַנדערע צירונגס־שטיקלעך געווען אין פיל אונדזערע אַלטע היימען, וואָס אונדזערע עלטערן, זיידעס־באָבעס האָבן אָפּגעהיט מיט ציטער, מיט פּיעטעט.

ביי מיר זענען מיין מאַמעס, פּאַקטיש מיין באָבעס, ריכטיקער — מיין עלטער־באָבעס פּערל, געווען פון גאָר באַזונדערן ווערט. נישט קיין געלט־ווערט — אין יענער צייט, ווען די פּערל האָבן אין מיין לעבן, אין מיין קינ־דישער עקזיסטענץ , אָנגעהויבן שפּילן אַ ראָלע, האָב איך בכלל נישט פאַר־שטאַנען דעם געלט־ווערט פון זיי.

געשען פלעגט עס יעדן פרייטיק פאַרנאַכט, ערב ליכט־בענטשן, מיט

מיינע קינדערשע אויגן זע איך עס איצט. מיין טאַטע גייט צו מיין מיט זיין
ברייטן צוגאַנג צום טישלעדל, ווו עס איז, אין אַ באַזונדער שאַכטל, געלעגן
דאָס צירונג און נעמט אַרויס פון דאָרטן דעם שטערן־טיכל וואָס פאַר־
וואַנדלט מיין פאַרהאָרעוועטע מוטער אין אַ מלכה...

אָט האָט זי, מיין מאַמע, אָנגעטאָן די זיידענע בלוזע, פאַרבונדן זיך
מיט שבתדיקן פאַרטוך, אָנגעהאָנגען די שיינע אוירינגלעך און צום סוף
אויפן שייטל, צוגעפעסטיקט דאָס שטערנטיכל.

ווי אַ קרוין איז דאָס שטערנטיכל געזעסן אויף מיין מוטערס לייכ־
טנדיקן קאָפּ — אַן אמתע מלכה. די בענטש־ליכט אין די גאָלד־שיינענדיקע
מעשענע לייכטער ווארפן אַ שיין און מיין באַקרוינטע מוטער גייט צו
שטאָלץ, צינדט און בענטשט די ליכט און די שבת־פלעמלעך פינקלען אַריין
אין די אויסגעניייטע פערל פון שטערנטיכל.

מיר האָבן קיינמאָל נישט פאַרפעלט דאָס פרייטיק־צונאַכטיקע ליכט־
צינדן פון דער מאַמען. דער הויכטפּונקט איז טאַקע געווען דאָס שבת־יום־
טובדיקע שטערנטיכל.

ווי לעבעדיק זענען דאַן פאַר מיר געשטאַנען די מלכות, די בת־מלכות,
די נשים צדקניות וואָס מען האָט זיך אַזויפיל אָנגעהערט וועגן זיי פון
לייענען דעם טייטש־חומש און דער צאנה־וראינה.

די דאָזיקע מלכותדיקע שטימונג האָט אָנגעהאַלטן ביז שבת־צו־נאַכטס
ווען מיין פאָטער האָט גענומען דאָס צירונג־שטיקל און עס צוריק באַ־
האַלטן אין צירונג־שאַכטל ביז דעם נאָענטן פרייטיק.

ווען איך בין עלטער געוואָרן האָב איך זייער אָפט געהערט רעדן
טאַטע־מאַמע וועגן שטירנטיכל. עס איז געווען אַ שווערע צייט, געלט־
שוועריקייטן. מיין עלטערע שוועסטער אַ מיידל פון 18—19, איז געשטאַנען
אין שידוכים און עס האָט אויסגעפעלט אויף נדן.

רופט זיך אָפּ מיין מאַמע:

— נו, און דאָס שטערנטיכל בין איך נישט גרייט צו פאַרקויפן, השם
יתברך וועט צושיקן וואָס מיר ווילן און בעטן.

מיין שוועסטער האָט חתונה געהאַט און מען האָט די פערל נישט
געדאַרפט פאַרקויפן. מיר קינדער האָבן אָבער ביי דער מוטער אויסגעפּועלט,

אַז זי זאָל פֿון דעם שטערנטיכל מאַכן פֿיר שנירלעך פּערל אויפֿן האַלדז. זי האָט זיך געלאָזט אײַנרעדן.

דאָס איז געווען אַ גאַנצע אונטערנעמונג. מען האָט אַהיים גענומען אַ פֿרוי, אַ ספּעציאַליסטין אין ציען פּערל אויף ספּעציעלע פֿעדעם. מען האָט צוגעגרייט צוויי רויטע סטענגעס כּדי זיי צו פֿאַרשלייפֿן פֿון הינטן. צו דער עלטסטער טאָכטערס חתונה האָט שוין אונדזער מוטער געטראָגן פֿיר שנירלעך פּערל.

איך האָב זי ווײַטער באַוווּנדערט. די פּערל אויפֿן האַלדז האָבן איר געמאַכט נאָך מער מאַיעסטעטישער ווי דאָס שטערנטיכל.

שפּעטער, ווען איך בין שוין עלטער געווען און גענומען פֿאַרשטיין דאָס לעבן, האָב איך געפֿרעגט דער מוטער, ווען זענען עס געווען בײַ אונדז גוטע צײַטן, אַז דער טאַטע האָט איר געקויפֿט די פּערל?



מײַן זיידע־באָבע — אברהם־דוד און חיה־רחל פּראָסט.



מיינע עלטערן — ישראל־צבי און רייזל־רעכל פראָסט.

— קינד מיינס, האָט די מוטער געענטפערט, דאָס זענען משפחה־פערל און ווער ווייסט פון וועלכער באָבע זיי שטאַמען אָפּ. זעסטו, אָט די אוירנגלעך, האָט טאַקע דיין טאַטע געקויפט, אָבער די פערל, דאָס הייסט — דאָס שטערנטיכל, האָט דיין באָבע, דיין פאָטערס מוטער, מיר געגעבן אַ חתונה־מתנה.

— דיין באָבע איז געבוירן געוואָרן אַרום 1830. איר פאָטער איז געווען דער ליזשענסקער שוחט, ר׳ ישראל־צבי. דיין באָבע איז געווען אַ קליין קינד ווען איר מוטער איז געשטאָרבן און דאָס שטערנטיכל האָט דאַן געירשנט איר מוטער. דאָס הייסט דיין עלטער־באָבע...

— דאָס שטערנטיכל איז אָפּגעהיט געוואָרן אין פאַרשידענע צייטן, שווערע צייטן פון נויט, און מען האָט זיך מיט דעם נישט געשיידט. נו, האָט דיין באָבע די דאָזיקע פערל, דאָס הייסט דאָס שטערנטיכל, אַוועקגע־

געבן מיר, ווען איך האָב חתונה געהאַט מיט דיין טאַטן, וועלכער האָט אגב, געטראָגן דעם נאָמען פון זיידן, ישראל צבי.

אַזוי האָט אונדז די מוטער דערציילט וועגן דאָזיקן שטערנטיכל און דער יחוס האָט זיך געפלאָכטן אַלץ ווייטער אין דעם בעסערן אומבאַוווּסטן נעכטן. ווער ווייסט וויפל באָבעס עס האָבן זיך געצירט אין דעם!

אַמאָל זאָגט זי אונדז:

— די פערל האָבן נישט קיין גרויסן ווערט. ביי אונדז אין דער משפּחה זענען זיי אָבער אַ פאַרזיכערונג, מען האָט זיך אָן וואָס אָנצולעגען און איך פאַרשטיי, קינדער מיינע, אַז נאָך 120 יאָר וועט איר זיך מיט דעם איינטיילן. ווען זיי וואָלטן געקאָנט דערציילן, וואָלטן זיי אייך דערציילט וועגן די אַלע אָפּגעלעבטע שיינע דורות, זייערע פריידן און זייערע ליידן.

מיין מוטער איז געשטאָרבן אין 1935, אין שטעטל קאָלבושאָווע. מיר זענען שוין געווען טאַטעס און מאַמעס פון אייגענע משפּחות. איך האָב געוווינט אין קראָקע. אַלס יונג מיידל דאָרט געלערנט, געאַרבעט, חתונה געהאַט און שוין פאַרמאָגט צוויי טעכטער.

דאָס הויז אינעם קליינעם שטעטל, האָט נאָך די מוטער איינגעטיילט ביים לעבן. איינמאָל האָט זי געגעבן אַ זאָג: — איר קינדער, דאַרפט דאָך נישט אונדזער ירושה, אָבער אין שטאָט איז נישטאָ קיין תלמוד־תורה און קינדער דאַרפן אַ ריכטיק אָרט צום לערנען און דאָס בית־המדרש איז נישט דער ריכטיקער פּלאַץ. אייער ירושה זענען די פערל...

מיט די פערל האָבן מיר זיך טאַקע איינגעטיילט. יעדן קינד אַ שנירל פערל. ווען אונדזער עלטסטע שוועסטער איז יונג געשטאָרבן, האָט אָפּגעירשנט איר שנירל פערל אַ יונגער יתום.

*

יאָרן זענען אַוועק. די ביטערע גזירות האָבן אָנגעיאָגט. מיט שנעלע טריט איז די נאַצי־מגיפה געקומען צו לויפן.

איך האָב שוין פריער דערציילט פון אונדזער יגון ואנחה; פון אונדזערע פּיינען און ליידן; פון אונדזערע וואָגלענישן און וואַנדערונגען ווי אויך די „חשבונות", וואָס איך האָב געדאַרפט רעגולירן מיט די יעניקע וועלכע האָבן געראַטעוועט מיינע קינדער.

איין חשבון האָב איך נאָך געהאַט צו דערליידיקן. צווישן די ווערט־זאַכן, וואָס איך האָב געלאָזן ביי דער קריסטין, די רעטערין פון מיינע קינדער, זענען אויך געווען די פּערל פון מיין מאַמען...

ווען די דאָזיקע פּערל האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז דאָס זאָל זי נישט פאַרקויפן. איך האָב איר אויפגעקלערט וואָס פאַר אַ הייליקע באַדייטונג זיי האָבן פאַר מיר. איך האָב פון איר פאַרלאַנגט, ווי פון אַ פרומער קריס־טין, אַ צוזאָג, אַז זי זאָל אָפּהיטן די קינדער און אויך אָפּהיטן די פּערל. נישט צוליב זייער ווערט, נאָר צוליב זייער משפחה־הייליקייט.

איך האָב איר דערפאַר אַוועקגעגעבן מיינע אייגענע, מאָדערנע שיינע פּערל. אויך ברילִיאַנטן, פון וועלכע איך האָב געמאַכט קנעפּלעך און צוגענייט צו די קינדערס קליידלעך.

זי האָט מיר צוגעזאָגט...

נאָך דעם ווי איך האָב מיך אָפּגעזעגנט מיט קראָקע, מיטן בית־עולם, וווּ ס׳ זענען קיין מצבות נישט געווען, האָב איך אין לעצטן מאָמענט זיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט דער קריסטין וואָס איז געשען מיט די אַלטע פּערל?

— אין דעם זכות פון די פּערל, זאָגט מיר די קריסטין, ביסטו געבליבן לעבן... און זי דערציילט מיר, אַז זי האָט זיי חס־ושלום נישט פאַרקויפט. זי האָט זיי אַוועקגעגעבן אין דער גרויסער פאַדגורזשער קירכע צו באַצירן די הייליקע פיגור פון גאָטס מוטער. און זי איז ממשיך:

— מיר פלעגן מיט דיינע קינדער אָפּט זיך אַריינכאַפּן אין דער קירכע, קניען און דאַנקען דער מאַדאָנע פאַר דעם חסד וואָס זי טוט און געבעטן אַז דו זאָלסט בלייבן לעבן. נו, זעסט דאָך, אַז דו ביסט געבליבן לעבן.

וואָס האָב איך געקאָנט טאָן?

איך האָב מיך גענומען גרייטן צום געזעגענען מיט די פּערל.

איך בין אַוועק אין דער קירכע, די נאָכמיטאָגדיקע זון האָט מיט גע־בראָכענע שטראַלן, דורך די מאָזאַיק שויבן־פענצטער, באַלויכטן די הייליקע פיגור. די זון האָט זיך לאַנג פאַרהאַלטן אויף די פּערל...

בין איך געשטאַנען און געבעטן מחילה ביי די פּערל...

— זייט מיר מוחל, טייערע פּערל פון מיינע עלטער־עלטער־באָבעס.

זייט מיר מוחל הייליקע פּערל, איר האָט באַשיינט אַזויפיל יידישע שמחות; איר האָט באַצירט די צניעותדיקע ליכט־בענטשערינס אין אַזויפיל פּרייטיק־צו־נאַכטסן; זייט מוחל, פּערל, איר ווייסט דאָך סודות פון דורות, איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה...

איך האָב געקוקט אויף די פּערל און איך קאָן שווערן, אַז איך האָב געזען ווי די פּערל וויינען... ווי פון זיי רינען טרערן...

אויך פון מיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן טייכן טרערן...

# איך געזעגן זיך מיט קראָקע

אָנהייב מערץ, 1946.

איך באַשליס צו פאַרלאָזן קראָקע צוזאַמען מיט נאָך אַ באַקאַנטער פרוי, וועלכע פאָרט אויך קיין בערגען־בעלזען.

אין דעם טאָג אין קראָקע האָב איך מיך פאַרקליבן צו געבן אַ לעצטן בליק אויף מיין געוועזענער היים, אויף דער אַלטער ווייסל־גאַס נומער 32. די גאַנצע צייט האָב איך דאָס אויסגעמיטן, נאָר אין דעם לעצטן טאָג האָב איך זיך נאָכמיטאָג פאַרקליבן און זיך אַוועקגעשטעלט אַקעגן־איבער דעם הויז, וווּ איך האָב געוווינט. דאָס הויז איז דאָס זעלבע, אָבער די אַריינגייענדיקע און אַרויסגייענדיקע איינוווינער זענען פרעמדע. דורך דער קריגס־צייט האָבן אין דעם הויז געוווינט דייטשן, דייטשישע טעאַטער־מענטשן...

איך מאַך אַן אָנשטרענג אַריינצוקוקן אין די פענצטער פון מיינע געוועזענע שכנים. אויך אין די פענצטער פון צווייטן שטאָק, די אַמאָליקע היים מיינע, איז עפּעס אַלץ אַזוי אַנדערש, פרעמד. איך ווער פאַרוויגט און אַוועקגעטראָגן פון געדאַנקען — געווען אַמאָל... דערוויל ווערט פינצטערלעך און פינצטער אויף דער נשמה אין דעם פרעמדן קאַלטן דרויסן. עס פאַלט אַ געדיכטער שניי. איך שטיי אָבער אין אַ ווינקל, אין טויער פון דעם הויז קעגנאיבער. איך פיל גאָרנישט וואָס אַרום מיר טוט זיך, מיינע אויגן זענען געצילט אין דער ריכטונג פון מיינע פענצטער. איך שטרענג זיך

אָן צו פֿאַרשטעלן מיט די הענט מיינע אויגן פֿון דעם פֿאַלנדיקן שניי, כדי ער זאָל מיר נישט שטערן. איך וואַרט מיט אומגעדולד. איך וואַרט און וואַרט.

וואָס איז עפּעס אַזוי שטיל ביי מיר אין הויז? עפּעס אַזוי פֿינצטער?

אַ קליינער לאָמפּ לייכט. ווו איז דער גרויסער קרישטאָל־לאָמפּ מיט די אַכט ליכט אַרום אין דעם עס־צימער?

וואָס זענען עפּעס אַראָפּגענומען די שיינע פֿאָרהאַנגען פֿון די פֿענצטער?

איז מיין מאַן נאָך נישט דאָ אין דער היים?

דער משרת, זעט אויס, האָט נאָך נישט געלייגט מיין קליין קינד אין איר בעטעלע, אין אונדזער שלאָף־צימער. מיין עלטער קינד דאַרף אין דער צייט פּראַקטיצירן אויף דעם פּאָרטעפּיאַן. יאָ, איך זע עפּעס גאָרנישט דעם פּאָרטעפּיאַן און נישט דאָס גרויסע בילד, וואָס הענגט אויף דער זעלבער וואַנט. מען האָט דאָך אַלעמאָל געקאָנט זען פֿון קעגנאיבער דער גאָס?...

אַזוי בין איך געשטאַנען און געשוועבט אין אַ פֿאַרשווונדענער וועלט. דער שניי האָט זיך דורך די שעהן הויך אָנגעבערגט. איך האָב נישט גע־פֿילט קיין קעלט און קיין פֿייכטקייט.

אַ פֿלוצימדיקער אויסגעשריי אין פּויליש: פּאַטער! זון און הייליקער גייסט! האָט מיך אויפֿגעוועקט. דאָס איז געווען דער וועכטער פֿון דעם הויז, צו וועלכן איך האָב זיך צוגעקוקט. עס איז געווען 11 ביינאַכט. אַרויסקור־מענדיק שליסן דעם טויער, האָט ער פֿלוצלינג געזען מיך שטיין ביז די קני צוגעדעקט מיט שניי. געקענט האָט ער מיך פֿון פֿריער, אַלס סטאָליער האָט ער פֿאַר מיר פֿיל מאָל געאַרבעט. נישט וויסנדיק, אַז איך בין געבליבן לעבן, האָט ער געמיינט, אַז ער זעט עפּעס אַ נישט גוטס. איך האָב זיך ווי אויפֿגעכאַפּט פֿון אַ טיפֿן שלאָף, ווען ער האָט אַ רוף געטאָן מיין נאָמען.

— יאָ, דאָס בין איך — האָב איך זיך אָנגערופֿן. ער האָט צו מיר געזאָגט:

— יידישקע, צי ביסטו משוגע? ווען איך קום נישט אַרויס וואָלסטו פֿאַר־שאָטן געוואָרן פֿון שניי און פֿאַרפֿרוירן געוואָרן, גיי פֿון וואַנען דו ביסט געקומען. אויב דו ווילסט זיך דערהרגענען, גיי ערגעץ אַנדערש. נישט ביי מיין טויער. גיי. גיי...

מיט מיינע הילצערן־פֿאַרפֿרוירענע פֿיס, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט,

## און די זון האָט געשיינט

האָב איך אין דער שנײדנדיקער פּראָסטיקער פרעמדער נאַכט אַוועקגעשפּאַנט אויף אייביק פון דאָרט.

דעם קומענדיקן מאָרגן האָב איך, מיט אַ שווערן רוק־זאַק אויף די פּלייצעס און מיט אַ צעבראָכן האַרץ, פאַרלאָזט מיין היים־שטאָט קראָקע.

אין מיין רוק־זאַק האָב איך געהאַט אַ ביסל שפּייז — ברויט, זאַלץ, אַ ביסל צוקער, און צוליב דער קעלט אויך אַ ביסל פּעטס צוגעגרייט אויף אַ פּאָר וואָכן, ווייל ווער ווייסט ווען מען וועט זיך דערשלאָגן קיין בערגען־בעלזען. קויפן עפּעס אין וועג איז געווען כמעט אוממעגלעך. איך האָב אויך מיטגענומען אַ פלעשל וואָדקאַ, דאָס קאָן אַמאָל נוצן ווי אַ סגולה ביים שוואַרצן אַ גרענעץ אָדער זיך גאָר אויסלייזן דאָס לעבן ביי די רוסן, וועלכע מען האָט געטראָפן אויף אַלע וועגן. איך האָב זיך אַרויפגעקראָגן אויף אַ לאַסט־אויטאָ און זיך געלאָזט אין וועג אַריין צוזאַמען מיט מיין באַקאַנטע פרוי. מיר האָבן געצויגן צו דעם וועג ווו איך האָב דורך דער זעלבער גרענעץ, דורכגעשמוגלט מיינע קינדער, אָבער מיט אַ האַלב יאָר פריער איז דאָס אָנגעקומען פיל גרינגער. איצט איז דער וועג דורך דער בריק מער נישט געווען.

# ווידער דורך שווארצע גרענעצן

אָנגעקומען אין גערליץ (זשגאָזשעליצע), ווו די שטאָט איז צעטיילט דורך אַ טייך, העלפט פויליש און העלפט מזרח־דייטש, אָדער ריכטיקער — רוסיש. איך גיי צום זעלבן מעקלער וואָס איך האָב געקענט פון פריער, ווייל איך בין שוין אַן אַלטער קליענט זאָגט ער מיר צו צו העלפן. דער־ווייל לאָזט ער אונדז שלאָפן אין זיין הויז. עס נעמען זיך צוזאַמען נאָך אַ פּאָר מענטשן, וואָס ווילן אַריבער די גרענעץ. ער פאַרזיכערט אונדז, אַז מען אַרבעט אין דער זאַך, אָבער קיין פּרטים זאָגט מען אונדז נישט. די באַשטימטע צייט קומט אומגעריכט. אין אַ געוויסער נאַכט 12 אַזייגער, הייסט מען אונדז נעמען די פּעקלעך. מיר זענען געווען צוויי פרויען און זעקס מענער. אין וועג לויפט דורך אַ קאַץ פאַר מיינע און מיין חברטעס פיס. מיין חברטע וויל זיך מער פון אָרט נישט רירן, זי זאָגט אויב אַ קאַץ לויפט דורך, איז עס אַ זיכער אומגליק. איך בעט זי זי זאָל נישט זיין אבער־גלויבעריש. אַלע אין דער גרופּע בייזערן זיך אויף איר אין דער שטיל, מיט געדעמפּטע שטימען. זי וויינט און וויל נישט גיין. איך בין אָבער געווען געצוווּנגען און אַנטשלאָסן — דאָס שמוגל־געלט וועל איך נישט צוריקקריגן. קיין אַנדער געלט האָב איך נישט און יעדעס מאָל קומט אָן שווערער דאָס שמוגלען — האָב איך איר געזאָגט — אויב דו ווילסט צוריקגיין אין שטאָט אַזאַ ווייטקייט, אין דער שפּעטער שעה איינע אַליין, טאָ גיי! איך מוז גיין. אַ קאַץ קאָן מיך נישט צוריקהאַלטן. נישט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג, איז די פרוי מיטגעגאַנגען.

ס'איז אונדז געוואָרן פינצטער און ביטער, ווען אין אָט דער פינצ־טערער נאַכט האָט ער אונדז צוגעפירט צו דעם ברעג פון דעם גרויסן טייך און אונדז געגעבן אינסטרוקציעס:

— די בריק איז צעשטערט, עס ליגן שמאָלע קיילעכדיקע, אייזערנע

רערן, אויף וועלכע ס׳איז זייער שווער צו גיין, זיי זענען גליטשיק פון פראָסט. די שמוגלערס האָבן צו די שטייענדיקע סלופּעס צוגעבונדן גראָבע שטריק, מען זאָל זיך רוקן פאָרויס מיט קליינע טריט און זיך צוהאַלטן ביי די שטריק און זען זיך דורכצושאַרן. וויסן זאָלט איר, אַז אויב עמעץ וועט אַריינפאַלן, איז פאַרפאַלן. העלפן קאָן מען דאָ נישט, דעריבער זייט פאָרזיכטיק.

צו גוט איז אונדז אויפן האַרצן נישט געווען. קיין צוריק איז אָבער אויך נישט געווען. און דערצו נאָך די קאַץ...

דער שמוגלער איז געגאַנגען פאָרויס. נאָך אים האָבן זיך גערוקט 8 לעבנס איינגעשטעלטע אויף אַ האָר. אַ טויטער שווייס האָט יעדן באַגאָסן ביז מען האָט דערלעבט און דערפילט, אַז די פיס טרעטן שוין אויף אַ ווייכן זאַמדיקן באָדן. מען איז אַריבער בשלום. דאָ ערשט האָט מען זיך געדאַרפט אַרויפדראַפּען אויף אַ זייער משופּעדיקן ברעג. מיט שוועריקייטן האָבן מיר אויך דאָס דערגרייכט. אויבן האָבן שוין געוואַרט דייטשישע פּאָליציי און אונדז געפירט אויף דעם פּאָליציי־צירקל. אונדזער פאַרצווייפלונג איז געווען גרויס. די דייטשן האָבן אונדז געזאָגט, אַז מיר דאַרפן זיין גליקלעך, וואָס עס זענען גראָד קיין רוסן נישטאָ. זיי, די רוסן, שיסן צו אַלע, וואָס שמוגלען זיך אַריבער. עס איז צו אונדז צוגעקומען אַ יידישער בחור, אַ גור־טער ברודער פון אונדזער שמוגלער און געזאָגט — זעט צוזאַמענעמען אַ ביסל געלט צווישן זיך, אַז מ׳וועט זיי געבן אין יד אַריין וועלן זיי אייך לאָזן גיין. יעדער האָט געגעבן. די יעניקע, וואָס האָבן נישט געהאַט גענוג געלט צו געבן, האָבן דערלייגט מיט שפּייז. די צוויי פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן אונדז געבראַכט, האָבן זיך געטיילט מיט דעם דריטן וואָס איז דאָרט געווען. דאַן האָבן זיי אונדז געפירט צו אַ פּלאַץ, ווו די נאַכט דורכצוזיצן. אויף דער גאַס איז געווען פאַרווערט צו גיין, זענען מיר געגאַנגען דורך אַ הינטער־געסל. מ׳האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַן אַלט הייזל מיט צעבראָכענע שטיגן אין אַ שטוב צו אַן אַלטער נידעריקער און גראָבער דייטשקע. די פּאָליציי האָט אונדז געזאָגט, אַז זי מוז אונדז לאָזן דורכזיצן די נאַכט און און דער פרי וועלן מיר ווייטער גיין. עס איז געווען אַ גאָר פאַרדעכטיק אָרט. אַ רויט־האָריקע דייטשע מויד איז געלעגן מיט אַ פריינד איבערגע־

זאָפּענע אויף אַ בעט. אַנדערע זענען אַריין און אַרויס, מ׳האָט געליאַרעמט און געשאָלטן. יעדן האָט די באַלעבאָסטע געזאָגט, אַז די פּאָליציאַנטן האָבן אונדז אַריינגעבראַכט.

דורכגעלעבט די נאַכט אין גרויסע צרות האָבן מיר אין דעם גרויען פרימאָרגן זיך געלאָזט גיין דורך די פּאַרהאַסטע דייטשישע גאַסן און זוכן צו קויפן אַ גלאָז טיי.

פון גערליץ האָט זיך אָנגעהויבן דאָס וואָגלעניש דורך גאַנץ מזרח־דייטשלאַנד ביז מיר האָבן זיך דערשלאָגן צו דער מזרח־מערב גרענעץ. אַריבערצוגיין די גרענעץ איז אָבער געווען זייער שווער. מיר האָבן גע־וואַנדערט דורך שטעט און שטעטלעך. די נעכט דורכגעזעסן אין די לופט־שוץ קעלערן, ביי די וואָקזאַלן. זייער פאַרמאַטערטע זענען מיר אָנגעקומען קיין לייפּציג און באַשלאָסן צו זוכן אַ פּלאַץ, ווו כאָטש איין נאַכט זיך אויסרוען און אויסשלאָפן.

מען האָט אונדז געזאָגט, אַז פּאָר אַ גאָר קליינעם אָפּצאָל קאָנען מיר שלאָפן אין דעם אונטערערדישן האָטעל, וואָס איז אין דער צייט פון קריג געווען אַ שוץ־האָטעל פאַר הויכע דייטשישע אָפּיצירן. אויס נייגעריקייט האָבן מיר באַשלאָסן דאָרט אַהין צו גיין און זען ווי אַזוי אַזאַ האָטעל זעט אויס. געווען איז דער פּלאַץ לעבן דעם טעאַטער. אַ גוט געפּלאַסטערטער וועג וואָס פירט אַראָפּ זייער טיף. מיר זענען אַריינגעקומען אין אַ האָטעל־לאַבי (האָל), ווו אַ מאַן האָט ביי אַ שרייבטיש רעגיסטרירט די אָנגעקו־מענע מענטשן. ליכטיק איז דאָרט געווען ווי בייטאָג, מיט פלאָרעסן־לאָמפּן באַלויכטן. פון ביידע זייטן פון אַריינגאַנג האָבן געפירט קאָרידאָרן ווי אַ רינג אַרום. אין מיטן דער רונדער געביידע איז געווען נאָך אַ געביידע. אין די רונדע ווענט אַרום, זענען געווען אַריינגעגנג צו הונדערטער קליינע האָטעל־צימערן מיט טאָפּלטע פּריטשע־בעטן איינס איבערן אַנדערן, אין מאַנכע זענען געווען פיר אַזעלכע בעטן. ס׳איז געווען אַ פּלאַץ, ווו אויפ־צוהענגען די קליידער און אויך גוט באַלויכטן. אין דער מיטלסטער רונדער געביידע האָבן זיך געפונען פיין איינגעריכטעטע באָד־צימערן מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און פיל ליכט.

עס איז אויך געווען אַ באַשפּייזונג־אָפּטיילונג, וואָס איז אין דער צייט פון נאָך דעם קריג געווען געשלאָסן. אין דער צווייטער זייט פון דעם אַרײַנקום איז געווען אַ דירעקטער וועג אין טעאַטער אַרײַן. מען האָט בכלל נישט געדאַרפט דורכגיין די גאַס צום שוך־קעלער. גאַראַזשן פאַר די אויטאָמאָבילן זענען געווען אין אַ לעצטער רונדע אונטער די האָטעל־צימערן. דאָס אַלץ האָט אונדז אויסגעזען ווי פאַנטאַסטיש. נישט ווייניק פון אונדזערע ברידער און שוועסטער האָבן זיכער פאַרלוירן זייערע לעבנס ביים אויסבויען די דאָזיקע אונטערערדישע פּאַלאַצן.

אין דער צייט איז געווען אַ פאָלקס־וואַנדערונג פון די דייטשן. ווו מען איז געגאַנגען זענען געווען מחנות, וואָס האָבן זיך איבערגעזידלט אָדער זיך גלאַט אַרומגעשלעפּט. מיט אונדזערע קאַצעט־פּאַפּירן האָט מען אונדז, טראָץ דער איבערפולטקייט, געגעבן אַ צימער. נאָך צוויי וואָכן וואָגלע־נישן האָבן מיר געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו וואַשן און אַ נאַכט שלאָף. דאָס האָטעל־מיידל האָט מיט אַ ראָל פּאַפּירענע ליילעכער באַדעקט די בעטן און מיט די זעלבע פּאַפּירן באַדעקט די מיליטערישע דעקן צום צו־דעקן זיך. אין דעם צווייטן פרימאָרגן האָבן מיר זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן.

אויסגעפונען האָבן מיר, אַז ביים גרענעץ־שטעטל העמלשטאַט נעמט מען צוזאַמען גרופּן דייטשע מענטשן, וועלכע ווילן גיין צו דער מערב־זייט, און מען פירט זיי לעגאַל אַריבער דער גרענעץ. מיר האָבן נאָך טעג וואַנדערן דערגרייכט דאָס שטעטל. אַ מהלך פון 20 קילאָמעטער פון שטעטל האָט זיך געפונען אַ גרויסער לאַגער פון פריער, און דאָרט האָט מען אײַנגע־זאַמלט די מענטשן. נאָכן פאַרברענגען אַ טאָג און אַ נאַכט אין דעם לאַגער איז געווען די געהעריקע צאָל פון עטלעכע הונדערט מענטשן גרייט צום אַריבערפירן. מען האָט צוגעשטעלט פון די אַרומיקע דערפער פערד און וועגענער פאַר קינדער, פרויען און געפעק. די מענער זענען נאָכגעגאַנגען צופוס.

מען האָט אונדז געפירט צו דער גרענעץ. די וואָכן, די מזרח־דייטשישע פון איין זייט און די מערב־דייטשישע פון דער אַנדערער זייט, האָבן גע־

עפנט די גרענעץ און מיר, מיט דער גאַנצער מחנה, זענען בשלום אַריבער. כדי זוכה צו זיין צוגעשריבן צו ווערן צו דער פאַרשאַלטענער מחנה, האָבן מיר דעם אָנפירער פון לאַגער געמוזט פריער אָפּקויפן מיט ציגאַרעטן.

## צוריק אין דער „יידישער" מלוכה בערגען־בעלזען

אין דער אַנדערער זייט האָבן די אַמעריקאַנער די גאַנצע גרופּע ווידער פאַרהאַלטן אין לאַגער אויף אַ פּאָר טעג קאַראַנטין. אָבער איך מיט מיין מיטפאָרערין זענען צוגעגאַנגען צו די אַמעריקאַנער מיט אונדזערע פּאַפּירן און געבעטן אונדז ברענגען צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַציע. זיי האָבן אָנגעוויזן דעם וועג, ס'איז געווען זייער נאָענט צוצוגיין. מיר האָבן געוואַרט אויף אַ באַן אַ פּאָר שעה און ענדלעך, נאָך דריי וואָכן אַרומשלעפּן זיך, זענען מיר, אַ פּאָר טעג פאַר פּסח, אָנגעקומען קיין בערגען־בעלזען, ווו מיינע קינדער און מיין שוועסטערן־טאָכטער האָבן שוין מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף אונדז.

עס איז האָט געוואַרט אויף מיר נאָך אַן אויפגאַבע. מיין שוועסטערן־טאָכטער, סאַבינע, האָט געפונען איר באַשערטן אין בערגען־בעלזען און זיי האָבן געוואָלט חתונה האָבן, נאָר מען האָט געוואַרט אויף מיין צוריקקומען, איך זאָל פאַרנעמען דעם מחותנים־פּלאַץ פון אַלע צדדים: כלה'ס צד, חתנס צד, עלטערן, געשוועסטער, פעטערס, מומעס, קרובים און פריינד... אַ צו שווערע אויפגאַבע איז עס געווען פאַר מיר. און פאַרוואָס איז עס גראָד מיר צוגעטיילט געוואָרן?

אָנגעפרייט זיך די ערשטע פּאָר טעג מיט מיינע קינדער, בין איך געפאָרן פאַרברענגען דעם ערשט יום־טוב מיט מיינע אַנדערע קינדער אין ציילסהיים, לעבן פראַנקפורט. דאַן בין איך ווידער צוריקגעקומען קיין בערגען־בעלזען. און אַזוי יעדע פּאָר טעג געפאָרן פון איין פּלאַץ צום צווייטן.

# חתונות אין נאָך־מלחמה־לאַגער

צו דער חתונה פון מיין שוועסטערן־טאָכטער, האָבן מיר זיך געגרייט פאַר ל״ג בעומר.

דערווייל האָב איך אָבסערווירט אונדזער לאַגער בערגען־בעלזען. די ענדערונג וואָס איך האָב געטראָפן איז גאָרנישט צו באַשרייבן. זינט אויגוסט 1945 ביז מערץ 1946, די צייט וואָס איך בין געווען אַוועק אין פּוילן, דאַכט זיך איז עפּעס ווי אַ יידיש מלוכהלע וואָלט אַנטשטאַנען אויף דעם קליינעם שטח. דאָס ביסל אָרעמע איבערבלייבעכץ פון שארית הפליטה האָט — טראָץ דעם, וואָס די דייטשישע ערד האָט געברענט אונטער די פּיס און די לופט האָט געשטיקט — פולשטענדיק זיך אויסגעלעבט. איך האָב דאָ געפונען אַ פיינע שולע, הגם זי האָט שוין עקזיסטירט פריער, ווען איך בין אַוועק, אָבער דאָס מאָל איז געווען צו שטוינען ווי זי האָט זיך אונטער דער פירערשאַפט פון העלענאַ ווראָבעל, די שוועסטערס צימערמאַן און אַנדערע שיין אַנטוויקלט — אַן אמת יידיש קולטור־לעבן: פאַרשידענע ספּאָרטיווע אַקטיווּיטעטן, פאַראייניגן פון אַלע פאַרטייען, ריכטונגען און שאַטירונגען. יידיש טעאַטער, תלמוד־תורה, בית־יעקב־שולע, ישיבות און חסידים־שטיבלעך. פאַרשטייט זיך אויך אַ כשרע מקוה. מ׳האָט געפּראַוועט חתונות און געבורטן. עס האָט זיך געטומלט מיט יידיש טומלעניש. ווייל איך האָב נישט בייגעוווינט דאָס אַנטוויקלען זיך פון די אַלע זאַכן, בין איך געווען ווי אין אַ גליקלעכן וואַנזין צו זען אַזאַ יידיש פולסירנדיק לעבן. אַפילו די פּאָליטישע און פאַרטייאישע רייסערייען, וואָס זענען כסדר אָנגעגאַנגען, האָבן אויסגעזען חנעוודיק אין מיינע אויגן.

דערווייל האָט מען געשיקט טראַנספּאָרטן קיין ארץ־ישראל, די זאָרג פון דעם גאַנצן ישוב איז געווען גרויס — עס זאָל נאָר געלינגען. טראַנספּאָרטן מיט קראַנקע האָט מען געשיקט קיין שוועדן. די גוט־האַרציקע שוועד־

דישע מלוכה האָט זיך אונטערגענומען די אומגליקלעכע צו העלפן.ליידער זענען פיל פון די קראַנקע נישט ווייט פאַרפאָרן, נאָר ביז לובעק, און דאָרט אויסגעהויכט די נשמות. זיי האָבן פאַרזייט אַ דאָרטיקן גאָר אַלטן בית־הקברות מיט הונדערטער יונגע נאַצי־קרבנות.

מיינע דריי קינדער אין ציילסהיים האָט מען אויך צוגעגרייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און אין מאַי 1946 זענען זיי טאַקע אָפּגעפאָרן. די צוויי עלטערע יינגלעך האָב איך געהאַט אין לאָנדאָן, די דריי קליינע יינגלעך אין ארץ־ישראל און איך מיט מיינע צוויי טעכטער און שוועסטערן־טאָכטער, זענען דערווייל נאָך געווען אין בערגען־בעלזען. מיר האָבן געוואַרט אויף אַן אויסלייזונג.

די חתונה פון מיין שוועסטערן־טאָכטער איז געווען ל״ג בעומר, צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר צענדליקער חתונות. דאָס טרויעריקע האַרצרייסנדיקע



אפרים און צבי פ ע ר ד ע ר ב ע ר און אָלעק, אין די־פּי־לאַגער צעלסהיים, נאָך דער באַפרייאונג אין יאָר 1946.



אפרים (אויבן) און צבי (אונטן) —
שוין אין ישראל.





אין זעלבן לאַגער.
די מחברין מיט די דריי יינגלעך ערב
זייער אָפּפאָר קיין ישראל.

בילד איז שווער צו באַשרייבן. עס שטייען צענדליקער פּאָרלעך, גאָר יונגע און אַ ביסל עלטערע (קיין אַלטע זענען דאָך נישט געווען) איינער הינטער דעם אַנדערן מיט מקוה־צעטלען אין די הענט. די כלה אין איר וואָכעדיק קליידל מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ. נאָר איינציקע האָבן געהאַט אַ בעסער קליידל און אַ לייטיש שאַליקל אויפן קאָפּ. אין מערסטע פאַלן האָט איין כלה געבאָרגט ביי דער אַנדערער דעם קאָפּ־צודעק. אָן טאַטעס און מאַמעס, אָן אַ גואל אָדער וועלכן־ס'איז נאָענטן — דאַכט זיך, אַז אין דער לופט שוועבן די אַלע נשמות. די פּנימער פון אַלע זענען טרויעריק און פאַרצוקט. דער רב אין דעם לייוועגטענעם געצעלט גיט חופּה וקדושין איינעם נאָך דעם אַנדערן. נאָך־חורבן חתונות — זייער אַ טרויעריק בילד. און איך בין געווען ביי מיין שוועסטערן־טאָכטערס זייט, ביי איר חתונה. א י ך האָב פאַרטראָטן אַזאַ ג ר ו י ס ע אומגעקומענע משפחה.

אַ זייער צעבראָכענע און דערשיטערטע, האָב איך דעמאָלט אָנגעשריבן אַ בריוו צום קראָקעווער רב, צו מיין טרייסטער און גוטן פריינד. איך האָב אים געשילדערט, וואָס איך האָב געפילט און דורכגעלעבט ביי די חופּות. יאָרן שפּעטער האָט מיר דער רב, שוין דאָ אין אַמעריקע, געזאָגט, אַז ער היט אָפּ דעם בריוו וואָס איז ווי אַ וויי־געשריי און אַן אויסדרוק פון אונ־דזער פאָלקס־ווייטיק אין דער יתומדיקער פאַרלאָזנקייט.

דערווייל זענען אָנגעגאַנגען די באַמיאונגען דורך מיין ברודער אין אַמעריקע אונדז וואָס שנעלער אַרויסצונעמען פון דעם לאַנד פון אומקום. אָט קריגן מיר אַ ידיעה, אַז מיר זאָלן זיך צוגרייטן, מען וועט אונדז באַלד אַריבערפירן קיין פּאַריז, אַז דאָרט וועלן מיר וואַרטן אויף אונדזער שיף.

מיט דער צייט האָט מיין קליינע טאָכטער אַלץ מער פאַרגעסן אין וועלן גיין קניען און בעטן אין דער קירכע... אין דער שולע האָט זי זיך גאָר גוט צוגעוווינט צו די יידישע תפילות. מיין עלטער קינד איז געווען גליקלעך ווידער צו פאַרברענגען מיט יידישע חברות און חברים אין עברית, וואָס איז צו איר זייער שנעל צוריקגעקומען. זי האָט געלערנט העברעאיש פאַר דעם קריג אין קראָקע פון יונגווייז אָן, אין דער קינדער־שולע און פאָלקס־שולע פון „תרבות‟.



מצבה אויפן מאַסן־קבר אין בערגען־בעלזען פאַר מיין שוועגערין רבקה פערדערבער.



קרעמאַטאָריע־אויוון אין בערגען־בעלזען.

אין יוני 1946, האָבן מיר זיך אין בערגען־בעלזען פריער געזעגנט מיט די מאַסן־קברים, מיט די בערג־אַש און צעוואָרפענע ביינער, וואָס זענען דעמאָלט נאָך געלעגן אַזוי הפקרדיק לעבן דעם פאַרניכטונגס־קרעמאַטאָריום. מיר האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיט דער מצבה וואָס איך האָב אויפגעשטעלט אויף אַ מאַסן־קבר, פאַר מיין דאָרט אומגעקומענער שוועגערין (איך האָב אַ בילד פון דער מצבה און האָף, אַז זי שטייט נאָך דאָרט). צו דעם געזעגענען זיך זענען מיט אונדז מיטגעגאַנגען פיל קינדער און פריינד פון מיינע קינדער. איך האָב זיי אַלע געגעבן צו פאַרשטיין וועגן אונדזער גרויסן פאָלקס־חורבן, וואָס עס איז דאָ פאָרגעקומען. איך האָב זיי געבעטן נישט צו פאַרגעסן און אַז זיי זאָלן דאָס ווייטער און ווייטער איבערגעבן לדור־דורות.



ביים מאָנומענט פון די קדושים.

# אין פּאַריז

אין אַ שיינעם יוני־טאָג, 1946, זענען מיר צוזאַמען מיט אַ גרופּע מענטשן אָנגעקומען קיין פּאַריז, אין באַגלייטונג פון אַן ענגליש מיידל, וועלכע האָט געאַרבעט אין דער „אונרא" (אינטערנאַציאָנאַלע הילף־געזעל־שאַפט פאַר פּליטים) פון בערגען־בעלזען. מ׳האָט זי מיטגעשיקט אונדז צו באַזאָרגן אין פּאַריז. אויף לאַסט־אויטאָס האָט מען אונדז געפירט. דאָס ערשטע צו דעם אַלטן יידישן פּלעצל אויף ריי־דע־ראָזיע, געגעבן אַ מאָלצייט און אונדז מיט די זעלבע לאַסט־אויטאָס געפירט צו די באַשטימטע פּלעצער, וווּ מיר האָבן געזאָלט וווינען ביז אונדזער אָפּפאָר קיין אַמעריקע.

אָבער אונדזער זיין דאָרט און וואַרטן איז אויך נישט געווען פון די גרינגע זאַכן. מיר זענען געווען אַן געלט און געווען געצווונגען צוויי מאָל אַ טאָג צו מיטאָג און אָוונט־ברויט צו פאָרן אויף ריי־דע־ראָזיע אין דער גע־מיינזאַמער קיך, וואָס האָט זיך געפונען אין דער אַלטער יידישער אַרבעטער־געביידע.

אונדזער האָטעל־צימער ווו איך, מיינע קינדער, מיין שוועסטערן־טאָכ־טער מיטן מאַן און אַנדערע אונדזערע מיטפּאָרערס האָבן געוווינט, האָט זיך געפונען אויף אַן ערשטן שטאָק אין אַ גאָר נידעריק־ראַנגיקן האָטעל אויף 7 ריי־דע־ברעי. די געגנט גאָר אַ געהויבענע, נישט ווייט פון עטואַל־פּלאָס מיט דעם שיינעם מאָנומענט פאַר דעם אומבאַקאַנטן זעלנער לעבן שאַנס־עליזעע, גראַנד־אַרמיי. אונדזער האָטעל איז אָבער געווען אין אַ זייטן־געסל פון פּלאַס־וואַגראַם, מיט אַ גאָר שלעכטן אַרום.

דעם ערשטן שטאָק האָבן מיר, שארית־הפּליטה־מענטשן, פאַרנומען, און אַלע אַנדערע צימערן זענען באַנוצט געוואָרן פון גאַסן־מענטשן. אַ גאַנצן אָוונט און די נאַכט, האָט מען נישט געוואָגט אַרויסצוגיין פון דעם צימער. איבערהויפּט איך מיט מיינע יונגע קינדער. פאַרדעכטיקע פּאַרשוינען אָדער

זעלנער מיט גאַסן־פּרויען האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די קאָרידאָרן, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס וואַש־צימער. איך האָב מיך געוואַנדן צום קאָ־מיטעט און געבעטן צו העלפן אונדז מיט אַן אַנדערער דירה. מן־הסתם האָבן זיי געהאַט צופיל אַזעלכע בקשות און מיינע איז נישט דערהערט געוואָרן.

מיר האָבן געקראָגן יעדע וואָך אַ געוויסע סומע פראַנקן ווי אויך ברויט־קאַרטן. פאַר דעם געלט האָט מען זיך געדאַרפט באַזאָרגן פרישטיק. צו מיטאָג און נאַכטמאָל האָט מען געדאַרפט פאָרן אין דער פאָלקס־קיך אויף רײ־דע־ראָזיע, אַ דאַנק דעם וואָס עס איז געווען זומער האָבן מיר פּלאַנירט צו פאַרברענגען דעם גאַנצן טאָג אויסער אונדזער האָטעל און זיך טאַקע אַרומגעקוקט אין פּאַריז, וואָס פאַרמאָגט די פּרעכטיקסטע זעענס־ווירדיקייטן. פאַרוואָס טאַקע נישט אויסנוצן די צייט פאַר דעם?

דאָס צוקוקן זיך צו די שיינע ווינקלען אין פּאַריז האָט אונדז געגעבן, אין אונדזער צושטאַנד, אַ ביסל נשמהדיקע דערהויבנקייט. אַזוי איז דאָס קונסט־מוזעאום, „לוווּר", געוואָרן אויך מיין טאָג־האָטעל — איך האָב פאַרבראַכט אַ סך שעהן מיט די קינדער אין דעם פּרעכטיקן פּאַרק אַרום מוזעאום. דאָס באַזוכן יעדן טאָג אַ שטיק צייט אין מוזעאום, האָט מיך ווידער אָנגעפילט מיט מענטשלעכער ווירדע. נישט בלויז דעם „לוווּר", נאָר אַלע אַנדערע זאַכן און ערטער וואָס זענען ווערט געווען צו זען האָב איך נישט אַדורכגעלאָזט. פון דער סומע פראַנקן וואָס מיר האָבן באַקומען צו קויפן פרישטיק און נאָך אַ פּאָר איבעריקע פראַנק האָב איך געשפּאָרט, כדי צו קאָנען זען אויך ערטער ווו מ'האָט געמוזט צאָלן פאַר אַן אַריינגאַנגס־קאַרטע. איך בין אויך געפאָרן מיט די קינדער קיין ווערסייל.

נישט עסנדיק קיין פרישטיק האָב איך טאַקע געוואָרט אַ הונגעריקע אויף דעם מיטאָג פון דער קיך. ליידער איז מיר מייסטנס אויסגעקומען אויך דאָרט נישט צו עסן. דאָס עסן איז געווען געקאָכט און דערלאַנגט אין אַ זייער נעבעכדיקן צושטאַנד. פיל מאָל האָב איך אַרויסגענומען פון די עסנס ווערעם אָדער פליגן, אומבאַמערקט פון מיינע קינדער און אַנדערע מיטזיצער ביי די טישן. איך האָב מיך אָבער צו די עסנס שוין מער נישט צוגערירט. אין די הייסע זומער־חדשים האָט מען פאַר אונדז געמאַכט

אַ מצה־זופּ, זיכער פון פּסחדיקע מצות וואָס זענען שוין געווען פאַרשימלט. דעמאָלט האָב איך די קינדער שוין אויך נישט געלאָזט עסן נאָר זיי באַ־זאָרגט מיט וואָס איך האָב נאָר געקאָנט. איך בין אין פּאַריז געווען הונגע־ריק. גראָד דאָס הונגערן האָט מיר הנאה געטאָן, ווייל בעטל־ברויט האָט אַ ביטערן טעם. איך האָב זיך דאַקעגן געזעטיקט מיט די שיינע זאַכן פאַרן אויג און נשמה.

אַזוי האָט זיך פאַרצויגן אַ גאַנצער זומער. מען האָט ווידער געדאַרפט פאַרלענגערן דאָס זיין אין פּאַריז, אין דער פּרעפעקטור, וואָס זיי האָבן נישט גערן געטאָן. אינצווישן איז מיין קליין קינד געווען קראַנק אַ פּאָר וואָכן און האָט געקריגן דאָקטאָר־הילף דורך דעם הילפס־קאָמיטעט.

אין אַלגעמיין איז דעמאָלט די הילף אין פּאַריז, גלייך נאָך דעם חורבן, געווען אַ גאָר גרויסע צו אונדז אומגליקלעכע, אָבער לויט דעם פּאַרנעם און דעם אַפּאַראַט וואָס האָט געאַרבעט, איז זי געווען נאַכלעסיק און אומגע־לימפּערט.

עס האָבן זיך אָנגערוקט די יום־טובים און מיר זענען נאָך אַלץ געווען אין פּאַריז. מיר זענען געגאַנגען אין אַ שול זיך אַ ביסל אויסוויינען...

ביז אויף היינט געפין איך, אַז דאָס בעסטע אָרט איז אַ שול, ווו עס עפענען זיך די קוואַלן פון מיינע אויגן און עס רינען אָפּ די בלוטיקע טרערן, אַן אָרט ווו איך קאָן אַמבעסטן זען די אומפאַרגעסלעכע געשטאַלטן, וועלכע זענען פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן. איבערהויפּט ביים יזכור זע איך זיי געבוי די אַלע, וואָס איך דערמאָן דעמאָלט, וועלכע איך פאַרגעס נישט קיינמאָל. איך בין זיך מודה, אַז איך בין נישט אויסן צו דאַווענען אָדער הערן די תפילות, עס איז פאַר מיר נאָר אַ פּלאַץ, ווו איך קאָן מיך זעטיקן מיט מחשבות און זען וויזיעס וואָס איך קאָן אין ערגעץ בולטער נישט אַרויסרופן.

נאָך די יום־טובים, אַ צוויי וואָכן נאָך סוכות, האָט מען אונדז ענדלעך אָנגעזאָגט די בשורה, אַז מיר פאַרלאָזן פּאַריז. דעם צווייטן טאָג זענען מיר טאַקע אָפּגעפאָרן צום האַפן לע־האוור, כדי פון דאָרטן צו נעמען אַ שיף קיין אַמעריקע.

## געקומען צו א ברעג – אין אמעריקע

אָקטאָבער, 1946.

מיר קלעטערן אויף שטריק־לייטערס צו דער שיף. די שיף איז גראָד אַ גוטע, נאָר זי איז נאָך אין איר קריגס־אויסזען. דאָס איז די „איל־דע־פראַנס", וואָס איז געווען בעת דער מלחמה אַ קריגס־שיף. אין דעם צו־שטאַנד איז זי נאָך באַנוצט געוואָרן צו פירן אונדז דורך שטורמישע וואַ־סערן. די באַדינער און באַדינונג איז נאָך אַלץ אַ מיליטערישע. די מאַט־ראָזן באַדינען אויך די פרויען־קאַבינעס, אויב עס רופט ווער נאָך הילף אָדער מען דאַרף דערלאַנגען אַ שיסל פאַר אַ ליידנדיקן פון דער ים־קרענק. און געליטן האָט מען אַ סך, ווייל די וואַסערן האָבן זיך זייער צעבייזערט אין דער צייט פון יאָר.

די קאַבינעס זענען ווי פאַר מיליטער־לייט, 6—8 בעטלעך אין אַ קאַבינע. דאָס עסן איז איינפאַך אָבער גענוג, אויב מען האָט נאָר געקאָנט עסן. די וואַש־צימערן און די שפריצן זענען געווען געמיינזאַמע, נאָר אָפּגעטיילט מיט אַ פאָרהאַנג. מען האָט אָבער גאָר ווייניק אַכט געלייגט אויף דעם, ווייל צו וואָס פאַר אַ באַקוועמלעכקייטן זענען מיר דאָס דורך די אַלע מורא־דיקע יאָרן געוווינט געווען, אַז די באַדינגונגען זאָלן פאַר אונדז נישט זיין גענוג ?

די שיף איז צום פּאָרט נישט צוגעשווומען. קיין בריק איז אויף דעם ברעג נישט פאַרוואָרפן געוואָרן, נאָר מען האָט אונדז אין קליינע שיפלעך אַרויפגעפירט אויף די ברייטע וואַסערן.

דורך דער שטריק־לייטער זענען מיר אַרויף אויף דער שיף. מאַטראָזן זענען געשטאַנען און אונדז געהאָלפן עס זאָל קיין אומגליק נישט געשען. די קנאַפּע 2000 מענטשן זענען בשלום אַרויף אויף דער שיף.

## און די זון האָט געשיינט

איך בין געווען באַהערשט פון אַן אומרואיקייט, אַ גרויסער פראַגע־צייכן שטייט מיר פאַר די אויגן.

איבערגעשלאָפן די ערשטע נאַכט אויף דער שיף, איינגעוויגט פון טומל און שטורעם־טרייסלעניש, בין איך אויפגעשטאַנען מיט זייער אַ ביטערן געפיל און זיך געפרעגט: האם זו הדרך? איז דאָס דער ריכטיקער וועג, וואָס איך האָב פאַרגענומען פאַר מיר און מיינע קינדער? איז דאָס טאַקע דאָס לאַנד, די באַדינגונגען און די מענטשן, מיט וועלכע מיר וועלן דאַרפן לעבן? וויל מען אונדז דאָרט באמת העלפן? וויל מען טאַקע לינדערן אונדזערע ווייטיקן?

אָדער אפשר איז דאָס אַן אָרט ווי מיר מאָלן זיך סתם אויס און ווינטשן זיך צו געפינען אַלץ אַזוי גוט, ווייל מיר לויפן פון אונדזער גיהנום, פון אונדזער דערנער־וועג און אומקום? אונדזערע פריינד און קרובים ווילן אונדז, זיי וועלן אונדז העלפן און אויך העלפן באַוויינען, וואָס מיר און אויך זיי האָבן פאַרלאָרן. אָבער דאָס איז דאָך נישט דאָס, וואָס גיט דעם מענטשן צוריק זיין ווירדע און מאַכט אים פילן גלייך מיט נאָרמאַלע מענטשן. צי זענען מיר בכלל נאָרמאַלע מענטשן, וועלכע קאָנען זיך אַריינפּאַסן אין לעבן צווישן פרייע מענטשן און אומשטענדן?

דער געדאַנק האָט מיך געמאַטערט. איך האָב פאַר מיינע קינדער און מיטפאָרער נישט אַרויסגעוויזן מיינע געפילן. איך האָב זיך געגריבלט אין ביטערע זכרונות. אָט זענען דאָך מיט די זעלבע וואַסערן געשוואומען שיפן שיינע, רייכע און אויך מעפילים־שיפן, אָרעמע און צעבראָכענע מיט איינגעשטעלטע טויזנטער לעבנס, נאָך אין די יאָרן 1937—1938. געלאָפן פון דעם שוין גרויסן בריענדיקן פלאַקער מיט אַזויפיל האָפענונג, אַז אָט שוין, שוין, און גוטע מענטשן וועלן אויסשטרעקן אַ האַנט און העלפן. נישט מיט קיין געלט, ווייל געלט האָבן נאָך דאַן די מענטשן געהאַט. זיי האָבן געהאַט איין פאַרלאַנג: דאָס לעבן וועט זיין געראַטעוועט! נאָך אַלעמען באַשטייט דאָך די גאַנצע וועלט פון פיינע גוטע מענטשן. עס איז דאָך נאָר דאָ א יי ן ה י ט ל ע ר אויף דער וועלט! און דער ימח־שמו וועט דאָך בטל ומבוטל ווערן צווישן די אַלע גוטע און פרומע לענדער, צווישן די גוטע פריינד פון דער מענטשהייט. (אַזוי האָט מען דאָך דאַן געהאָפט).

קומען מידע, פון טויט־געראַטעוועטע, די ניי־געקומענע, אָנגעלאָדן מיט אוצרות וויסן, מיט פאַרשידענע טאַלאַנטן און פאַרמעגנס, זיי האָבן געפונען זייער חלום, זיי ווען דעם גוטן לאַנד, אָדער לענדער, איבערגעבן אַלע זייערע טייערע רעזערוון. זיי וועלן קאָנען זיין שטאָלץ מיט די גוטסקייטן און ווייזן דער גאַנצער וועלט: — זעט, דעם גרויסן געווינס וואָס זיי באַזיצן און וואָס די רוצחים האָבן נישט געוווסט ווי אָפּצושאַצן. יאָ, אַזוי האָבן זיך איינגערעדט די דאַן־שווימענדיקע געראַטעוועטע. זיי האָבן געשפינען חלומות, האָפענונגען, נאָר וואָס האָט זיך ליידער אויסגעלאָזן פון די חלומות?

טויב זענען געווען אַלע אויערן. פאַרשטיינערט זענען געווען אַלע הערצער. אויף זיבן שלעסער פאַרשלאָסן אַלע טויערן. די וואָגלער האָבן געבעטן און געוויינט. די ברידער אין די לענדער האָבן געבעטן, דעמאָנסטרירט, פּראָטעסטירט, געוואָלט מען זאָל כאָטש לאָזן שטיין די שיפן אין די וואַסערן ווי לאַנג עס וועט זיך נאָר לאָזן. האָט מען זיי געדראָט מיט זינקען די שיפן און שיסן אויף די שיפן פונקט ווי די פּוילישע אַנטיסעמיטן האָבן געטאָן, ווען זיי האָבן דערזען אַ ייד אין זייערע ד׳ אמות; אָנגערייצט אויף זיי זייערע בייזע הינט. אַזוי האָבן אויך די וועלט־באַשיינער געטאָן. דער דאָזיקער גרויזאַמער ביישפּיל האָט געגעבן דעם ריכטיקן סיגנאַל צו די דייטשיש רוצחים, ימח שמם.

די וואַסערן האָבן זיך געבייזערט און אָט די געדאַנקען האָבן נישט אָפּגעלאָזט.

מען דערנענטערט זיך — וואוּהין? צו וועמען?

*

כדי צו באַפרייען זיך פון די טראַכטעניש, האָב איך זיך געוואָלט מנחם זיין — עס איז אויפגעשווומען אַ בענקעניש, וואָס מיר אַלע האָבן דעמאָלט געפילט — אַז אַ גרויסע, היסטאָרישע געשעעניש דאַרף און מוז פּאַסירן. אונדזער אויסגעבענקטע אַלטע היים, אונדזער מוטער־ערד — ישראל, איז אונדז גרייט אויפצונעמען. אָבער דערווייל מוזן מיר גיין אַרום אונדזער היים מיט פינצטערע הינטערוועגן, — בגניבה.

מיר האָבן געוווסט, אַז דער „בוא יבוא היום"... איז נישט ווייט, עס פאָדערן זיך נאָך אַ ביסל געבורט־ווייען; נאָך אַ ביסל קרבנות; אונדזערע מידע און קראַנקע, וועלכע זוכן אַן אָפּרו־אָרט, אַ היים, האָבן גענוג קוראַזש זיך צו שטופּן דורך יעדער שפּאַרונע, גרייט אויף אַלעם, וויסנדיק אַז די הילף איז נישט ווייט.

אין מיין דמיון זע איך שוין די אויסגעלייזטע טייערע מוטער־ערד, דאָס שיינע בילד, די פרישע גרינקייטן אויף די אַלטע פאַרלאָזטע פעלדער, ווו זי איז גרייט צו לינדערן אונדזערע ליידן; ווי זי נעמט אונדז אויף מיט ליבשאַפט אין איר שויס — אונדז, אירע קראַנקע קינדער. זי נערט אונדז מיט אירע פולע מוטער־ברוסטן, מיט מילך און האָניק. די מחיהדיקע ווינט־לעך און די שאָטנס פון די יונגע וועלדער קילן אונדזערע בראַנדוווּנדן פון די קאַלך־אויוונס.

אָט שטעל איך מיר פאָר ווי די גוטע ישראל־זון דערוואַרעמט די אויס־געפרוירענע און מידע ביינער פון די ניי־געקומענע. איך הער די קלינגענ־דיקע געזאַנגען פון די קינדער, און פון יונגע מענטשן ביי דער אַרבעט אין די פעלדער און ביים בויען דאָס געזאַנג, וואָס וויגט איין מיט אַ זיסן שלאָף די אויסגעמאַטערטע; אַ שלאָף פון וועלכן מען שעפּט, ווי פון אַ קוואַל, געזונט און כוח, כדי צו קאָנען ווערן געטרייע קינדער צו אונדזער ליבער מוטער־ערד, צו קאָנען איר געטריי דינען אויף יעדן געביט.

אַזוי איינגעוויגט מיט די געדאַנקען בין איך דורכגעלעגן די לעצטע נאַכט אויף דער שיף. קיין שלאָף איז נישט געקומען.

*

מען האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר דערנענטערן זיך צום לאַנד. איך בין באַלד, ווי נאָר דער גרויער מאָרגן האָט זיך באַוויזן, אַרויף אויף דעם דעק פון דער שיף. דער טאָג איז געווען דער 22־טער אָקטאָבער 1946. איך האָב דערזען די ערשטע אָנזאָגער — די ים־פייגל, אַז דאָס לאַנד איז נישט ווייט. איך בין שוין נישט אָפּגעטראָטן. מיינע קינדער זענען אויך באַלד אַרויפגעקומען און מיר האָבן שוין דערזען לאַנד־קאָנטורן אין דער לופט.

די לופט־שלעסער פון דער גרויסער מעטראָפּאָליע — ניו־יאָרק אין דעם גרויסן לאַנד — אַמעריקע.

איך בין געשטאַנען מיט געמישטע געדאַנקען און געפילן און מיין גאַנצע נשמה האָט געבעטן איין גרויסע, הייליקע תפילה. אויף וואָס? איך האָב נישט געוווסט. אַ בענקשאַפט האָט מיך גענאָגט.

דאָ האָב איך פון דער ווייטנס דערזען די גרויסע און גוטע פרוי אויף איר אינדזל, די פרייהייט־סטאַטוע, און עס האָט מיך אַרומגענומען אַ רחמנות אויף איר. די זון האָט מיט גרויסע ליכטער זי באַלויכטן און עס האָט אָפּגע־שפּיגלט ווי מיט אמתדיקע פייער־פלאַמען, וואָס רייסן זיך און באַלייכטן דעם פינצטערן וועג פון די וואָגלער. די יידישע טאָכטער עמאַ לאַזאַרוס האָט מיט איר פּאָעמע געוואָלט אַריינבלאָזן אין דער שטיינערנער מוטער־פיגור אַ נשמה, לעבן און וואַרעמקייט, איז עס איר אָבער ליידער, נישט שטענדיק געלונגען.

פונקט ווי היינט איז זי אויף דעמאָלט געשטאַנען פאַרשטיינערט און פאַרשעמט. אויף דעם זעלבן וועג, ווו איך בין היינט, האָבן דאָך די אָרעמע פאַרצווייפלטע מענטשן געוויינט און געבעטן, געשפּרונגען פאַר־צווייפלט אין די וואַסערן אָן צו זען אַ ברעקל הילף אָדער רחמנות־געפיל. איז דער סימבאָל פון פרייהייט, געווען מיט די קרבנות?

פון מיינע טראַכטענישן האָט מיך אויפגעוועקט אַ צאַרטער באַריר:

— קום, עס איז שוין די צייט אַראָפּצוגיין פון שיף. ס'איז 12 בייטאָג.

מיט וואַקלענדיקע טריט בין איך אַרויף אויף דעם אַמעריקאַנישן באָדן; דערפילט די ערד אונטער מיינע פיס...

*

יאָרן זענען פאַרלאָפן מיט גאָר ווייניק טרייסט און נחמה. מיין האַרץ איז פול מיט ווייטיק און בענקעניש. איך זע אַ וועלט ווו עס איז פאַראַן אַזויפיל שלעכטס. די רשעים וועלכע האָבן אונדז געפייניקט, טויכן דאָ און דאָרטן אויף. מען האַלט נאָך אַלץ אין איין זוכן וועגן ווי אַזוי אונדז ווייי צו טאָן. ווי אַזוי אונדז צו פאַרטיליקן.

## און די זון האָט געשײַנט

איך וועל ביז צו מײַן לעצטן אָטעם־צוג בעטן און האָפֿן, אַז די וועלט זאָל אויסגעהײלט ווערן פֿון דעם האַס־משוגעת.

איך בין נישט אַלט, אָבער זייער, זייער מיד. און ווען מײַן לעצטע מינוט וועט קומען זיך צו שיידן פֿון דער קראַנקער וועלט וועל איך מיט מײַנע לעצטע כּוחות נאָך זאָגן:

— געדענקט און פֿאַרגעסט נישט! איך בעט אײַך — פֿאַרגעסט נישט!

# נאָכוואָרט

דאָ האָב איך מיך אָפּגעשטעלט — געקומען צו אַ ברעג...

די שורות, די קאַפּיטלעך, די זייטן זענען געשריבן געוואָרן שפּעטער ווי די געשעענישן זענען פּאַרלאָפן. מעגלעך, אַז זייער פיל פון זיי זענען ביי מיר אַרויסגעקומען צו בלאַס, צייט און סביבה האָבן אפשר פאַרווישט געוויסע שאַרפקייטן פון דעם וואָס איך, וואָס מיר, האָבן דורכגעלעבט, אויב דאָס איז געווען „לעבן". דער תוך איז אָבער געבליבן, ווייל עס איז נישטאָ דער כוח אין דער וועלט וואָס זאָל קאָנען אויסמעקן פון אונדזער געדעכעניש, פון אונדזער זכרון, פון אונדזער לייב־און־לעבן דאָס, וואָס מיר זענען דורכ־געגאַנגען.

איך האָב די שורות געשריבן שוין אין טעג ווען איך האָב דערלעבט נחת פון די קינדער, וועלכע זענען דורך מיר אָפּגעהיט, אויפגעהיט און אַרויסגע־פירט געוואָרן אין דער וועלט. איך ווייס, אַז איך בין זיכער פון די „גליק־לעכסטע" — ביי וועמען די השגחה האָט עפּעס יאָ איבערגעלאָזט נאָך דער נאַצישער פאַרטיליקונג. איך ווייס נישט וועמען דערפאַר דאַנקען. איך ווייס נישט די וועגן פון דער השגחה, פאַרוואָס עס איז דווקא אַזוי געשען מיט מיר — יעדנפאַלס די דאַנקבאַרקייט טראָג איך און וועל טראָגן ביזן סוף פון מיינע יאָרן.

איך דאַרף אָבער געבן אַן אויפקלערונג — וואָס מיינט דער נאָמען פון מיין בוך — און די זון האָט געשיינט...

די זון האָט אויבן געשיינט ווען מען האָט אונדז, גאָטס קינדער, געפּייניקט, פאַרטיליקט.

די זון האָט געשיינט, ווען די הייליקע יידישע קהילות זענען אויסגע־שאָכטן געוואָרן.

## און די זון האָט געשיינט

די זון האָט געשיינט, ווען די צאָן־קדשים פון אויסגעוויילטן פאָלק זענען אומגעקומען מיט די שוידערלעכסטע טויטן.

די גיפט־שטויבן פון די גאַז־קאַמערן און אין רויך־וואָלקנס פון די קרע־מאַטאָריומס האָבן נישט פאַרשטעלט דעם הימל — די זון האָט ווייטער געשיינט...

דאָס קאָן איך נישט פאַרגעסן, דאָס וועל איך נישט פאַרגעסן...

דאָס איז דעריבער דער טיטל פון מיינע ליידן און פיינען, דער טיטל פון מיינע יסורים און ווייטיקן — די יסורים פון אונדזער גאַנצן דור, פון אונדזער געפייניקט פאָלק — ווען די זון האָט געשיינט...

## ביז איצט דערשינענע ביכער אין פארלאג „המנורה":

אַנאַ פראַנק — **טאָגבוך פון אַ מיידל.**

ש. פראַנק — **טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ.**

באָריס פּאַסטערנאַק — **דאָקטאָר זשיוואַגאָ, 2 בענד.**

מ. מאַן — **דאָס הויז צווישן דערנער** (18 ישראל־נאָוועלן).

ראָבערט סענט דזשאָן — **דוד בן־גוריון** (לעבנסגעשיכטע פון אַן אומגעוויינ־לעכן מענטש).

מיכאל ווייכערט — **זכרונות, 1־טע טייל.**

מיכאל ווייכערט — **וואַרשע, זכרונות, 2־טע טייל.**

מיכאל ווייכערט — **יידישע אַליינהילף.**

מיכאל ווייכערט — *מלחמה 1945—1939*, **זכרונות, 3־טע טייל.**

אַנדרעי שוואַרץ־באַרט — **דער לעצטער פון די צדיקים.**

שלמה שנהוד — **מיט חלום איבער תהום,** לידער.

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן — **מיינע הונדערט קינדער,** מיט אַ פאָרוואָרט פון רחל ינאית בן־צבי — ישראל־פרעזידענטס פרוי.

אבא גאָרדין — **שלמה המלך,** היסטאָרישער ראָמאַן.

אבא גאָרדין — **משה,** זיין לעבן און לערע.

משה וויטיעס — **מסות על ספרות** (עסייען וועגן ליטעראַטור) — העברעיש.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו — **פרי־גני (פירות פון מיין גאָרטן),** (לידער אין העברעיש).

ד"ר יעקב צינעמאַן — **עמיל זאָלאַ,** אַ לעבן פון אַ שרייבער און קעמפער (פרעמירט דורך אַדאָלף־ניומאַן פאָנד).

מ. צאַנין — **תל־עולם.** מסע על פני 100 קהילות נחרבות. (העברעיש).

אברהם קריב — **ליטא מכורתי — מיין היימלאַנד ליטע.** עברית־יידיש.

יחזקאל בראָנשטיין — **פון אייגן הויז.** עסייען און שרייבער, וואָס איך האָב געקענט.

יחזקאל בראָנשטיין — **אין פרדס פון יידיש.** עסייען.

מאיר זימל טקאַטש — **מיין האָב און גאָב.** געזאַמלטע פערזן. **2־טער באַנד.**

פיאָטער ראַוויטש — **דם השמים.** פון פראַנצויזיש (העברעיש).

רחל אוירבך — **מרד גיטו וארשה** (העברעיש).

דב שילאַנסקי — **מוזלמאַן** (ענגליש).

הרב אברהם העפטערמאַן — **אַזוי לעבן יידן.** רבנים, ראַבאַיס און סתם־יידן אין אַמעריקאַנער כתרילעווקע.

י. גאָלדקאָרן — **פון וועלט־קוואַל.** קליינע עסייען וועגן גרויסע מענטשן.

י. גאָלדקאָרן — **לאָדזשער פּאָרטרעטן.** אומגעקומענע שרייבער.

א. בוסתן — **חיים ווייצמאַן.** לעבן און ווערק.

יעקב זינגער — **דער יונגער דזשייקאָבס.** ראָמאַן.

ד״ר ח. שאָשקעס — **מיט יידן אין ווייטע לענדער.**

ד״ר ח. שאָשקעס — **עולם ומלואו של ר׳ חיים** (העברעיש).

א. גאָפּלאַט — **געשטויגן און געפלויגן.** ישראל אויף פריילעך.

ד״ר י. הרציג — **נדודי במלחמה ויאסלו עירי.** (העברעיש).

ספר יזכור — **קוסוב** (הוצולסקי). (יידיש־עברית).

י. זשעמיאַן — **די פּאַפּיראָסן־הענדלער פון פּלאַץ דריי קרייצן.**

ב. אפשטיין — **בערבות הפּאמפּה** (העברעיש).

יוסף גאַר — **אַזוי איז עס געשען אין ליטע.**

ש. ראָזענבערג — **שבתי צבי.** היסטאָרישער ראָמאַן.

ז. בונין — **פון פרילינג ביז האַרבסט.** לידער און פּאָעמען.

מלכה חפץ טוזמאַן — **שאָטנס פון געדענקען.** לידער.

ב. פערדערבער־זאַלץ — **און די זון האָט געשיינט.**

## ביכער אין דרוק:

ש. י. עגנון — **פון דאַנען און פון דאָרטן.** 7 סיפּורים און נאָך איינער.

א. בייזער — **פיר זענען זיי געווען.** ראָמאַן.

אפרים קאַגאַנאָווסקי — **אַ טונקעלע דירה.** דערציילונג.

ל. קוסמאַן — **בלעטער רוישן.** לידער.

י. כהן — **אין פלאַם פון דאָרן.** לידער.

י. גלבוע — **העברעישער ספרים־שאַנק.**

הרב הוברבנד — **קידוש השם בימי השואה.**

מ. באַלבערישקי — **שטאַרקער פון אייזן.**

## צענטראַלע פאַרשפּרייטונג פאַר דער גאַנצער וועלט פון:

ש. אַש — **דער נביא.**

מ. צאַנין — **פולער העברעיש־יידישער ווערטערבוך, 2 בענדער.**

מ. צאַנין — **שבתדיקע שמועסן.**

יצחק גרינבוים — **פון מיין דור.**

יהושע שלייען — **איינער האָט זיך געראַטעוועט.**

ז. שניאור — **די משומדתטע.**

לאָרד ראַסעל — **די בייטש פון האַקנקרייץ.**

אַלמאַאַנך **פון די יידישע שרייבער אין ישראל, 1963.**

יוסף שטשאַווינסקי — **אונטער איין דאַך.** דערציילונגען.